



דער ייִדישער טעאַטער פֿון ייִסראַעל האָט אין דעקאַבער פאַריקס יאָר געהאַט גאַסטראָלן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. אױף די פאָטאָס סצענעס פונעם ספּעקטאַקל „200000".

פאָטאָ — א.. סאַרקין

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פֿון שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון פֿססר

דערשײַנט פֿון 1961

פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע



פֿעברואַל



1991

# אינהאלט




**הויפּט־רעדאקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער, ש. גאָרדאָן,

ט. גען, ב. מאָגילנער,

וו. מאָשטשענקאָ,

כ. מעלאמוד, ב. סאנדלער,

ה. פּאָליאנקער, ע. פאגעל,

ג. עסטרײַך
**(פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר),**

י. שרײַבמאן

באָריס סאַנדלער

# ליים און לייַב

ראָמאַן

## • ערשטער טייל •

איין כאַדאָש טאַכאַס האשעמעש — ניטאָ קיין נײַס אונטער דער זון.

### קאַפּיטל איינס

1

ס׳איז שוין געווען אַרום פֿיר אַזייגער באַטאָג, בײַס סעראַפֿים קירילאָוו האָט זיך אומגעקערט פֿון דובאָסאַר אהיים, אין זײַן דאָרף אוסטיע, וואָס געפֿינט זיך אַנטקעגן, אויפֿן אַנדערן ברעג פֿונעם ד׳ניעסטער.

ער איז געזעסן אויפֿן וואָגן, דער פֿעלץ צעכראַסטעט, די הויכע שפּיצנע קוטשמע אַראָפּגערוקט טיף אויפֿן שטערן. אינעם וואָגן האָט פֿון אַ קופּע שטרוי אַרויסגעקוקט אַ קײַלעכיק בײַכל פֿון אַ קליין פֿעסעלע. די לעצטע טראָפּנס ווײַן האָט סעראַפֿים אויסגעצאַפּט מיט אַ פּאָר ווײַלעס צוריק. אַ מענטש האָט זיך אים באַגעגנט אויפֿן וועג, אַ מענטש מיט אַ שווערן זאַק אויפֿן רוקן. דערזען אים, האָט סעראַפֿים זיך זייער דערפֿרייט, כאָטש געזען האָט ער אים דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. פֿרעגט איצט סעראַפֿימען, וויאַזוי הייסט ער, יענער מענטש, ווייסט ער ניט. צוריק גערעדט, צוליב אויסטרינקען מיט אַ גוטן מענטשן אַ ביסעלע ווײַן איז גאָר ניט וויכטיק צו וויסן, וויאַזוי יענער הייסט. דערצו נאָך אין אַזאַ טאָג, ווי דער הײַנטיקער!

זײַן האַרץ האָט אויסגעפּויקט אַצינד אַ פֿרײַלעכן „זשאָק“, און די פֿיס זײַנע האָבן אונטערגעטופּעט צום טאַקט. יעדעס מאָל האָט זיך פֿון סעראַפֿימען אַרויסגעריסן אַזאַ העפֿקערדיקער „אהאָו!.. אהאָו!“ — בעשאַסן שרײַען האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פֿונעם קאָפּ די קוטשמע זײַנע און אַ טרייסל געטאָן מיט איר אינדערלופֿטן: „אהאָו! אהאָו־ו־יו!..“

די געלע שקאַפּע האָט זיך פֿריילעך געטראָגן איבער די שמאָלע הינטערגעסלעך, דערבײַ כניפּעדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי פֿאַטאַקעוועט דעם שיקערלעכן באַלעבאָס: „טאַקע, טאַקע יאָ אַ פֿריידי!“

אַ פֿרייד? הײַנט איז בא סעראַפֿים קירילאָוון אַ גאַנצע סימכע! דאַנקען גאָט, נאָך פֿיר טעכטער האָט ער זיך ענדלעך דערוואַרט אויף אַ זון. מיינט ניט, כאָלילע, אַז סעראַפֿים האָט ניט ליב זײַנע פֿיר מיידעלעך, אַ זון אָבער בלײַבט אַ זון. אײַ, גלײַך האָט ער געטאָן, וואָס ער האָט ניט געפֿאָלגט זײַן ווײַב און זי געבראַכט צו פֿירן קיין דובאָסאַר, האַלעוואַי וואָלט ער עס געטאָן נאָך מיט זעקס יאָר צוריק, ווען זײַן מאַריִע האָט געהאַט דאָס ערשטע מיידעלע. די באָבע יעוודאָקיִע האָט טאַקע אַ גרינגע האַנט, און אויג אָבער האָט זי, אַפּאָנעם, אַ בייזס.

פיר קינדער גענומען בא זײַן ווײַב, און אַלע פיר — מיידעלעך. דאָס גאַנצע דאָרף לאַכט שוין פון אים: „מעי, סעראַפימוליע! עפּשער האָט זי עפּעס צו דיר, די אַלטע קאַלדוניע, האַ?״

דאָס מאָל האָט ער באַשטימט בא זיך פעסט: ווי נאָר עס קומט די צײַט, פירט ער מאַריִען אוועק קיין דובאָסאַר אין שפּיטאָל. לאָזן־זיי שוין דאָרט, די גראַמאַטנע דאָקטוירים, טאָן עפּעס. סאָפּקאָלסאָף, וויפל איז דער שיר?! ס׳איז ווי א פאַרשאָלטענע זאַך. און אַט הײַנט אינדערפרי, ס׳איז נאָך געווען פינצטער אין דרויסן, האָבן זיך בא מאַריִען אָנגעהויבן די ווייען. לאַנג ניט געטראַכט, האָט סעראַפּים אײַנגעשפּאַנט זײַן גאָלע, אַרײַנגעוואָרפן אין וואָגן א זאַק מיט שטרוי, פון אויבן אַרופגעזעצט דאָס ווײַב און „וויאָ, פערדעלע!..״. פּונקט צוועלף אזייגער באַטאָג איז סעראַפּים קירילאָוו געוואָרן א טאַטע פון א זון.

איצט וועט ער די אוסטיער לייצים פאַרמאַכן דעם פּיסק. וואָס איז שײַך דער באָבע יעוודאָקיִע, דער וורעדנע קאַלדוניע, וועט ער זי דערטרינקען אין א פאַס מיט ווײַן.

„אַהאָו! אַהאָו־ו דע אַנול נאָו!..״ („אַהאָו! אַהאָו מיטן נײַעם יאָר!״) — אַזוי פלעגן זיי שרײַען, די כעוורעלײַט, און קאַליאַדעווען איבערן דאָרף אָף ראַזשדעסטוואָ. אײַ איז דאָס געווען פריילעך! איינער, אַשטייגער, האָט אָנגעטאָן דעם טאַטנס טולופּ אָף דער לינקער זײַט, פאַרשטעלט זיך, הייסט עס, ווי א בער. א צווייטער האָט זיך אויסגעפּוצט ווי א טערק — אפן קאָפּ א טיורבאַן, און אָף דער זײַט פלאָנטערט זיך א קרומע סאַבליע צווישן די פיס. א דריטער איז אומגעגאַנגען מיט א לאַנגן שטעקן אין דער האַנט און אויבן אפן שטעקן האָט געשטעקט א צאַפּן־קאָפּ, געמאַכט פון אַלטע שמאַטעס, נאָר מיט עמעסע פאַרדרייטע הערנער און מיט אַן עמעס שפּיציק בערדל. אַלע זינגען, שרײַען, טאַנצן, די גלעקלעך קלינגען, דער „בוהײַ״[1] ברומט, ווי א בער... עס טראָגט זיך איבערן גאַנצן דאָרף: „מיר וואָלטן נאָך קאַליאַדעוועט, מיר האָבן אָבער מוירע, אַז ס׳וועט ווערן פינצטער, מיר זײַנען ניט קיין היגע, מיר זײַנען פונעם דערפל כירצאַ־פּירצאַ, וווּ מע קאָכט א מאַמעליגע אַזוי די גרייס ווי א נוס, און אויב עמעצער פאַרלירט כאָטש א ברעקל, כאַפּט ער באַלד א קלאַפּ איבערן קאָפּ מיט א שײַטל האָלץ...״. אומדערוואַרט לויפט אַרויס פון א ליקל א מיידל — דאָס פּאָנעם פלאַמט בא איר סײַ פון פראָסט, סײַ פון געזונט. די כעוורע רינגלען זי באַלד אַרום, און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די עמעסע קאַליאַדקע: מע קיצלט זי, מע קושט זי, מע טאַפּט זי פון אַלע זײַטן, יענע פּישטשעט אַזש — אײַ, געפעלט איר עס ניט!..

דעם וואָגן האָט א טרייסל געטאָן. סעראַפּים האָט זיך אופגעכאַפּט. לאָזט זיך אויס, ער האָט געכאַפּט א דרעמל. דער ווײַן פונעם פעסעלע האָט געגעבן וועגן זיך צו וויסן. נישקאָשע, גלײַך האָט ער געטאָן, וואָס ער האָט עס פאַרכאַפּט מיט זיך. דערפאַר אָבער האָבן אַלע, ווער ס׳איז געווען אינעם שפּיטאָל־הויף, פאַרזוכט זײַן ווײַן און צוגעווינטשעוועט דעם ערשט געבוירענעם זון זײַנעם „סעקרעשט מאַרע״ — ער זאָל אופוואַקסן א גרויסער און א געזונטער. א מאָלדאַוואַן, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַרײַן אָן א טראָפּן ווײַן, איז ניט קיין מאָלדאַוואַן... פונדערווײַטנס האָט זיך דערהערט א הינטיש בילערײַ. ווּהין זשע איז ער פאַרפאָרן, סעראַפּים? אַהאַ. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די סעדער. איז ער שוין, הייסט עס, אַרויסגעפאָרן פונעם שטעטל. אָף זײַן געלער שקאַפּע קאָן ער זיך פאַרלאָזן. אָט זעט זיך שוין אונטן דער אַריבערפאָר. דאָ איז דער טײַך שמעלער און דאָס אײַז שטאַרקער. איידער ער וועט זיך אָבער אַראָפּלאָזן אַהין, מוז ער זיך אָף א פּאָר מינוט אָפּשטעלן. עפּעס בורטשעט אים זייער אין בויך.

סעראַפּים האָט גענומען א ביסל אָף רעכטס, דער וואָגן זאָל ניט פאַרשטעלן דעם וועג, און אָנגעצויגן די לייצעס: „טר־ר־ר!״. אַראָפּגעקראָכן פונעם וואָגן, האָט ער גרינג א פּאַטש געטאָן די שקאַפּע איבערן מאָגערן קרופּ, ווי געוואָלט דערמיט זאָגן: „אָט וועלן מיר זיך אומקערן אַהיים, גיב איך דיר אָן איבעריקע פּאָרציע האָבער. האָסט עס הײַנט ערלעך פאַרדינט בא מיר״. דערנאָך האָט ער זיך א רעגע אײַנגעקוקט צווישן די ביימער. דערזען א גע־

[1] בוהײַ (מאָלד.) — א מאָלדאַווישער פאָלקס־אינסטרומענט.

דיכט קוסטל, האָט ער זיך צו דעם א לאָז געטאָן, צעוויקלענדיק דעם רויטן קושאַק אפֿן בויך.

שוין זיצנדיק הינטערן קוסטל, האָט סעראפֿים דערזען א שווארצן לעבעדיקן פֿלעק אפֿן שניי: א טשאַטע וואראָנעס און סאראָקעס האָבן זיך געפֿאָרפֿלט אינעם ווייַטן ווינקל פֿונעם סאָד. זיי האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, געשטופּט, געטריבן איינע די אנדערע... (שפּעטער האָט סעראפֿים בעשום-אופֿן ניט געקאָנט פֿארשטיין, וואָס פֿלוצעם איז ער צו דעם אָרט צוגעגאנגען? וואָס פֿאר א ניט-גוטער קויעך האָט אים אהין א שטופּ געטאָן?)

צוהאַלטנדיק מיט בײַדע הענט די הויזן זײַנע, האָט סעראפֿים זיך דערנעענטערט צו דער טשאַטע. דאָס פֿארפֿרוירענע אייבערשטע הײַטעלע שניי האָט זיך געקרישלט אונטער די פֿיס, און די פֿייגל, דערהערנדיק פֿרעמדע טריט, האָבן מיטאמאָל אופֿגערודערט. א טייל איז ארופֿגעפֿלויגן אף די ביימער, זיך אויסגעזעצט אפֿן פֿלויטל פֿון איבערגעפֿלאָכטענע דרענגלעך, אנדערע, די סאַמע פֿרעכע, האָבן זיך געשאַרט מיט א זײַטל, געוואָרפֿן אפֿן מענטשן קאָסע ניט-צופֿרידענע בליקן.

דאָס בילד, וואָס סעראפֿים האָט דערזען, איז אים נאָכגעגאנגען דערנאָך ביזן טויט. און טאָמיד, בייס ער פֿלעגט זיך אין דעם דערמאָנען, האָט ער זיך באלד אָנגעכאַפּט פֿאר די הויזן, גלײַך ווי מוירע געהאַט, אז אָט פֿארלירט ער זיי.

גלײַך באַם פֿלויטל איז לעבן א ברייטן פֿניאַק געלעגן אף א זײַט, אויסגעדרייט מיטן קאָפּ צו סעראפֿימען, א מעס. אלץ ארום דעם טויטן און זײַן קערפּער אליין איז געווען דורכויס פֿארגאָסן מיט בלוט.

סעראפֿים איז געשטאנען, ווי אַן אײַנגעפֿרוירענע אין דער ערד סטראשידלע. ער האָט אפֿילע ניט געפֿילט, ווי די פֿינגער האָבן זיך כּא אים צעגומען, און ער איז געבליבן שטיין אין די הוילע ווײַסע גאַטקעס...

וויאזוי ער איז צו צום וואָגן און דערנאָך אריבערגעפֿאָרן איבערן דניעסטער, געדענקט סעראפֿים ניט. ער איז געקומען צו-זיך שוין אפֿן אנדערן ברעג, ווען זײַן שקאַפּע האָט זיך מיטאמאָל אליין אָפּגעשטעלט, ווי געוואָלט דערמיט פֿרעגן: „נו, סעראפֿים, וואָס זשע טוען מיר ווייַטער?” דאָ איז צו אים דערגאנגען, אז אף יענער זײַט דניעסטער איז געשען א שוידערלעכע זאך, אז גלאַט אזוי זיך אומקערן אהיים טאָר ער ניט — ער מוז וועגן דעם דער-זעענעם אין סאָד עמעצן דערציילן. וועמען און ווו, האָט סעראפֿים זיך נאָך קלאָר ניט פֿאָר-געשטעלט. יעדנפֿאלס, האָט ער אויסגעקערעוועט דעם דישעל און זיך געלאָזט צוריק קיין דובאָסאַר.

## 2

דאָס אלץ איז געשען דעם 13-טן פֿעוורואַל 1903. דעם נײַנטן פֿעוורואַל, זונטיק, איז באַם דובאָסאַרער טוישעוו קאָנאָן ריבאַטשענקאַ פֿארפֿאלן געוואָרן דאָס פֿערצניאָריקע איי-ניקל זײַנס מיכאיל ריבאַטשענקאָ.

מיכאילס פֿאָטער איז אומגעקומען מיט א יאָר צען צוריק, די מוטער האָט איצט גע-ווױנט מיט איר צווייטן מאַן אינעם שטעטל גריגאָריאָפּאָל — אכטן ווערסט פֿון דובאָסאַר, — אזוי אז מישע האָט זיך דערצויגן באַ זײַן זיידן מיט דער באָבען פֿון פֿיצלעכווײַז אָן.

קאָנאָן ריבאַטשענקאָס געהייפֿל האָט זיך געפֿונען אין דער מאַהאַלאַ „גרויסער פֿאָנ-טאָן”. אין דער שטוב, טיף ארײַנגערוקט אין הויף, האָט, כּוץ דעם אלטן קאָנאָנען מיט זײַן ווײַב יעליזאַוועטע, געוווינט אויך דאָס עלטערע אייניקל איוואַן טימאָשטשוק — א טיפּע-שעוואַטער יונגערמאַן פֿון צוויי און צוואנציק יאָר, דערצו נאָך א טויבלעכער, מיט א פֿול מויל קלאָטשע. איוואַן, ווי אויך דאָס שוועסטערקינדל זײַנס מיכאיל, איז געווען א יאָסעם און איז אויך אופֿגעוואַקסן באַם זיידן מיט דער באָבען. אויב איוואַנען האָבן זיי ליב געהאַט מער פֿאר ראַכמאָנעס, האָבן די אלטע ארײַנגעלייגט אין מישען דעם גאנצן כּיעס, די גאנצע נעשאָמע. נאָך מער: קאָנאָן ריבאַטשענקאָ האָט זיך אפֿילע געקליבן אדאָפּטירן מישען פֿאר

א זון. מישעס מוטער איז אוואדע ניט געווען קעגן. וואָס קאָן זי זײַן קעגן, אז דעם זון אירן וועט נאָכן זיידנס טויט איבערבלײַבן א גאנץ פארמעגן: דאָס געהייפל זײַנס פון צוויי מיט א האלבן דעסיאטין ערד, דער ווײַנגאָרטן, דער סאָד. קאָנאָן איז שוין דאָ ניט לאנג, נאָך ראָזשדעסטוואָ, ארײַנגעגאנגען צום נאָטאריוס, זיך אָנגעפרעגט בא אים, וואָס פאר א פאַפירן ער דארף צושטעלן צוליב דעם. ער האָט דערפון ניט געמאכט קיין סאָד. אלע זײַנע שכיינים האָבן וועגן ד׳עם געוווּסט.

אוואדע וועט ער איוואנען אויך ניט באליידיקן — א פאס ערד פון פינף און צוואנציק סאזשען אין דער ברייט וועט ער אים, פארשטייט זיך, איבערלאָזן. דאָס שטיק ערד האָט קאָנאָן אמאָל ארויסגעטיילט דער פארשטאָרבענער טאָכטער, בייס יענע האָט כאסענע געהאט פאר איוואנס פאָטער, מיכאיל טימאָשטשוקן. נאָך איר טויט איז טימאָשטשוק געוואָרן אַיוואנס אָפּעקון. אינגיכן האָט ער אָבער ווידער כאסענע געהאט און אָנגעהויבן לעבן מיט זײַן צווייט ווײַב א פולע שטוב מיט שעדלעך. געוווינט האָט ער אויך דאָ, אין קאָנאָנס געהייפל, אינעם זעלבן שטיבל, וואָס זיי ביידע, דער שווער מיטן איידעם, האָבן בעשוטפעס אופגעבויט, בייס קאָנאָנס טאָכטער האָט נאָך געלעבט. פאר די פופצן יאָר, זינט זי איז געשטאָרבן, האָט טימאָשטשוק זיך אזוי צוגעוווינט צו דעם געדאנק, אז די שטוב און די ערד ארום דער שטוב געהערט נאָר אים, אז ער האָט זיך געהאלטן דאָ ווי אן איך־און־איינציקער באלעבאָס.

פאראיאָרן האָט איוואן כאסענע געהאט. האָט זיך צווישן דעם זון און דעם פאָטער אָנגעהויבן א קריגערײַ. דער זון האָט געפאָדערט, אז דער פאָטער זאָל זיך ארויסציִען פון דער שטוב, וואָרעם נאָר ער, איוואן, האָט אף דער שטוב אלע רעכט. דער עלטערער טימאָשטשוק האָט, פארשטייט זיך, ניט געוואָלט אפילע וועגן דעם הערן; ווייניק קויעך האָט עס בא אים צוגענומען, דאָס שטיקל ערד? ווייניק שוויס האָט ער אף דעם פארגאָסן? זאָל ער, הייסט עס, אצינד נעמען און דאָס אלץ אָפּגעבן דעם טיפּעש מיט זײַן נעוויילע און אליין בלײַבן אין דרויסן מיטן ווײַב און מיט פינף קינדערלעך?! א קרענק וועט ער אים געבן! און דער אלטער קאָנאָן דרייט אים נאָך אונטער: „דו, איוואן, ביסט דאָ דער עמעסער באלעבאָס! דאָס איז דײַן מאמעס ירושע!“

א וואָרט אהין, א וואָרט אהער, אין איינעם א טאָג האָט זיך דער גאנצער סיכסעך איבער דער שטוב פארענדיקט מיט א מאכלויקעס. מיכאיל טימאָשטשוקס ווײַבל, א היציקע מאָלדאוואנקע, האָט אָפּגערוקט דעם מאן אין א זײַט, צונויפגעפלאָכטן פון דרײַ פינגער א „קרילעטשל“, צוגעשפּיגן פון אויבן און עס אונטערגעטראָגן דעם יונגן פּאָרפאָלק.

— נאט אײַך! — האָט זי צוגעווינטשעוועט, — צעטיילט דאָס צווישן זיך און ווערט ביידע ז׳ערוואָרגן!

איוואן, וואָס האָט ביכלאל א סאך ניט געדארפט, קעדיי זיך באלד אָנצינדן און אופהערן צו פארשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט אים, האָט אויסגעטראשטשעט די צוויי אויגן און מיט א טעמפּן געברום זיך ארופגעוואָרפן אף דער שטיפמוטער. דער פאָטער האָט איבערגעכאפּט זײַן האנט, מיט קויעך א שלעפּ געטאָן צו זיך און א בוצקע געטאָן דעם זון אין פּאָנעם ארײַן. אף א ווײַלע איז איוואן פארשטומט געוואָרן. פון דער צענערעקטער נאָז האָט אָנגעהייבן טריפן בלוט. איוואן האָט זיך ראכמאָנעסדיק צעכליפּעט. צעשמירט דאָס בלוט איבערן פּאָנעם, האָט ער אופגעהויבן פון דער ערד די קוטשמע זײַנע און, וואקלענדיק זיך, געלאָזט צום זיידנס שטוב. דאָס יונג ווײַבעלע זײַנס, אן אָנגעשראָקענע, האָט זיך אוועקגעשלעפּט נאָך אים.

אפן אנדערן טאָג האָט איוואן טימאָשטשוק איבערגעלאָזט באם שטאָטישן ריכטער א פּאַפּיר, ווו ער האָט געפאָדערט, אז זײַן פאָטער, מיכאיל טימאָשטשוק, זאָל אין מעשעך פון דרײַ טעג באפרײַען די שטוב און אויסצאָלן אים, איוואן טימאָשטשוקן, ארענדע־געלט פאר אלע פופצן יאָר, וואָס יענער האָט דאָרט געוווינט. דערווײַל אָבער, ביז דער ריכטער וועט אָנעמען א באשלוס, איז איוואן פארבליבן מיטן ווײַב בא די אלטע.

אין יענעם זונטיק, דעם 9־טן פעווראל, האָט קאָנאָן ריבאַמשענקאָ אײנײנעם מיטן גאַנצן הויזגעזינדל זיך געלאָזט גאַנצפרי קײן דובאָסאַר·אין קלויסטער אַרײַן פּראַווען די „זאַוטרע־ניא״. שוין באַם אַרויסגײן פון דער שטוב האָט די באָבע יעליזאַוועטע אַרײַנגעלײגט מישען אין קעשענע פון זײַן פּאַלטאָכל פיר ניס. וואַרפנדיק אַפן אַלטן קורצע בליקן, האָט זי דערלאַנגט דעם אײניקל נאָך צווײ קאָפּיקעס און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— נאַ, באַהאַלט זײ, דער זײדע זאָל ניט זען. וועסט זיך שפּעטער עפּעס קויפן אין מאַרק.

און דאָך האָט קאָנאָן עס באַמערקט.

— אײַ, באַלעוועסטו אים! — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן זיך אין דער באָרד אַרײַן. — אַלץ זעט ער און אַלץ הערט ער.

קאָנאָן ריבאַטשענקאָ האָט שוין צעביטן די אַכציקער, אויסגעזען האָט ער אָבער ײַנגער פון זײַנע יאָרן. אַ מיטלוווּקסיקער, אַ ברײטבײנערדיקער, מיט אַן אָפן פּאָנעם פון אַ פּויער, די נאָז אַ ביסל צוגעפּלעטשט, מיט פלײשיקע נאָזלעכלעך. די גאַנצע ווירטשאַפט האָט ער געהאַלטן אין זײַן אײַזערנער פויסט. נאָך אין דער יוגנט, בײס די כעוורע פלעגן זיך צונויפגײן צום דניעסטער און זיך אויסשטעלן אַ וועגטל קעגן אַ וועגטל, אַ מאַהאַלאַ קעגן אַ מאַהאַלאַ, האָט ניט אײן באָכערעץ פאַרזוכט זײַנע פויסטן. דאָס קאַזאַקישע בלוט האָט געשפּילט אין אים. דער פאָטער זײַנער האָט זיך באַזעצט אין די ערטער נאָך מיט לאַנגע יאָרן צוריק, אינגיכן נאָך דער מילכאָמע מיט נאַפּאָלעאָנען.

כאַסענע האָבן האָט קאָנאָן זיך ניט געאײַלט. אָפּגעשפּאָרט באַם אָנהײב אַ ביסל געלט, צונויפגעלײגט זיך אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, אַ קערבל צו אַ קערבל. געטעסעוועט שטײנער אַפן קאַריער, צוגעאַרבעט אַף דער מיל, געשניטן טוטין, געבויגן די פּלײצע אין פרעמדע ווײַנגערטנער. אין דער עלטער פון פיר און דרײַסיק יאָר איז ער ענדלעך מעזאַגעוו געווען מיט ליזאַוועטען. דעמלט נאָך גאָר אַ יונגיטשקע, ײַנגער פון אים אַף קנאַפּע נײַנצן יאָר, איז ליזאַוועטע געווען אַן אײן־און־אײנציק טעכטערל בא איר טאַטע־מאַמע. אַ דינינקע און אַ שוואַכע, האָט זי זיך ווינציק־וואָס אויסגעטויגט צו דער פּויערשער אַרבעט. און אַרבעט איז געווען ביז אַרויף און נאָך אַף אַזויפיל. דאָס שטיקל ערד, וואָס קאָנאָן האָט געקויפט בא אײנעם אַ דײַטש פון די קאָלאָניסטן אַף ליזאַוועטעס נאַדן און אַף דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט, האָט אַוואַדע געפאָדערט אַ סאַך בלוט און שוויס. ער אַלײן, קאָנאָן ריבאַטשענקאָ, מיט זײַנע אָדערדיקע הענט, מיט זײַנע אײַזערנע פויסטן האָט פון קאַיאָר ביז באַנאַכט געבויגן דעם קריזש, צונויפגעקלאַפּט זײַן באַלעבאַטישקײַט, און צעטרענצלען עס וועט ער קײנעם ניט לאָזן, קאָלזמאַן ער שטײט אַף דער ערד...

אַראָפּגעלאָזט דעם הונט פון דער קײט, האָט קאָנאָן פאַרשפּאַרט דעם טויער אַף אַ שלאָס און ניט־אײַלנדיק אָנגעיאָגט זײַנע הויזלײַט. פון דער מאַהאַלאַ ביזן קלויסטער איז גײן דרײַ ווערסט. אין דובאָסאַר זײַנען זײ אַרײַנגעקומען אַלע אײנײנעם: קאָנאָן מיט יעליזאַוועטען, מישע און איוואַן מיט זײַן ווײַבל מאַרוסיע. דאָ האָבן זײ זיך צעטײלט: דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט פאַרקערעוועט אַף לינקס, זיך געלאָזט צום גריכישן קלויסטער, און די אַלטע לײַט מיט מישען זײַנען זיך געגאַנגען ווײַטער צום קאַטעדראַלן סאָבאָר.

אינגיכן איז צו זײ צוגעשטאַנען מישעס אַ פרײַנטל, גרישע קאַזימיראָוו...

(אַפן אַנדערן טאָג וועט אָט דער גרישע קאַזימיראָוו דערצײלן אַ מײַסע, אַז ער און מישע זײַנען צום קלויסטער ניט דערגאַנגען, אַז אין אָנהײב ליקל, וואָס טײלט אָפּ דעם אַלטן מאַרק פונעם נײַעם, האָבן זײ זיך אָפּגעשטעלט בא ליובקעס הײַזל. ליובקע — אַזוי רופט מען פעסיע קאַגאַן; פון מאָל צו מאָל פאַרקויפט זי די ײַנגלעך בילקן טוטין — פאַרמאַטור. כוץ טוטין, האָט מען בא ליובקען אויך געקאָנט קריגן אַ ביליקע פּאַרציע ליבע. אָט טאַקע צו איר האָט זיך, לויט גרישעס ווערטער, אַרײַנגעכאַפּט מישע ריבאַטשענקאָ. גרישע אַלײן האָט צו ליובקען ניט געוואָלט גײן, ער איז אַוועקגעלאָפן, זאָגט ער, אין מאַרק. די דאָזיקע מײַסע איז אָבער געווען ניט מער ווי אַ ײַנגלשע פּלאָפּלערײַ, וואָס האָט געקיצלט

דעם אויער בא די כעוורעלײַט פֿון „גרויסן פֿאַנטאָן". מישעס באַבע האָט זיך געשווירן, אַז די שוועל פֿונעם קלויסטער האָבן זיי איבערגעטראָטן אַלע דרײַ: קאַנאַן, דאָס אייניקל און זי. נאָר אין קלויסטער האָט זי מישען ארויסגעלאָזט פֿונעם אויג. און דאָך האָט גרישע קאַזי־מיראָווס פּלאַפּלערײַ געשפּילט אין א געוויסער מאָס איר ראָליע אין די ווײַטערדיקע גע־שעענישן).

אין יענעם זונטיק, אינגיכן נאָך דער „זאָוטרעניא", האָט מען אויך געפּראַוועט די „אָבע־דניא". געוויינלעך שיט דער אוילעם זיך ארויס בײַסן איבערײַס צווישן דער ערשטער און דער צווייטער טפילע אין קלויסטער־הויף. מע נעמט זיך צונויף אין רעדלעך, מע וואַרפֿט זיך איבער מיט א פּאָר ווערטער, מע טיילט זיך איינער מיטן אנדערן מיט די לעצטע נײַס. איי־ניקע באַווײַזן נאָך אַרײַנלויפֿן אין מאַרק, וואָס געפֿינט זיך ניט ווײַט פֿונעם קלויסטער, עפּעס אײַנקויפֿן, זיך נאָכפֿרעגן מיקויעך דער פּרײַז. די זאָרג און באַרג לאָזן דעם מענטשן ניט אָפּ אפֿילע אין דער קורצער האַפּסאַקע צווישן דעם הימלשן און ערדישן, דעם גאָט — זײַנס, דעם מענטשן — זײַנס. און די קינדער האָבן זיך אויך אין זינען — זייערס. ווי נאָר עס האָט זיך פֿאַרענדיקט די „זאָוטרעניא", זײַנען זיי באַלד ארויסגעפֿלויגן אויף דער פֿרײַ און — הײַדא אַלע אינאיינעם אָפּן טײַך זיך גליטשן.

פֿונעם קאַטעדראַלן סאָבאָר ביזן דניעסטער איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. עמעס, מע קאָן אהינצו טרעפֿן אי דורכן ריוו, ווו די אָפּפֿלייץ־וואַסערן רינען אַראָפּ פֿונעם שטעטל צום טײַך, אי דורכן פּאַראַמער ליקל, וואָס שפּאַרט זיך אָן מיט איין עק אין די סעדער, און מיטן אנדערן עק — אינעם אריבערפֿאָר.

וועסנע צעבליִען זיך דאָ די סעדער אזוי פּרעכטיק, אזוי שיין — יעדער בוים האָט זיך זײַן באַזונדערן צוויט און זײַן באַזונדערן רייעך. אָסיען־צײַט, אָנהייב אָקטיאַבער, הייבן די באַלעבאָסטעס אָן פּרעגלען פּאַווידלע פֿון פֿלוימען, עפּל, זשאַרדעלקעס. מע פּרעגלט גלײַך אין סאָד. מע צעפּירט דאָרט א פֿײַער, מע שטייט פֿון אינדערפֿרי אָן ביז שפּעט בא־נאַכט בא די גרויסע מעשענע פֿאַנען מיט לאַנגע הילצערנע לאָפּעטקעס אין דער האַנט און מע האַלט אין איין מישן. דער רויך עסט אויס די אויגן, די ווײַבלעך באַוואַשן זיך מיט טרערן, נאָר דאָס לאָפּעטקעלע לאָזן זיי ניט ארויס פֿון די הענט — מע שטייט און מע מישט ווײַטער.

איצט, ווינטער, איז דאָ פּוסט און עלנט. נאָר איינצלנע רויכלעך ציִען זיך דאָ און דאָרט פֿון די וועכטער־הײַזלעך ארויף צום פֿאַרכמאַרעטן הימל.

מישע ריבאַטשענקאָ מיט א כאַפּטע כעוורע זײַנען אַראָפּגעלאָפֿן צום פֿאַרפֿרוירענעם טײַך דורך דעם פּאַראַמער ליקל. אונטן האָבן זיי זיך צעשאָטן איבערן אײַז — איינער האָט זיך געגליטשט גלײַך באַם ברעג, די מער דרייסטע זײַנען פֿאַרגאַנגען ווײַטער א ביסל, אַנ־דערע האָבן זיך אינגאַנצן ניט געגליטשט, גלאַט געשטאַנען און געקוקט פֿונדערווײַטנס, ווי כעוורע שפּילט זיך.

מישע האָט זיך געגליטשט ניט ווײַט פֿון דעם אריבערפֿאָר אינאיינעם מיט זײַן בעסטן כאַווער סטיאָפּקע גרינקאָ. זיי האָבן זיך באַגעגנט נאָך אינעם קלויסטער־הויף און שוין מיט די איבעריקע ייִנגעלעך זיך ביידע אַראָפּגעלאָזט צום טײַך.

מענטשן אויף פֿורלעך און צופֿוס האָבן זיך איבערגעפּעקלט פֿון איין ברעג אָפּן אנדערן, פֿון דובאָסאַר קיין אָוסטיע און פֿון אָוסטיע קיין דובאָסאַר.

בייס דער גלאָק האָט אָנגעהויבן צו קלינגען „אויף דאָסטאָינע" האָט סטעפּאַן זיך גע־כאַפּט, אַז ס'איז שוין צײַט זיך אומקערן צוריק.

— קום, מישקע, כ'האָב צוגעזאָגט דעם טאַטן זיך לאַנג דאָ ניט פֿאַרהאַלטן.

— וווהין לויפֿסטו? — האָט מישע אײַנגערעדט דעם כאַווער. — ערשט איצט איז דאָ א מעכײַע. קימאַט אַלע כעוורע זײַנען זיך צעלאָפֿן. קיינער שטופּט זיך ניט, טשעפּעט זיך ניט צו דיר...

— ניין, מישע, כ'מוז לויפֿן!

— נו, איז גיי אליין, איך וועל זיך נאָך גליטשן א ביסל.

סטעפּאַן גרינקאָ איז אוועקגעלאָפן צום ברעג, און מישע איז פאַרבליבן באַם אריבערפאָר...

אין די פּראָטאָקאָלן פון די פאַרהערן איז אָנגעוויזן: „סטעפּאַן גרינקאָ, געבוירן אין 1891, לויט די אָפּרופן פון זײַן פאָטער און אַנדערע אײדעס, כאַראַקטעריזירט זיך ווי אַ שטילער באַשײדענער יאָט. ניט קיין פאַרדאָרבענער און אַן אופריכטיקער. פון גרינקאָס באַווײַזן קומט אַרויס — און דאָס איז דערוויזן, — אַז מיכאַיל ריבאַטשענקאָ האָט ער געזען דאָס לעצטע מאָל דעם 9־טן פעברואַל, אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי אויפן טײַך דניעסטער, ניט ווײַט פונעם פאַראָמער איבערגאַנג־פּונקט...“ און נאָך: „בעשאַסן אַראָפּלאָזן זיך פונעם קלויסטער צום טײַך, — האָט ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט סטעפּאַן גרינקאָ, — האָט מיכאַיל ריבאַטשענקאָ געוויזן אים די פיר ניס און די צוויי קאָפּיקעס, וואָס די באָבע האָט מיכאַילן געגעבן פאַר זײַער אוועקגיין פון דער היים“.

4

מיטיק האָבן זיי געגעסן אָן מישען. קאַנאַן האָט זיך געבייזערט.

— צו אַ גרויסער געוואָרן, סמאַרקאַטש! הײַנט וועט ער שוין באַ מיר אַרײַנכאַפּן אַ פּאָר הלינצעס!

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו ליזאַוועטען. זי האָט זיך געפּאָרעט באַם אויוון. פירגעוואָרפן איר:

— דו ביסט שולדיק! דו האָסט אים אינגאַנצן צעלאָזט, — און ווײַטער אויסגעקרייעט, נאָכמאַכניק דער אַלטער: — מישענקאַ, מײַן ליבער מישענקאַ!..

ליזאַוועטע האָט געשוויגן, שטיל אוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם טשוהונאָק מיט קאַשע. ווי איר שטייגער איז, האָט זי מער אויסגעהערט און אָפּט אַראָפּגעשלונגען. אַ מאָדנע זאַך: שוין וויפל יאָר האָבן זיי אָפּגעלעבט אינאיינעם, און נאָך ביז הײַנט גיט אין איר פלוצעם אַ צאַפּל יענע מיידלשע מוירע, וואָס זי האָט אַמאָל אויסגעפּרוווט, בײַס קאַנאַן האָט זי אוועקגעפירט פונעם פאָטערס שטוב, פון איר אייגענער נעסט. און כאָטש באַצויגן האָט מען זיך צו איר גוט — די ערשטע צײַט האָבן זיי געוווינט אינאיינעם מיט קאַנאַנס עלטערן, — האָט זי זיך סײַווי געפילט דאָרט איינזאַם. וויפל מאָל פלעגט זי זיך אופכאַפּן אינמיטן דער נאַכט, דאָס האַרץ רײַסט זיך אין דרויסן: ווו איז זי? ווער איז דער מאַנצבל, וואָס ליגט דאָ אויף איין געלעגער מיט איר?.. דערנאָך זיך איבערציילעמען, זיך אײַנגראָבן מיטן פּאָנעם אין קישן און אָן אַ קלאַנג זיך צעוויינען.

דאָס ערשטע קינד האָט זי פאַרלוירן. נאָכדעם האָט זי געהאַט קאַטערינען, איוואַנס מוטער. אַ דאַרינקע און אַ קרענקלעכע. קאַנאַן האָט זי ניט ליב געהאַט. שטענדיק געוואָרטשעט: „דײַן פּאַראַדע. אַ קאָזאַק דאַרף איך אין שטוב, אַ קאָזאַק!“ שפּעטער מיט צוויי יאָר האָט זי אים געבוירן אַ קאָזאַק. וואַסילי האָבן זיי אים אָנגערופן. מער קינדער האָט איר גאָט ניט געשענקט. די צוויי זײַנען איר אויך אָנגעקומען מיט בלוט. באַזונדערס וואַסילי. באַם האָבן אים האָט זי שיר ניט אַרויסגעלאָזט די נשמה. ווער האָט אָבער געקאָנט וויסן, אַז גראָד זי, די שוואַכע ליזאַוועטע, וועט איבערלעבן אירע בײדע קינדער. אוי, גאָטעניו, פאָטער אונדזערער, אַלץ איז אין דײַנע הענט...

קאַנאַן האָט אָפּגערוקט דאָס שיסעלע מיט קאַשע אין אַ זײַט. דאָס עסן איז אים איצט ניט געגאַנגען. עפּעס אַ מאָדנע שווערקײַט האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעלייגט אויפן האַרצן. נאָכן זונס אומקום איז מישע געוואָרן פאַר אים די איינציקע טרייסט. צוליב אים האָט ער געלעבט און געשלעפּט דעם שווערן וואָגן פון דער באַלעבאַטישקײַט. אים וועט ער איבערגעבן דאָס אַלץ, וואָס אין מעשעך פון לאַנגע יאָרן האָט ער צונויפגעקלאַפּט מיט זײַנע אײַזערנע פויסטן. אין מיכאַילן האָט ער געזען דעם קומענדיקן באַלעבאָס פון זײַן געהייפל. אַבי ער זאָל נאָר האָבן קויעך אים שטעלן אויף די פיס. דאָס, וואָס ליזאַוועטע גיט נאָך דעם אייניקל אַ ביסל מער, איז גאָרנישט. סאַפּקאַלסאַף, אַ באָבע בלײַבט אַ באָבע. ער אָבער, קאַנאַן, האַלט

זיך מיט מיכאילן שטרענג. צוריק גערעדט, ווער נאָך, אז ניט ער, דער זיידע, וועט איינ־פלאַנצן אינעם אייניקל די זוים פון אַן עכטן באַלעבאָס?!

די שווערקייט איז ניט איבערגעגאַנגען. פאַרקערט, אַלץ מער און מער געגעבן וועגן זיך צו וויסן. קאַנאַן האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען: געלייגט זיך אפן טאָפּטשאַנדל, גע־פרוווט א ביסל איינדרעמלען. אייסעך, א סומנעקייט האָט זיך צעגאָסן איבערן לייב. ער האָט זיך גענומען פאַריכטן מישעס וואָליקעס, אָבער די אַרבעט האָט זיך אויך ניט געלאָ־דיעט. יעדעס מאָל האָט זיך געריסן די דראַטווע. „פון דער אַנדערער זייט, — האָט ער גע־טראַכט, — וואָס ערגערט ער זיך אַזוי? אף דעם געלט, וואָס ליזאַוועטע האָט אים אינדער־פרי געגעבן, האָט מישע זיך מיסטאָמע געקויפט א פּאָר בייגל און לויפט איצט ערגעץ אַרום מיט די כעוורע. און עפּשער איז אים געקומען אין קאָפּ אַרייַן זיך דורכגיין צו דער מוטער צוגאַסט?" קאַנאַן האָט זיך דערמאָנט, אז איינמאָל איז שוין מיט מישען אַזוינס געשען. דער אַלטער האָט אים דעמלט א שמיץ געטאָן איבערן נאַקן, פאַרשטייט זיך, ניט אומזיסט, האָט מישע זיך אַנגעבלאָזן און קיינעם גאָרנישט ניט געזאָגט, אַנטלאָפן צו דער מוטער קיין גרי־גאָריאָפּאָל. נאָך גוט, וואָס סאָפּיע איז אין יענעם טאָג געווען אינדערהיים און באַלד גע־געבן צו וויסן וועגן דעם...

— זאָל ער זיך נאָר אַרייַנשטעלן אין שטוב, סמאַרקאַטש!..

קאַנאַן האָט עס געזאָגט הויך אף א קאָל, האַגאַם ליזאַוועטע איז פריִער אַרויסגעגאַנגען א קוק טאָן צו די כאַזיירים. ניין, מער זיצן אַזוי קאָן ער ניט. אַרופגעשלעפּט דעם פּעלץ און פאַרכאַפּט מיט זיך די קוטשמע, איז קאַנאַן אַרויסגעגאַנגען אין הויף.

5

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך קאַנאַן אומגעדרייט איבער דער מאַהאַלאַ. אַרייַנ־געגאַנגען אין יעדן הויף, ניט דורכגעלאָזט קיין איין שטוב. אויסגעפרעגט די ייִנגעלעך, עפּ־שער האָט עמעצער פון זיי געזען מישען אָדער כאָטש עפּעס געהערט וועגן אים. סטעפּאַן גרינקאָ האָט דערציילט דעם אַלטן, אז מיט מישען האָבן זיי זיך ביידע געגליטשט אפן טייַך, ניט ווייַט פונעם אַריבערפאָר. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך געווען אינדערפרי. נאָכדעם האָט ער מישען מער ניט געזען.

— און מיכאיל האָט דיר ניט געזאָגט, אז ער וויל הייַנט גיין צו דער מוטער קיין גריגאָריאָפּאָל?

סטעפּאַן האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין:

— וועגן דעם ווייס איך גאָרנישט.

אומגעקערט זיך אַהיים, האָט קאַנאַן געזאָגט פונדעסטוועגן ליזאַוועטען, אז א ייִנגעלע האָט צופעליק געהערט, ווי מישע האָט באַם שפּילן זיך א זאָג געטאָן: „כ'האָב שוין לאַנג ניט געזען מייַן מאַמען. ס'וואָלט געווען ניט שלעכט זיך אַרייַנכאַפּן צו איר".

— אַזוי האָט מיר טאַקע דאָס ייִנגעלע געזאָגט, — האָט זיך קאַנאַן ווי פאַרענטפערט.

— און ווער איז דאָס ייִנגעלע? — האָט שטיל געפרעגט די אַלטע. ס'האָט זיך געפילט אין איר קאָל א קווענקלעניש.

— ווער, ווער? — איז מיטאמאָל אופגעקאָכט געוואָרן קאַנאַן, — ווייסט אים דער רועך! פונקט אזא פּוסטעפּאַסניק, ווי דייַן מישענקאַ... זאָל ער זיך נאָר יאַווען, בייַסטרוקן!..

זיך קוים דערוואַרט ביז אין דרויסן איז א ביסל ליכטיק געוואָרן, האָט קאַנאַן אָנגעג־קלאָפּט צו איוואַנען. איוואַן האָט דערווייַל פאַרנומען מיט זייַן ווייַבל די צווייטע האַלב שטוב. פריִער האָט דאָרט געוווינט וואַסילי מיט סאָפּיען. נאָך זייער כאַסענע האָט קאַנאַן אָפּגעגעבן דעם זון די צוויי צימערן און דורכגעהאַקט אַהינצו א באַזונדערע טיר.

דער אַלטער האָט עטלעכע מאָל א קלאַפּ געטאָן מיט דער דלאָניע אין פענצטער. קיינער האָט אים ניט געענטפערט. „מיילע, איוואַן איז א טויבע קלאָץ, — האָט קאַנאַן גע־וואָרטשעט, — אָבער די בעהיימע זיינע הערט דאָך געזונט־אייַזן".

דאָס האָט ער, קאַנאַן, אויסגעזוכט פאַרן אייניקל די גרויסע מעציִע — מארוסיען. צו־געזאָגט איר פאָטער, פּילימאָן גאַנצעדעראַוון, אַז אויב ער גיט אַוועק די טאָכטער זײַנע פאַר איוואַנען, וועט ער, קאַנאַן, באַוואָרענען דאָס פּאָרעלע מיט אַ שטוב און מיט ערד.

— ווּ וועסטו נאָך געפינען אַזאַ מאַן פאַר דײַן טעכטערל? — האָט אים אײַנגערעדט דער אַלטער באַ אַן אָקע ווײַן. — צווישן אונדז, פּילימאָן, האָבן זיי ביידע די ווערט איינער דעם אַנדערן. אַ פּאָרעלע פון גאָט!

פּילימאָן גאַנצעדעראַוון האָט מען לאַנג ניט געדאַרפט אײַנריידן. אַ קאַפּצן און דערצו נאָך אַ ביטערער שיכער, האָט ער קיין נאַדן דער טאָכטער סײַווי־סײַ ניט געקאָנט געבן. ווּ זאָל ער איר נעמען אַף נאַדן, אַז קיין גראָשן האָט ער ניט אין זײַנע געלעכערטע קעשע־נעס. כאָטש בעפירעש אַ גוטער באַנדער און דאָך האָט ער געהאַלטן דעם פאַסאַן, אַנגעלאָזט אַף זיך אַ וואַזשנעקײַט פון אַן אַרומגעפּליקטן האָן.

— דו, קאַנאַן וואַסיליעוויטש, מיין ניט... — די צונג האָט זיך שוין באַ אים פאַר־פּלאָנטערט, — מיר זײַנען טאַקע ניט פונעם גרויסן ייִכעס, נאָר מײַנע פּעסלעך שטייען באַם גובערנאַטאָר אין קעלער און עפּשער באַ עמעצן נאָך העכער... אַקעגן וואָס זאָג איך עס: כ׳בין דאָך איר פאָטער. ניט דערגעסן, ניט דערטרונקען... האַקיצער, הונדערט רובל אַף די הענט — און אָפּגערעדט.

מארוסיע, ווי עס האָט זיך אינגיכן אַרויסגעוויזן, איז געווען דאַפקע גאָר ניט אַזאַ בע־היימע, ווי קאַנאַן האָט זיך געמאָלט. באַלד נאָך דער כאַסענע, ווען עס האָט זיך פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע מיט דער שטוב, האָט זי אויפגעהויבן אַ געפילדער: אָדער מע גיט איר דאָס, וואָס מ׳האָט צוגעזאָגט, אָדער זי גייט פון איוואַנען אַוועק. אַהין־אַהער, קאַנאַן ריבאַטשענקאָ האָט ניט ליב אַרויסצוטראָגן דאָס מיסט פון דער שטוב, — ער האָט געמוזט מאַכן באַם נאָטאַריוס אַ וועקסל אַף דרײַ הונדערט רובל אַף מארוסיעס נאָמען...

דער אַלטער האָט ווידער אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. ענדלעך האָט זיך פון יענער זײַט באַוויזן איוואַנס פאַרשלאָפן, צעקנייטשט פּאָנעם. „דאַנקען גאָט, — האָט אַ בורטשע געטאָן קאַנאַן, — זיך אָפּגעריסן פונעם ווײַבס ציצל!“ ער האָט געוויזן איוואַנען מיט די הענט, יענער זאָל אים אויפשפּאַרן די טיר.

איוואַן איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם זיידן אינעם אונטערשטן פּאָרל גרעט, באָרוועס, געגענעצט און דערבײַ געקראַצט זיך די צעשויבערטע טשופּרינע זײַנע.

— טו זיך אָן! — האָט הויך אויסגעשריִען דער אַלטער. — מע דאַרף צוגיין אין גרי־גאָריִאָפּאָל, צו סאָפּיען, עפּשער איז מיכאַיִל באַ איר.

איוואַן האָט באַלד אויפגעהערט צו גענעצן. דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך נאָך מער צעקנייטשט. ער האָט אָנגעהויבן פאָכען מיט די הענט און מרוקען, ווי זײַן שטייגער איז. קאַנאַן האָט אים אָבער אָפּגעהאַקט:

— רעד ווינציקער! טו, וואָס מע הייסט דיר!

איוואַן האָט פײַנט געהאַט מישען. אי ווײַל יענער איז געווען דער באָבעס מיטן זיידנס ליבלינג, אי ווײַל מישע אַליין האָט זיך שטענדיק געטשעפּעט צו איוואַנען, גערייצט אים „טויבער פּאַס“, אַרויסגעשטעלט אים אַף כויזעק, זײַענדיק דערבײַ זיכער, אַז דער קראַנקער איוואַן וועט אים ניט אָנרירן מיט אַ פינגער: ער האָט פאַר אים מוירע. ריכטיקער, ניט אַזוי פאַר אים, ווי פאַרן זיידן, וואָס טראָגט זיך מיט מישען אום, ווי מיט אַ צייִלעמל אַפן האַרצן. איינמאָל, אינגיכן נאָך איוואַנס כאַסענע, האָט מישע געכאַפּט ערגעץ אַ מײַזל און אַרײַנ־געוואָרפן עס דורכן פענצטער צום שוועסטערקינדל אין צימער. ווי אומיסטן, האָט דאָס מײַזל געטראָפן גלײַך אַפן געלעגער, ווּ עס איז אין דער צײַט געלעגן דאָס יונגע פּאָר־פאָלק. מארוסיע האָט זיך אַוואַדע איבערגעשראָקן און אָנגעהויבן גוואַלדעווען. אין אַ פּאָר רעגעס אַרום איז פון דער שטוב אַרויסגעלאָפן איוואַן מיט אַ האַק אין דער האַנט און זיך אַ לאָז געטאָן איבערן הויף נאָך מישען. ווען קאַנאַן שטעלט אים ניט אָפּ, צעהאַקט ער מישען אַף שטיק־שטיקלעך.

נעכטן פאַרנאַכט, בייס דער אַלטער האָט זיך נאָכגעפרעגט באַ איוואַנען וועגן דעם שוועסטערקינדל, האָט איוואַן זיך בייז צעשמייכלט און אַרויסגעמרוקעט:

— כ׳קוק נאָך אים ניט גאָר!..

איצט, אינדערפרי, האָט ער זיך פונדעסטוועגן אָנגעטאָן און זיך געלאָזט קיין גריגאַ־ריאָפּאָל.

## 6

דאָס שטעטל דובאָסאַר, וואָס שטייט אפן לינקן ברעג פונעם דניעסטער, האָט זיך גע־רעכנט אין אָנהייב יאָרהונדערט פאַר א היפּש שטעטל מיט א באַפעלקערונג פון אריבער צוועלף טויזנט נעפאַשעס. לויט דער סטאַטיסטיק פון יענער צייַט האָבן אינעם שטעטל גע־וווינט אַן ערך זיבן טויזנט קריסטן און די איבעריקע צאָל איַנוווינער — ייִדן. אריַינגעגאַנ־גען איז דובאָסאַר אין טיראַספּאָליער אויעזד, כערסאָנער גובערניע. דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך ווי צעטיילט אף צוויי צדאָדים: איין צאַד — די קריסטן מיט זייער גאָט, לעבנ־שטייגער, מיט זייער אייגענעם צווינטער, דער צווייטער צאַד — די ייִדן, אויך מיט זייער גאָט, מיט זייער לעבנשטייגער און מיטן אייגענעם בעסאָלמען. אָבער דער קיִעם ביכלאַל — אף איין שטיקל ערד, אונטער איין הימל, דער טאָגטעגלעכער אָל, ווו נעמט מען אף א שטיקל ברויט, דאָס „רייַבן" זיך איינער אינעם אנדערן — האָט די צוויי צדאָדים פאַרייניקט.

א באַזונדער אָרט האָט אינעם לעבן פונעם שטעטל פאַרנומען דער מארק. קיין יארידן זייַנען אין דובאָסאַר ניט געווען, נאָר יעדער מאָנטיק זייַנען זיך אהין צונויפגעפאָרן די פּויערים פון די ארומיקע דערפער. דובאָסאַר, דארף מען זאָגן, האָט דערצו געקאָנט זיך באַרימען מיט צוויי מערק — מיטן אַלטן און מיטן נייַעם. א זייער טשיקאַווע באַמערקונג האָט איבערגעלאָזט אין זייַן טאָגבוך דער קאַנצעליאַריע־שרייַבער פון דער היגער אופּראַווע ראַמאַן טראַפימאָוו: „אינעם שטעטל זייַנען פאַראַן צוויי מערק, ווו די איַנוווינער פאַרברענ־גען קימאַט די גאַנצע צייַט זייערע, דערוואַרבנדיק דעריבער א באַזונדערן כאַראַקטער און קאַלאַריט פון פאַרביסנקייַט און ציניזם. זייער גראָבקייַט און אומוויסן לאָזט די מערהייַט פון זיי אראָפּ ביזן סאַמע נידעריקסטן אינטעלעקטועלן און מאָראַלישן ניוואָ. די ייִדן שעמען זיך ניט צו רופן די קריסטן „גוי". און די קריסטן רופן די ייִדן — „פאַרכאַטי". קאָלערייַ פּליאָט־קעס, אומזיניקע גלויבעניש, ווילדע גלויבונגען, זנאַכאַרקעס, טרעפערקעס, קאָרטנוואַרפער־קעס געפינען דאָ פאַר זיך א דאַנקבאַרן באָדן..."

שוין אפן אנדערן טאָג איז די ידיעה, אז קאַנאַן ריבאַטשענקאָס אייניקל מיכאיל איז נעלעם געוואָרן, זיך צעפלויגן איבערן גאַנצן שטעטל. ווי גרויסע גרינע פליגן, האָבן זיך געטראָגן פון איין עק דובאָסאַר צום אנדערן די קאָל־האַמינים קלאַנגען און פּליאָטקעס. פאַרשטייט זיך, אז ארויסגעפלויגן זייַנען זיי פונעם מארק — דאָרט איז געווען זייער נעסט.

ווייַבער האָבן זיך צונויפגענומען אין קופּקעלעך, זיך איבערגעשושקעס, ארומגע־סמאָטשקעס די לעצטע נייַעס, וואָס האָט פון מאָל צו מאָל אָנגעהויבן אויסזען אַלץ מער וווּנדערלעכער און סוידעספּולער, און דערמיט נאָך מער פאַרכאַפּט דעם אוילעם. גרישע קאַ־זימיראָווס פּלאַפּלערייַ, אז מישקע האָט אפן וועג צום קלויסטער אריַינגעקוקט צו דער גוטער ליובקען, האָט מען באַלד אונטערגעכאַפּט און אויסגעדרייט די גאַנצע מייַסע אזוי, אז פון ליובקעס שטיבל איז מישע שוין מער ניט ארויסגעגאַנגען. צו דער דאָזיקער מייַסע האָט מען אויך צוגעפלאָכטן נאָך איין מייַסע, ריכטיקער, א כאַלעם, און ניט פּאָשעט א כאַלעם, נאָר אזא וויזיע: מישע ריבאַטשענקאָ ליגט א געבונדענער אין א פינצטערן קעלער און בעט דעם זעלביקן גרישע קאַזימיראָוון, אז יענער זאָל לויפן צו מישעס זיידע־באָבע און זיי זאָגן, אז מע זאָל אים זוכן דאָרט, ווו די ייִנגעלעך קויפן שטענדיק טוטין. „דערווייַל בין איך נאָך א לעבעדיקער, — האָט מישע קלוימערשט זיך געקלאָגט פאַרן פרייַנטל, — אָבער הייַנט באַנאַכט וועלן מיך די זשידעס פּייַניקן און מוטשען..."

מער פון אַלע איז געווען באַהאַוונט אין דער זאַך די סעדעכע דאַריע. גאַנצע טעג איז זי איבערגעלעגן אינעם אַלטן מארק. דעם מארק־שוים האָט זי איַנגעזאַפּט אין זיך פון קליינערהייט אָן. צווישן די ייִדן האָט מען דאַריען געהאַלטן פאַר א שאַבעס־גויע. דערצו

פלעג איר נאָך אויסקומען צוארבעטן אָפּטלעך בא זיי אף טאָג־לוין. קוליענדיק זיך צווישן די ייִדן, האָט זי זיך אויסגעלערנט צוביסלעך פאַרשטיין און ריידן אף זייער שפּראַך.

צעלייגט פאַר זיך אף א פאַטשיילקע א פּאָר קעפּלעך קנאָבל, דרײַ־פיר מערן, עטלעכע וואָרצלען פּעטרעשקע, האָט זי איצט דאָס מויל ניט פאַרמאַכט. די נײַגעריקע ווײַבער האָבן זיך געשטופּט ארום דאַריען, זי ארומגערינגלט פון אַלע זײַטן, גלײַך ווי זי וואָלט געהאַנדלט מיט עפּעס א זעלטענער סגולע, וואָס ראַטעוועט פון נויט און טויט.

אײַנגעקוטעט אין א גרויסער גראָבער שאַל, האָט זי מיטן קאָפּ ניט געקאָנט א דריי טאָן. נאָר אירע שמאָלע שאַרפע אייגעלעך זײַנען געלאָפן הין און הער, אָט זיך אײַנגעגעסן אף א רעגע אין איין פּאָנעם, אָט אין אַן אַנדערן, א דריטן: בא איין ווײַבל — א פאַרכידעשטס פּנעם ערשט דערהערטן, בא אַן אַנדערער — אַן אָנגעשראָקנס, בא א דריטער — אינגאַנצן א פאַרלוירנס.

— טאַקע נעכטן גאַנצפרי, — דערציילט דאַריע, — קום איך אַרוף אפן מאַרק און שטעל זיך אוועק מיט מײַן ביסל סכוירע לעבן מייער שינדלס קלייטל. פּונקט אין דער צײַט, ווען אין סאָבאָר האָט מען אָנגעהויבן קלינגען צו דער „אָבעדניע", זע איך, ווי צו דעם מייערן לויפט צו זײַן פלימעניק — אײַזיק הייסט ער, איר קענט אים אוואַדע, אַזאַ לאַנג שמאָל ייִדעלע — און ער רופט זיך אָן צום פעטער: „שאָן! סעדו אַמאַלקומע!", וואָס הייסט אף זייער שפּראַך: „שוין, ס'איז דאָ א מאַרטירער!" און אַליין איז ער ווײַס, ווי די וואַנט. די אויגן זײַנע לויפן אין אַלע זײַטן, עס שפּרינגט פון זיי מאַמעש אַרויס א מוירע. איך מאַך זיך, פאַרשטייט זיך, ניט הערנדיק. דער פעטער זײַנער ווייסט דאָך אָבער זייער גוט, אַז איך פאַרשטיי זייער שפּראַך, רײַסט ער דעם פלימעניק באַלד איבער: „שאַ, אײַזיק, באַ סעדו גויעוו א סאַך!" — וואָס הייסט: „שווײַג, אײַזיק, די גויע קען גוט ייִדיש!" — און זײַן פלימעניק איז אַנטלאָפן. דעמלט, אפן אָרט, האָב איך ניט באַלד פאַרשטאַנען, וועגן וואָס פאַר „אַמאַלקומע" ריידן זיי. אָבער שפּעטער, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז באַם אַלטן ריבאַטשענקאָ איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס אייניקל זײַנס, האָט מיך פּלוצעם א שטאָך געטאָן אין האַרצן, ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן...

— צוליב וואָס זשע דאַרפן זיי אים האָבן, דעם, וויִאַזוי הייסט ער...

— אַמאַלקומע?

— יאָ, יאָ!

דאַריע האָט אַראָפּגערוקט דעם עק פון דער שאַל, וואָס האָט זיך פאַרטשעפּעט פאַר איר ביינערדיק אונטערבערדל.

— וואָס הייסט, צוליב וואָס? — האָט זי א פליעסקע געטאָן מיט די הענט, — נאַרישע פראַגעס! אַזאַ קלייניקײַט ניט וויסן!..

די ווײַבער, נאָך מער פאַרקישעפט, האָבן אָנגעהויבן צו בעטן:

— דערצייל, דאַריע! פונוואַנען זאָלן מיר וויסן? דו דרייסט זיך דאָך צווישן זיי.

און דאַריע האָט אָנגעהויבן אויפצוקלערן די גאַנצע זאַך און מיט אַלע פּישטשעווקעס:

— הערטשעט, ווײַבער, אַהער: צו זייער פּאַסכע, ווי איר ווייסט, באַקן זיי אַזעלכע אָפּרעסנאָקעס — מאַצע, די מאַצע מאַכן זיי צוויי סאָרטן — איין סאָרט פאַר זיך, און אַן אַנדער סאָרט, אַזאַ באַזונדערן סאָרט, וואָס הייסט בא זיי „שמירע־מאַצע", באַקן זיי פאַרן טײַוול. איז אָט דאָס טייג פון דער „שמירע־מאַצע" פאַרמישן זיי ניט אף וואַסער, נאָר אף אונדזער קריסטלעכער בלוט...

די ווײַבער האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל איבערגעציילעמט. דאַריע אַליין האָט א ווײַלע געשוויגן. זיך פאַרשטעלט מיט דער דלאָניע דאָס מויל, ווי מוירע געהאַט, אַז דאָס, וואָס זי האָט צו דערציילן ווײַטער, קאָן נאָך, כאָלילע, אַרויספליִען פון דאָרט פאַר דער צײַט.

— איצט הערטשעט ווײַטער: באַנאַכט, בייס עס קומט בא זיי דער ערשטער טאָג פּאַסכע און די גאַנצע פאַמיליע, פון קליין ביז גרויס, זעצט זיך אויס באַם טיש, שטעלן זיי אוועק אינמיטן טיש א גרויסן טעלער און אף דעם טעלער לייגן זיי אויס א לימענע, אײַנגעוויקלט אין א שמאַטקעלע, א געגרעגעלע פון אַן אינדיק, אַן אָפּגעזאָטן איי, אף וועלכן ס'איז

געמאַכט עפּעס אַ צייכן מיט אַש, און אַוואַדע אָט די „שמירע־מאַצע“. צוליב וועמען זשע, מיינט איר, גרייטן זיי דאָס אַלץ צו? טאַקע צוליב אים, צוליב דעם טײַוול...

— ווי־אַזוי זשע טרעפֿט ער צו זיי? — האָט זי איבערגעשלאָגן אַ יונג ווײַבל מיט אַ פֿאַרכידעשט איבערגעשראָקן פּאָנעם, — דורכן קוימען?

— וואָס פּלוצעם דורכן קוימען? דורך דער טיר אַוואַדע. זיי לאָזן אָפֿן אין שטוב אַלע טירן, און ערשט דערנאָך הייבן זיי אָן דאַווענען.

— און דער טײַוול איניינעם מיט זיי?

— פֿאַרשטייט זיך!

— האָסטו אים מיסטאָמע געזען, זאַריע?

— ווי קאָן איך אים זען? כ׳בין דאָך, דאַנקען גאָט, אַ קריסטלעכע! — האָט דאַריע געענטפֿערט מיט אַ שעלמיש שמייכעלע. — דעם ליידיקן טעלער האָב איך גראָדע יאָ געזען. קיין ברעקל איז אויף אים ניט פֿאַרבליבן — אַלץ האָט אויפֿגעפּרעסן דער ניט־גוטער!

די ווײַבער האָבן זיך ווידער איבערגעציילעמט. אָפּגעשפּיגן דרײַ מאָל: „סגין, פּראַ־פּאַדי, ניעטשיסטאַיאַ סילאַ!“ — „ווער פֿאַרשווונדן, אומריינער קויעד!“

נאָך אַזאַ מײַסע איז דאָ וועגן וואָס אַ קלער טאָן:

— איצט הייב איך שוין אָן עפּעס צו פֿאַרשטיין!

— וואָס דאַרף מען דאָ פֿאַרשטיין: ריבאַטשענקאָס אייניקל האָבן זיי אַוועקגעגאַנוועט!

— ס׳איז קלאָר, ווי דער טאָג!

דאָס שטעטל האָט געקאָכט. די אײַנוווינער האָבן זיך איצט צוגעקוקט און צוגעהערט איינער צום אַנדערן. פּאַשעטע טאָגטעגלעכע זאַכן, אויף וועלכע מ׳האָט פֿריִער קיין שום אַכט ניט געלייגט, האָבן מיטאַמאָל באַקומען גאָר אַן אַנדער פּאָנעם. די מוטערס האָבן מוירע געהאַט אַרויסצולאָזן די קינדער זיך שפּילן אין דרויסן, די ווײַבער — זיך אומקערן אַליין שפּעט אַהיים. די מאַנצבילן האָבן געקריצט מיט די ציין און צונויפֿגעדריקט די פֿויסטן. אַפֿילו די הינט אין שטעטל האָבן ווי אַנדערש אָנגעהויבן בילן — בייזער, פֿאַרביסענער, אין די באַנאַכטן מיט עפּעס אַן אומענדלעכן געוואָי, עלעהיי זיי וואָלטן באַוויינט אַן אומזיסטיקן קאָרבן.

די קלאַנגען האָבן זיך געמערט, זיך גיך פֿאַרשפּרייט איבער די אַרומיקע דערפֿער און שטעטלעך. יעדעס מאָל איז געבוירן געוואָרן אַ נײַער קלאַנג:

— איר האָט געהערט? מײַן קומאַ אַקולינאַ האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט אַליין געהערט פֿון סטעפּאַנידען, וואָס האַנדלט אָפֿן נײַעם מאַרק מיט געזײַערטס, ווי יענע האָט איר דערציילט, אַז באַ פּראַסקאָוויאַ לופּו איז דאָס מיידעלע אירס אַנטלאָפֿן פֿון מאַרדקע דעם כאַכאַם, באַ וועלכן עס האָט געדינט. באַנאַכט, דערציילט דאָס מיידעלע, — עס שלאָפֿט אין איין צימער מיט מאַרדקעס ווײַב, אַ געליימטע איז זי, — כאַפּט דאָס מיידעלע זיך אויף פֿון אַ שעפּטשערײַ. וואָס איז? דער כאַכאַם שטייט לעבן דעם ווײַבס געלעגער, די אַרבל פֿאַרקאַטשעט, אין דער האַנט האַלט ער זײַן מעסער, און דאָס ווײַבל פֿרעגט באַ אים: „נו וואָס? איר האָט שוין מיט אים פֿאַרענדיקט?“ — „נאָך ניט, — ענטפֿערט איר דער כאַכאַם, — ער זאָגט צו גיבן אונדז הונדערט רובל, אַבי מיר זאָלן אים אָפּלאָזן!“ נאָכדעם איז דער כאַכאַם אַרויסגעגאַנגען פֿונעם צימער, אָבער אינגיכן זיך ווידער אומגעקערט, שוין אָן זײַן מעסער, נאָר זייער אַ צופֿרידענער און האָט געזאָגט דעם ווײַב: „שוין! פֿאַרענדיקט!“ דערהערט די ווערטער, האָט דאָס מיידעלע באַלד פֿאַרשטאַנען, וועגן וועמען עס איז ערשט געגאַנגען אַ רייד און מיט וועמען האָט מען „פֿאַרענדיקט“. קוים דערוואַרט זיך ביז אינ־דערפֿרי, איז פּראַסקאָוויעס טעכטערל אַנטלאָפֿן אַהיים.

דאַריע די סעדעכע האָט אויך אומזיסט ניט פֿאַרלוירן די צײַט. דאָס קענען ייִדיש איז איר איצט, ווי קיינמאָל פֿריִער, זייער צוניץ געקומען.

— נעכטן פֿאַרנאַכט, — האָט זיך דאָס מויל אירס ניט פֿאַרמאַכט, — גיי איך זיך אַהיים און אויף דער סוועטשנאָי זע איך, ווי צוויי ייִנגעלעך, פֿון זייעריקע, שפּילן זיך אויף דער גאַס און בעשאַסמײַסע ריידן זיי צווישן זיך: „אַ מײַן טאַטע, — זאָגט איינער, — גיב אַ שטאָק אַמאָלקומע“ — דאָס הייסט: „הײַדאַ שטעכן איינער דעם אַנדערן, ווי אונדזערע

טאַטעס האָבן געשטאָכן דעם „אַמאַלקומע". דעמלט פרעגט אים דער צווייטער: „וואָס מאַכט מיט דעם אַמאַלקומע?" — „וואָס זשע האָבן זיי געטאָן מיט דעם „אַמאַלקומע"?" — ענטפערט דער ערשטער: „די גאַרגע, די גאָרגע גיב א גיטער שטאָק. ארויס אין דרויסן לאָז עסען די גונטו!" — וואָס הייסט בא זיי: „געשלאָגן האָט מען אים געשלאָגן, געשטאָכן אים זייער און דערנאָך ארויסגעוואָרפן אין דרויסן, די הינט זאָלן אים פרעסן!". דערהערט פון זיי די ווערטער, האָב איך זיך אזוי איבערגעשראָקן, אז כ'האָב זיך אזש צעוויינט אף א קאָל.

7

באַגלייט איוואַנען ביזן הויף-טירל, האָט קאָנאָן זיך אינדערהיים ניט פארהאַלטן. ער האָט זיך ניט געקאָנט איצט געפינען דאָרט, קוקן דער אַלטער אין די אויגן, כאַפּן אף זיך יעדעס מאָל אירע שטומע ביטערע בליקן. זי האָט אוודע געפילט, נישט געקאָנט ניט פילן, אז ער, קאָנאָן, האָט איר געזאָגט נעכטן א ליגן. אינמיטן דער נאַכט איז ליזאַוועטע אראָפּגעקראָכן פונעם געלעגער, זיך שטיל צוגעשאַרט צום ווינקל, ווו עס הענגען די איקאָנעס, און, אראָפּלאָזנדיק זיך אף די קני, האָסטיק אָנגעהויבן זיך ציילעמען. אינדערפרי האָט זי קיין וואָרט ניט ארויסגעלאָזט פונעם מויל. ווי טאָמיד, געשוויגן, פארשלאָסן אַלץ אין זיך.

קיין דובאָסאַר האָט קאָנאָנען געטריבן א האָפענונג, אז עפּשער פונדעסטוועגן האָט עמעצער פון זײַנע באַקאַנטע געזען נעכטן מישען, עפּעס צופעליק געהערט וועגן אים. „גאָט מײַנער, — האָט געיאָמערט דאָס האַרץ, — פארוואָס קומט עס מיר? מיט וואָס האָב איך זיך אזוי פארזינדיקט פאר דיר?.. צוגענומען בא מיר די טאָכטער, דערנאָך דעם זון, און איצט..."

דער נאָסער ווינט פונעם טײַך האָט געפּאַטשט דעם אַלטן איבערן פּאָנעם, אַקוראַט א גרויסער שוואַרצער פויגל מיט זײַנע פליגל. דעמלט, ווען ס'איז געשען דער אומגליק מיט זײַן וואַסילין, איז קאָנאָן אינדערהיים ניט געווען. געפאָרן קיין זאַכאַריעווקע אפן יאַריד. שוין צוריקוועגס, לעבן דאָרף לונגאַ, האָט ער באַגעגנט דעם שאָכן זײַנעם סטעפּאַן זאַהײַטשוקן, און סטעפּאַן האָט אים שוין אַלץ ;'ערציילט.

וואַסילי איז געגאַנגען צום טײַך זיך באָדן. דעם קליינעם מישקען האָט ער גענומען מיט זיך. באַם אָנהייב האָבן זיי זיך ביידע געפּליעסקעט באַם ברעג, דערנאָך האָט דער פּאָטער איבערגעלאָזט דעם קליינעם אונטער א ווערבע און אַליין זיך אומגעקערט צום טײַך. וואָס איז געשען מיט וואַסילין ווײַטער, ווייסט קיינער ניט. די עטלעכע יינגעלעך, וועלכע זײַנען געווען אין דער צײַט אפן טײַך, האָבן קיין שום געשרייען ניט געהערט. ביכלאַל איז וואַסילי געווען א גוטער שווימער, פאָרט אופגעוואַקסן אפן דניעסטער. געשיקט זיך, אז ער איז פארשווומען צו ווײַט און געטראָפן אין א וואַסער-ווירבל. גראָד מיט גוטע שווימער טרעפט זיך עס.

וואַסיליס קערפּער האָט מען געפונען אין צוויי טעג ארום אונטן אף דער טאָלאָקע צווישן דעם טשערעט...

אפן באַרג האָט קאָנאָן זיך אָפּגעשטעלט. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. מיט די פינגער ארונטערגעקראָכן אונטער דער קוטשמע, אָפּגעווישט זיך דעם שווייס פונעם שטערן, דערנאָך א פּיר געטאָן מיט דער דלאָניע איבערן פּאָנעם, איבער די פײַכטע וואָנצעס, איבער דער באָרד. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט א מידער און א צעבראָכענער, גלײַך ווי אַלע זײַנע צאָרעס, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פארן גאַנצן לעבן, וואָלטן זיך איצט ארופגעוואָרפן אף אים. דער אַלטער האָט צעשפּיליעט דעם פּעלץ, ווי ער וואָלט דערמיט זיך געקאָנט באַפרײַען פון דעם אַלעמען, וואָס עס איז בא אים אף דער נעשאָמע, ארויסלאָזן עס פון זיך. וויפל האָט ער שוין איבערגעטראַכט פאַר דער לאַנגער נאַכט. נאָכאַמאָל און אָבעראַמאָל זיך דערמאָנט, וואָס דאָס יינגעלע האָט אים דערציילט, און וואָס יענץ יינגעלע האָט אים דערציילט. קיין גוטע געדאַנקען זײַנען, פארשטייט זיך, אין קאָפּ ניט געקראָכן: דאָס אײַז אפן טײַך איז שוין אין דער צײַט ניט אַזאַ שטאַרקס, דערצו האָט מען אין פיל ערטער אויס-

געהאקט גאנצע שטיקער פאר דער לעדאָווניע. און ביכלאַל... „גאָטעניו!.. צי דען האָט דער דניעסטער צוגענומען בא אים אויך דאָס אייניקל זײַנס?!"

צעריסענע שטיקער כמאַרעס האָבן זיך ווילד געטראָגן איבערן הימל. די בלאַסע קאַלטע זון, מער ענלעך אַף א פּולער לעוואָנע, האָט געבלאָנדזשעט צווישן זיי, ווי א פאַרלוירענע. פון יענער זײַט טײַך, פון אוסטיע, האָט זיך געשלעפּט איבערן אײַז א שוואַרץ פערדל, דער פורמאַן איז געגאנגען לעבן דעם וואָגן צופוס מיט די אָנגעצויגענע לייצעס אין די הענט. עטלעכע פויערים האָבן זיך געײַלט — אָט געגליטשט זיך אַף די פיס, אָט, וואקלענדיק זיך, ווי גענדז, געלאָפן מיט קורצע טריטעלעך, אָנגעכאַפּט זיך איינער אינעם אנדערן. הײַנט איז אין דובאָסאר א מארק־טאָג.

קוקנדיק אַף זיי, האָט קאָנאָן געטראכט, אז נעכטן האָבן זיך דאָ אויך געדרייט מענטשן, געגאנגען, געפאָרן, פון אוסטיע קיין דובאָסאר און פאַרקערט, עס קאָן דאָך ניט זײַן, אז קיינער זאָל גאָרנישט ניט געווען זען, הערן... אזוי־אָ, אינמיטן טאָג ווערט פאַרפאַלן א לעבעדיקע נעפאשע? ניין. וואָס שטייט ער? וואָס וואַרט ער? ס'האָט אים ווי עמעצער א שטופּ געטאָן אין דער פּלייצע: גיי, קאָנאָן! זוך! פרעג אויס! קער איבער די גאנצע וועלט!..

8

דער קאנצעליאַריע־שרײַבער פון דער דובאָסאַרער אופּראַווע ראָמאַן טראָפּימאָוו איז געקומען אהיים אַן אופגערעגטער. אפגיך איבערגעביסן, האָט ער ארויסגעשלעפּט פונעם טישקעסטל זײַן טאָגבוך — א דיקן העפט אין א שיינעם אײַנבונד, מיט הארטע מאַרמאָרגרינע הילעס, מיט דרײַעקיקע מעשענע ווינקעלעך. אינמיטן באַם ראַנד האָבן זיך די הילעס פאַרקייטלט אַף אזא געצאָקלט זילבערדיק קייטעלע, ווי עפּעס אַן אוראלטער פאָליאַנט. אָט די פּרעכטיקע זאַך האָט אים געשענקט זײַן פאָטער בייס ער, ראָמאַן, האָט באַקומען מיט דרײַ כאַדאָשים צוריק די שטעלע זײַנע און אָנגעהויבן א זעלבשטענדיק לעבן ווײַט פון כערסאָן, פון דער שטאָט, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן, זיך געלערנט און וווּ עס זײַנען פאַרבליבן צוויי טײַערע פאַר אים נעשאָמעס — דער פאָטער און דאָס קלענערע ברודערל קיריושע.

אין דובאָסאר האָט טראָפּימאָוו געוווינט בא זײַן מומע אגראַפענא מיכײַלאָוונען. דער פאַרשטאָרבענער מאַן אירער איז געווען א דאָקטער אינעם היגן שפּיטאָל. ראָמע געדענקט אים קימאַט ניט, ער איז נאָך געווען א קינד, ווען די מומע מיטן פעטער זײַנען געקומען צו זיי קיין כערסאָן אַף א טאָג־צוויי. די איינציקע דערמאָנונג, וועלכע האָט זיך אײַנגעקריצט אין זײַן זיקאָרן און וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן פעטער, איז געווען דעם פעטערס זייגער. ער האָט אים געטראָגן אַף א קייטעלע, יעדעס מאָל ארויסגעשלעפּט פונעם זשילעט־קעשענקעלע, עפּעס פלינק א קוועטש געטאָן בא דער זײַט און ס'האָט זיך באַלד דערהערט א שיין לידעלע, גלײַך ווי א סאַך קליינע גלעקעלעך האָבן זיך מיטאמאָל אָנגעהויבן איבערצוקלינגען. ראָמעס טאַטע האָט אויך געהאַט א זייגער און אויך געטראָגן אים אינעם זשילעט־קעשענקעלע, אָבער אזא זייגער, ווי דער פעטער באָריס האָט פאַרמאָגט... אַן אַנטיקל, ניט אנדערש! שפּעטער, בעשאַס מע פלעגט בא ראָמאַנען אינדערהיים דערמאָנען באָריס יעגאָראָוויטשן, האָט דער קליינער ראָמע באַלד געזען פאַר די אויגן א שמאָלע דלאָניע מיט לאַנגע וואקסענע פינגער, אַף דער דלאָניע — דעם זייגער מיטן אָפענעם דעקל בא דער זײַט, און אין די אויערן האָט אָנגעהויבן קלינגען יענע ווונדערלעכע מעלאָדיע...

די מומע אגראַפענא האָט זיך צו אים באַצויגן ווי צו אַן אייגענעם זון. (אַפן אנדערן טאָג נאָך זײַן קומען קיין דובאָסאר האָט זי אים געשענקט באָריס יעגאָראָוויטשעס זייגער מיט א ווונטש: „זאָל דער זייגער ברענגען דיר א סאַך גליקלעכע שאָ!"). קיין קינדער האָט אגראַפענא מיכײַלאָוונא ניט געהאַט, געוווינט אליין אין א הויז פון דרײַ צימערן. אַן ענערגישע, רירעוודיקע פרוי, האָט זי זיך פאַרנומען אין שטעטל מיט וווילטעטיקײַט. דעריבער האָט מען זי געקענט אין אלע קרײַזן פון דער היגער געזעלשאַפט. דאָס האָט זי אײַנגערעדט

דעם ברודער שיקן ראַמאַנען קיין דובאָסאַר און אליין אויסגעכלאַפּאָטשעט פאַר אים א שטעלע.

— נישקאָשע, — האָט זי באַמערקט מיט א שמייכעלע, בייס ראַמאַן איז געקומען צו פאַרן, — דו ביסט יונג און האָסט נאָך צייט צו ווערן א געהיים־ראַטגעבער.

און דער יונגער ראַמאַן טראַפּימאָוו האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין דער דובאָסארער אופּראַווע. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט די אַרבעט ניט געפאָדערט פון אים קיין שום באַזונדערע פעיִקייטן, צוויי מיט־לעס איז געווען גענוג, קעדיי זיך רעכענען פאַר א גוטן קאַנצעלאַריסט: האָבן א שיינעם קסאַוו און שרייבן אָן גרייזן. מיט די צוויי אויפגאַבעס האָט ער זיך ספּראַוועט אויסגעצייכנט, סיידן ווען־ניט־ווען פלעג אויף אים אָנפאַלן א מעסוקענע גענעצעריי ווי אויף א פאַרמאַרעטן קאָטער.

ראַמאַן האָט אופגעמאַכט זיין טאָגבוך. אפן ערשטן זייטל אינמיטן, מיט שיינע אויסיִעס — יעדער אָס אַרומגעפּוצט מיט קאָל־האַמינים דריידעלעך און רעדעלעך — איז געווען אָנגעשריבן זיין נאָמען און זיין פאַמיליע. אפן צווייטן זייטל — א ווידמונג: „דיר, וויטער נאָכקומער, פאַרטרוי איך מיינע געפילן און מיינע געדאַנקען!" דאָ דאַרף מען באַמערקן, אַז גראַדע דעם „וויטן", ניט דעם נאָענטן „נאָכקומער" האָט אונדזער קאַנצעלאַריסט פאַרטרויט אי דאָס האַרץ זיינס, אי זיינע מאַכשאָוועס. ער האָט זיך ניט איין מאָל פאַרגעשטעלט ווי אין דווירעס אַרום וועט אין א שטילן אָפּדערנאַכט דער וויטער נאָכקומער נעמען אין די הענט דעם דאָזיקן טאָגבוך (צו יענער צייט וועט דער העפט טאַקע אָפּגענעמעסן זיין ענלעך צו אַן אוראַלטן פאָליִאַנט) און א טאָג נאָך א טאָג אופשטעלן דאָס לעבן פון זיין וויטן אורזיידע ראַמאַן טראָפימאָוון. און ווידער וועלן קלינגען אין רוים זיינע ווערטער, ווידער וועלן אופצאַפּלען זיינע געפילן.

אויף א ווייַלע זיך פאַרטראַכט, איינקוקנדיק זיך אין דער ווידמונג, האָט ראַמאַן שוין גיך איבערגעבלעטערט די פאַרפולטע מיט שוואַרצע גלייכע שורעס זייטלעך — די דורכגעלעבטע און אויסגעלייגטע אויף פאַפּיר דריי קנאַפּע כאַדאָשים פון זיין קיִעם אין דובאָסאַר, — און אייַנגעטונקען די פּען אינעם טינטערל...

פון ראַמאַן טראָפּימאָווס טאָגבוך:

„11־טער פעווראַל.

...דאָס פאַרפאַלענע יינגעלע מיכאיל ריבאַטשענקאָ, וועגן וועלכן כ'האָב געכטן דאָ דערמאָנט, האָט זיך נאָך ניט אָפּגעזוכט. די געשעעניש האָט אופגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל. עס גייען אום פאַרשיידענע קלאַנגען, ווי איך אַזעלכע, וואָס קלינגען פּאַשעט ווילד. אונדזער סעקרעטאַר סערגיי סערגייעוויטש קריוועונקאָ־יאַנאָווסקי האָט היינט געזאָגט, אַז די אַלע קלאַנגען ווערן ניט געבוירן פון גאָרנישט: ער איז איבערצייגט, אַז אין דער זאַך זיינען פאַרמישט די היגע ייִדן בעראָש מיט זייער ראַבי נאָכעם קראַסנאָוועץ. דער קאַנצעלאַריסט טימאָפיי גריגאָרענקאָ האָט אים געפּרוּווט דערווידערן, געזאָגט, אַז ער פּערזענלעך גלייבט ניט אין די אַלע מאַרק־פּלאַטקעס. „צוליב וואָס דאַרפן זיי עס, די ייִדן? שוין זשע טאַקע צוליב ריטועלע צוועקן, ווי איר זאָגט?". און וויטער צוגעגעבן: „איך ווין שוין דאָ אַריבער צען יאָר און כ'האָב נאָך ניט געהערט, אַז עמעצער פון די ייִדן זאָל בִיכלאָל דערהאַרגענען א מענטשן. אָפּכיטרעווען, באַריידן, צוטראָגן א מעסירעלע — דאָס יאָ, אָבער אַזוינס!.."

כ'האָב באַלד דערזען, ווי סערגיי סערגייעוויטש האָט זיך אָנגעצונדן. ער האָט ניט ליב, ווען עמעצער פון די קאַנצעלאַריסטן אָדער פון די באַזוכערס דערווידערט אים. „איר, גאָלובטשיק, טימאָפיי פּיאָדאָראָוויטש, ווילט פאַר אַלע זיין א גוטינקער, — ער האָט עס געזאָגט, קוים איינהאַלטנדיק דעם קאַס. — צי דען זענט איר טאַקע אויף אַזויפיל קורצזיכטיק, אַז איר זעט ניט, ווי די קאָל־האַמינים מאָשקעס, מאָרדקעס, סימקעס זיינען זיך צעקראָכן איבער גאַנץ רוסלאַנד, אקוראַט סאַראַנטשאַ. זיי שטופּן די לאַנגע נעז זייערע אין אַלע אונדזערע איניאָנים, ניצן אויס אונדזער נאַציאָנאַלע גאַסטפריינטלעכקייט צוליב זייער שאַכער־מאַכער. נעמט אַפילו אונדזער שטעטל. אין גאַנץ דובאָסאַר וועט איר ניט געפינען קיין איין מענטשלעך קלייטל — אַלץ האָבן פאַרכאַפּט די זשידעס, אַלץ איז אין זייערע

פאסקודנע הענט! און וואָס מע זאָל זיי ניט זאָגן, בלײַבן זיי ערשט שטענדיק גערעכט...״ אף די ווערטער האָט דער סעקרעטאר ארויסגעשלעפּט פון דער קעשענע א צונויפגעלייגטן נומער פון זײַן באַליבטער צײַטונג „בעסאראבעץ״. ער האלט, אז דאָס איז די בעסטע צײַטונג אין דער וועלט. כ׳ווייס ניט, כ׳האָב דעם „בעסאראבעץ״ קיינמאָל ניט געלייענט. „הערט, הערן, וואָס קרושעוואן שרײַבט! — האָט ער הויך געמאָלדן פאר אלע, ווער ס׳איז געווען אין דער צײַט אין דער קאנצעלאריע, — אזוי קאָן שרײַבן נאָר אן עמעסער פּאטריאָט פון זײַן פאָטערלאנד!״ פארענדיקט לייענען, האָט סער סער (אזוי רופן מיר צווישן זיך סערגיי סערגייעוויטשן) א פיר געטאָן מיטן בליק איבערן צימער און איז געבליבן שטיין אף גריגאָרענקאָס פּאָנעם. „אומזיסט פארטיידיקט איר זיי, גאָלובטשיק, — האָט ער זיך אָנגערופן מיט עפּעס א פארביטערטקײַט, — כ׳האָב שוין לאנג באמערקט, אז איר סימפּאטיזירט דעם ייִדישן עלעמענט...״ נאָך דעם זאָג האָט טימאָפיי פּיאָדאָראָוויטש זיך נעבעך אינגאנצן פארלוירן און אָנגעהויבן צו שטאמלען: „איר האָט א טאָעס... איר האָט מיך ניט ריכטיק פארשטאנען...״ און אזוי ווײַטער...

קרושעוואנס ארטיקל „א גוטע אייצע״ פון דער צײַטונג „בעסאראבעץ״ האָב איך שפּעטער גענומען בא סער סער. און עס אליין איבערגעלייענט. אייניקע ערטער, באזונדערס די, וואָס מײַן נאטשאלניק האָט אונטערגעשטראָכן מיט א רויטן בלײַבער, האָב איך פון דאָרט איבערגעשריבן. איצט שרײַב איך זיי ארײַן אהער, אין טאָגבוך: „פאָרשטעלנדיק אין דער גאנצער מאסע דעם הויפּט־פּראָצענט פארברעכער, פּרוּוון זיי, די ייִדן, אין אלע פאלן, ווען די מאכט וויל אופשטעלן דעם פאקט פון זייער פארברעכן, זיך אויסדרייען, אויסנוצנדיק באַליביקע מיטלען; צוערשט פּרוּוון זיי אונטערקויפן, און אויב דאָס גיט זיך זיי ניט אײַן, טוען זיי עס מיט צוואנג... פאר דער לעצטער צײַט האָבן די ייִדן צופיל געשטערט די רו פון אונדזער לאנד. אויך גרינגשעצעריש באצײען זיי זיך צו די געזעצן און צו די אינטערעסן פון דעם לאנד, וואָס האָט זיי ארויסגעוויזן אזא הארציקע גאסטפרײַנטלעכקײַט. זיי פארגעסן אי ווו זיי געפינען זיך, אי ווער זיי זענען...״

דעם עמעס געזאָגט, האָב איך פריִער קיינמאָל וועגן אזעלכע זאכן ניט געטראכט״.

9

א האלבן טאָג האָט קאָנאָן ריבאטשענקאָ זיך אומגעדרייט איבערן שטעטל. אויסגעפרעגט אין מארק בא די הענדלערקעס, אויסגעמאָלט זיי, אין וואָס איז דאָס אייניקל זײַנס געווען אָנגעטאָן, וויִאזוי מיכאיִל זעט אויס.

— אזא שווארצכיינעוודיקער... אָט דאָ־אָ איז בא אים א סימען, — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אף דער רעכטער ברעם. — נאָך קליינערהייט איז ער געפאלן אף א שטיין...

דערנאָך האָט קאָנאָן זיך אראָפּגעלאָזט צום אריבערפאָר און ווידער יעדן אויסגעפרעגט, ווידער אויסגעמאָלט — עפשער, עפשער...

פאַרנאכט האָט זיך פון גריגאָריִאָפּאָל אומגעקערט איוואן. קיין גוטע בסורע האָט ער ניט געבראכט. פארקערט, פון איוואנען האָט סאָפיע זיך קוים דערוווּסט, אז איר זון האָט די נאכט ניט גענעכטיקט אינדערהיים. צום שווער קיין דובאָסאר איז זי געקומען מיט איר צווייטן מאן, ניקיטא טאָלמאטשאָוון.

דינסטיק, דעם עלפטן פעווראל, איז ריבאטשענקאָ געווען באם פּריסטאוו. יענער האָט גראָד געגעסן מיטיק. דער דובאָסארער פּריסטאוו פּאנקראט גריגאָריעוויטש פּאנקאָוו האָט געהאט איין מײַלע, נאָר א גרויסע, און די מײַלע האָט אים פארביטן אלץ, וואָס א פּריסטאוו וואָלט געדארפט פארמאָגן. די אײַנוווינער פונעם שטעטל האָבן די מײַלע זײַנע גוט אויסגעפּרוּווט אף זיך און זייער פינקטלעך אויסגעדריקט זי יעדער צאד אף זײַן אויפן. די קריסטן: „שווידקאָ בוזאָוואל פּאָ מאָרדאם!״ — די ייִדן: „באלד פאָרט ער דיר ארײַן אין מאָרדע!״. אוןביידע צדאָדים זײַנען געווען גערעכט.

דער פּריסטאַוו פּאַנקאָוו איז געזעסן באַם טיש, די שינעל אַרופגעוואָרפן אויף די אַקס־לען — דאָס האָט אים געמאַכט נאָך ברייטער און נאָך מעגושעמדיקער. מיט די עלנבויגנס זיך אָנגעשפּאַרט אין דער אַריבערפּלאַך, האָט ער, ניט־איַלנדיק, אָפּגעשיילט איין האַרט איי נאָך אַן אַנדער איי און אַרײַנגעשטופּט עס גאַנצערהייט אין מויל. דעם אַלטן קאַנאַן, וואָס איז געשטאַנען באַ דער טיר, האָט ער ווי ניט באַמערקט. פּלוצעם האָט דער פּריסטאַוו אויס־געשריִען:

— מיקאַלאַ, טשאָרט! וויפל קאָן איך וואַרטן?!

פּונעם צווייטן צימערל האָט זיך באַלד דערהערט:

— די מינוט, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש, דער טשײַניק זידט שוין.

— נו, — האָט דער פּריסטאַוו זיך שוין געווענדט צום אַלטן, — וואָס איז געשען?

קאַנאַן, טאַפּטשענדיק זיך אויף אַן אָרט, האָט געקנייטשט די קוטשמע זײַנע אין די הענט און אויסגעלייגט די גאַנצע מײַסע זײַנע. ניט געקוקט דערויף, וואָס די דאָזיקע מײַסע איז שוין געווען אויף דער צונג באַם גאַנצן שטעטל, האָט דער פּריסטאַוו, דער ערשטער היטער פון אָרדענונג אין דובאָסאַר, קיין אַנונג וועגן דעם ניט געהאַט. נאָך מער: די געשעעניש האָט אים, דאַכט זיך, אינגאַנצן ניט איבעראַשט.

— פאַרפאַלן געוואָרן, זאָגסטו? — האָט ער איבערגעפרעגט, ווען קאַנאַן האָט פאַרענ־דיקט דערציילן.

— יאָ, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש, אייערנעכטן...

— יעדן טאָג ווערט באַ איַך עפּעס פאַרפאַלן! — האָט א ברום געטאָן אין דער וואָנצע דער פּריסטאַוו. — אויף יענער וואָך איז באַ איינעם פאַרפאַלן געוואָרן די אַלטע שקאַפּע זײַנע, באַם צווייטן — די רעדער פון דעם וואָגן, באַם דריטן נאָך עפּעס... און באַלד לויפט מען צום פּריסטאַוו, גלײַך ווי דער פּריסטאַוו האָט שוין מער ניט וואָס צו טאָן. — און ער האָט א האַק געטאָן מיטן מעסער איבער דעם שטיקל צוקער, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף דער :'לאָניע.

דער אַלטער איז געשטאַנען פאַר אים, ווי אין געהאַקטע ווונדן. ער איז גרייט געווען איצט פאַלן אויף די קני, קושן אים די שטיוול, אַבי דער פּריסטאַוו זאָל עפּעס טאָן. ער איז דאָך די מאַכט; דאָס גאַנצע שטעטל האַלט ער אין זײַנע הענט. יעדער נעפּעש ציטערט פאַר אים. ס'איז אים גענוג נאָר געבן א קאָמאַנדע, וועט מען איבערקערן אַלע הויפן און אַלע הײַזער...

— טוט עפּעס, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש! זוכט אויף מײַן אייניקל... — האָט זיך צע־כליפּעט דער אַלטער, — וויפל כ'וועל לעבן, וועל איך עס געדענקען... פאַרן טויט אָנזאָגן די אייניקלעך...

באַם לעצטן וואָרט האָט קאַנאַן זיך פאַרהאַקט. זיך אײַנגעגראָבן מיטן פּאָנעם אין דער קוטשמע. דער פּריסטאַוו האָט אויפגעהערט צו זופּן די טיי, וואָס מיקאַלאַ האָט אים פריִער געבראַכט. זיך אָנגערופן:

— נו, נו, דערהאַרגע זיך ניט אַזוי. עפּשער איז ער פּאַשעט אַנטלאָפן פון דער שטוב, האַ? דו האָסט אים ניט געשלאָגן?

— גאָט איז מיט איַך, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש! ער איז דאָך באַ מיר א יאָסעם. די איינציקע טרייסט אין לעבן...

דער פּריסטאַוו האָט אַרײַנגעוואָרפן אין מויל א שפּליטערל צוקער און ווידער געזופּט די טיי פון דער שאָל. באַם זופּן טיי האָט זיך אים, אַפּאָנעם, בעסער געטראַכט.

— וואַרט נאָר אויס, — האָט ער זיך ווי אין עפּעס דערמאָנט. — דו האָסט דאָך פריִער געזאָגט, אַז דאָס לעצטע מאָל האָט מען געזען דײַן אייניקל זיך גליטשן אויפן טײַך?

— יאָ, באַם אַריבערפאָר...

— איז עפּשער איז ער אַרײַנגעפאַלן אין א פּאָלאָנקע?!

פון דעם אומדערוואַרטן געדאַנק, וואָס ס'איז אים פּלוצעם געקומען אין קאָפּ אַרײַן, האָט דער פּריסטאַוו זיך אַזש צעשײַנט, גלײַך ווי דערמיט האָט ער מיטאָמאָל געלייזט אַלע פראַגעס.

— כ'האָב וועגן דעם שוין אויך געטראַכט, — האָט ביטער באַמערקט דער אַלטער. דער פּריסטאַוו האָט אים שוין אָבער ניט געהערט.

— מיקאָלאַ! — האָט ער ווידער אַ רוף געטאָן. — קאַטאַראַבאַי, טשאָרט זאָל דיך נע־מען! וווּ ביסטו ז'אַרט?

— כ'בין דאָ, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש, — האָט זיך פונעם צווייטן צימערל אַרויס־געקוקט דעם אוריאַדניקס רויטע בולבעוואַטע נאָז.

— די האַקנס מיט די קרוקעס האָסטו נאָך ניט פאַרשיקערט? — האָט געפרעגט דער פּריסטאַוו.

— ווי מעג מען, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש. אין קאַמער ליגן זיי.

— הער זשע מײַן קאָמאַנדע, — האָט וואָזשנע אַרויסגעבראַכט דער פּריסטאַוו, — נעם אַלע האַקנס און אַלע קרוקעס און גיב זיי אַרויס אָט דעם אַלטן, — און ווײַטער שוין צו קאַנאַנען: — קיין מענטשן קאָן איך דיר ניט געבן. יעדער האָט בײַ מיר זײַן פּאָסטן.

נאָכדעם האָט דער פּריסטאַוו אַ קוק געטאָן אױפן קייסערס פּאָרטרעט, וואָס איז גע־האַנגען אין אַ ווינקל, אַקוראַט אין איקאָנע, און צוגעגעבן:

— יאָ, פאַרגעס ניט, אַלטער, אָנשרײַבן אַ מעלדונג אויף מײַן נאָמען. אין אָרדענונג בלײַבט אין אָרדענונג!

10

אין דרויסן בײַם פּאָליציייִשן צירקל האָבן אויף קאַנאַנען אַרויסגעקוקט סאָפּיעס מאַן ניקיטאַ טאָלמאַטשאָוו, דאָס עלטערע אייניקל איוואַן און דער שאָכן סטעפּאַן זאַהײַטשוק. אַזוי אַז קיין העלפערס אויף צו זוכן מיכאַילן האָבן ניט אויסגעפעלט. געגומען בײַם אוריאַד־ניק די האַקנס, האָבן זיי זיך אַלע פיר געלאָזט צום דניעסטער.

אין דער זעלבער צײַט איז יעליזאַוועטע, איר שנור סאָפּיע און מאַרפּע זאַהײַטשוק, סטעפּאַן זאַהײַטשוקס פרוי, געקומען צו דער בעסטער צווישן אַלע דובאָסאַרער טרעפעריקעס יעקאַטערינע אַנדרייעווען. וועגן דער טרעפּערקע יעקאַטערינע איז אין שטעטל אומגעגאַנגען אַ באַזונדערע מײַסע. מע דערציילט, אַז ווען יעקאַטערינע איז געווען נאָך גאָר אַ פּיצל קינד, האָבן זי די ציגײַנער אַרויסגעגאַנוועט פון דער שטוב און אַוועקגעפירט מיט זיך. צווישן זיי איז שוין דאָס מיידעלע אויפגעוואַקסן, געוואַנדערט אין די קיביטקעס איבער די שטויביקע וועגן, גערעדט אויף זייער שפּראַך און אַוואַדע זיך אויסגעלערנט וואַרפן קאָרטן. איינמאָל — יעקאַטערינע איז שוין דעמאָלט געווען אַ שיין יונג מיידל, — האָט זייער טאַבאָר זיך אָפּגע־שטעלט ניט ווײַט פון דעם דאָרף, פונוואַנען מ'האָט זי מיט יאָרן צוריק אַרויסגעגאַנוועט. און אָט גייט זי איינמאָל מיט נאָך צוויי ציגײַנערטעס איבערן דאָרף, רעדט זיך מיט זיי הויך איבער, לאַכט, פאַרטשעפּעט אַפן וועג די היגע ווײַבלעך: „אַנו, ווײַז מיר נאָר, סערדצע, דײַן דלאָניע, וועל איך דיר באַלד זאָגן, ווו דײַן מאַזל באַהאַלט זיך אויס!". און דאָ קומט איר אַנטקעגן אַן אַלטיטשקע. קוים וואָס זי שלעפּט זיך. דערזען יעקאַטערינען, האָט זי זיך אָפּ־געשטעלט, זיך אײַנגעקוקט אין איר, מאַמעש זיך אײַנגעגעסן אין איר פּאָנעם. יעקאַטערינע האָט אַזש ניט אויסגעהאַלטן: „וואָס האָסטו אויסגעגלאָצט אויף מיר די אויגן דײַנע?!" די אַלטיטשקע שווײַגט אַ פּאָר רעגעס, דערנאָך ברענגט זי שטיל אַרויס: „די אויגן קוקן, און דאָס האַרץ זעט". — „וואָס זשע זעט עס, דאָס האַרץ דײַנס? — האָט אַ פרעג געטאָן יעקאַ־טערינע מיט אַ שמייכעלע. — און ביכלאָל, ווער ביסטו, אַלטע?" — „ווער איך בין, בין איך, צי ווייסטו אָבער ווער דו ביסט?.." די צוויי ציגײַנערטעס האָבן זיך צעלאַכט. „קום, יעקאַ־טערינע, — האָט זיך אָנגערופן איינע פון זיי, — זי איז דאָך אויוווערבאָטל!" — „ניין, — האָט זיך אײַנגעאַקשנט יעקאַטערינע, — זאָל זי פריִער זאָגן, וואָס מיינט זי מיט אירע ווער־טער!" — „כ'מיין, — האָט געענטפערט די אַלטיטשקע, — אַז דו דאַרפסט צוגיין אָט צו יע־

נעם שטיבל, וואָס שטייט אין עק דאָרף. די באַלעבאָסטע פונעם שטיבל האָט שוין זעכצן יאָר ניט געזען זיך אין שפּיגל, איז לאָז זי איצט א קוק טאָן דיר אין פּאָנעם אַרײַן... יאָ, זאָג איר נאָך, אז איך האָב דיך צו איר צוגעשיקט, די באָבע פּעלאַגייע".

אָט אזא שיינע מײַסע האָט מען דערציילט אין שטעטל וועגן דער טרעפּערקע יעקאַטערינע אנדרייעוונאַ. יעקאַטערינע אַליין האָט, אגעוו, צו אָט דער מײַסע גאָרנישט ניט דערלייגט, אדעראבע, בעשאַסן ווארפן קאָרטן האָט זי טאָמיד ארײַנגעשטעלט עפּעס אָן אומבאַקאַנט ווערטעלע, קלוימערשט א ציגײַנערשס, און דאָס האָט צוגעגעבן אירע רייד א באַזונדערע ווערט.

וועגן דעם, אז בא די ריבאַטשענקאָס איז פארפאַלן געוואָרן דאָס אייניקל, האָט יעקאַטערינע אוואדע געוווסט, פּונקט ווי זי האָט אוואדע און אוואדע געוווסט וועגן די אַלע קלאַנגען, וועלכע גייען אין שטעטל אום. און דאָך, ווען די דרײַ ווײַבער האָבן זיך ארײַנגעשטעלט צו איר אין שטיבל, האָט זי געמאַכט אַן אָנשטעל, אז וועגן דעם פארפאַלענעם ייִנגעלע הערט זי דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. ווי דען אנדערש? אנדערש וואָלט יעקאַטערינע ניט געווען די בעסטע טרעפּערקע צווישן אַלע דובאָסאַרער טרעפּערקעס.

יעליזאַוועטע, סאָפיע און מארפע זײַנען געזעסן אצינד בא א טישל. אינמיטן דעם טישל איז געשטאַנען א דיקע ליכט פון וואקס, גלײַך ווי זי וואָלט פון דאָרט ארויסגעוואקסן מיט יאָרן צוריק. אין דעם האַלב-פינצטערן אַלקערל מיט א נידעריקער סטעליע, מיט האָרבאַטע צעטרעשטשעטע ווענט, אף וועלכע עס זײַנען געהאנגען דאָ און דאָרט בינטלעך גראָז, קאַל-האמינים מעשונעדיקע וואָרצלען, האָט זיך געטראָגן א פארדומפּטער רייעך. די טרעפּערקע האָט עטלעכע מאָל א פיר געטאָן מיטן טעשל קאָרטן איבער דעם טאנצנדיקן צינגל פון דער ליכט און דערבײַ עפּעס א שעפּטשע געטאָן אף איר מאָדנע לאָשן. דערנאָך האָט זי פלינק ארויסגעשלעפּט פונעם טעשל א קאָרט נאָך א קאָרט און אויסגעלייגט זיי אפן טיש אין עטלעכע שורעס. די ווײַבער האָבן פארטײַעט דעם אָטעם.

— דאָס, וואָס איר זוכט, — האָט אָנגעהויבן יעקאַטערינע איינטאָניק, ווי זי וואָלט ארויסגעצויגן פון זיך אַליין יעדעס וואָרט, — איז ארויסגעגאַנגען פון א הויף. איך זע זײַן וועג — ער ליגט צום טײַך. אָבער צום טײַך איז עס ניט דערגאַנגען, אף זײַן וועג איז אופגעוואקסן א הויכער דיקער פּארשוין, אָנגעטאָן אין שווארצן און מיט א באָרד...

פון דעם אָרט, ווו ס'איז געזעסן סאָפיע, האָט זיך דערהערט א קורצער פארשטיקטער געכליפּ. יעליזאַוועטע און מארפע האָבן אזש אופגעציטערט. די טרעפּערקע איז, ווי פריִער, סטאַטיש געזעסן אנטקעגן זיי, ברייט צעשטעלט די פינגער אף די הענט, האָט זי מיט זיי געפירט איבער די קאָרטן הין און הער, ווי מע זוכט אמאָל א פארלוירענע נאָדל.

— ...כ'זע קלאָר, ווי דער שווארצער פארשוין שלעפּט פונעם בוזעם ארויס עפּעס א זאך, אָבער וואָס פאר א זאך זע איך ניט, און ווײַזט זי דעם נעפּעש. און אָט גייען זיי שוין אינאיינעם, אָט פארקערעווען זיי אין א שמאָל ליקל. באם שטיבל, וואָס דערמאָנט זייער א שעכט-הויז, שטעלט זיי אָפּ א צווייטער פארשוין. אויך מיט א באָרד און פּייעס, און אויך אָנגעטאָן אין שווארצע קליידער. דער ערשטער פארשוין גייט צו אים צו, שעפּטשעט אים עפּעס אף אן אויער, וואָס ער שעפּטשעט, — הער איך ניט, דערנאָך לויפן זיי ביידע צו צום נעפּעש און הייבן אים אָן בײַ הענט...

די טרעפּערקע איז אנשוויגן געוואָרן. א קוק געטאָן אף די ווײַבער. זייערע פּענעמער האָבן דערמאָנט איצט וועקסענע מאסקעס. און פלוצעם האָט יעקאַטערינע אויסגעשריִען:

— א פארבלוטיקטער שטערן איז די נאכט אראָפּ פונעם הימל!

יעליזאַוועטע האָט זיך א וואקל געטאָן אפן טאַבורעטל און געפאַלן כאַלאָשעס...

אינגיכן איז מארפע ארויסגעלאָפן פון יעקאַטערינעס שטיבל און זיך געלאָזט גלײַך צום טײַך — אהין, ווו איר מאן, סטעפּאַן זאהײַטשוק, אינאיינעם מיט קאַנאָנען, ניקיטא טאַל-מאטשאַוון און מיט איוואַנען האָבן געזוכט דעם דערטרונקענעם מיכאַיל. שוין פונדערווײַטנס האָט זי אָנגעהויבן שרײַען:

— זוכט אים ניט אין וואסער! מישע איז דאָרט ניטאָ! עס האָבן אים אוועקגעגאַנוועט די ייִדן!

נאָך דער טרעפּערקע איז יעליזאַוועטע מיט סאָפיען געווען אין קלויסטער, געקויפט דאָרט א צענדליק ליכטלעך, ווײַרעך, איקאָנע־אייל. אומקערנדיק זיך אהיים, זײַנען זיי דורכ־געגאנגען דורכן מארק, ווו די אלטע האָט אָנגעקויפט בייגל און צעגעבן די בייגל יעדן, וועד ס׳האָט זיך איר אפן וועג באגעגנט. דערבײַ האָט זי געקלאָגט און געוויינט: „דאָס איז פאר מײַן מישענקעס נעשאָמע!.. מענטשן טײַערע, פאר זײַן פארפײַניקטער בידנער נעשאָמע...״

...אין שטעטל איז סעראפים קירילאָוו ניט ארײַנגעפאָרן, נאָר זיך ארײַנגעריסן. ער איז געשטאנען אפן וואָגן, און דעם וואָגן האָט אינײנעם מיט אים געוואָרפן אף דעם צעקלאפּטן ברוק אין אלע זײַטן. די הינט אין די הויפן האָבן זיך געריסן פון דער קייט, די דורכגייער האָבן זיך געטוליעט צו די ווענט און פלויטן, מוירע געהאט, כאָלילע, טרעפן אונטער דעם פערדס קאָפּיטעס, נאָכגעשיקט נאָך דעם פויער מיִעסע קלאָלעס, ניט אינגאנצן פארשטייענ־דיק, צי דער פויער איז שיקער, צי זײַן פערד איז ווילד געוואָרן. יעדנפאלס, האָבן די קלאָ־לעס געקלעקט אף זיי ביידע.

צוריק געדעדט, האָט סעראפים אליין ניט געוווּסט, וואָס עס קומט מיט אים פאָר: וווּהין יאָגט ער אזוי און וועמען וויל ער דעריאָגן? אף דער קאָנע־גאס, ניט ווײַט פון דער אופּראווע, האָט זיך אים א וואָרף געטאָן אין די אויגן די ברייטע פיגור פונעם גאָראָדאָוואָי. יענער האָט צו אים געמאכט מיט א פויסט, און גראָד דאָס מאכן מיטן פויסט האָט אומגע־קערט סעראפימען דעם סייכל. ער האָט אָנגעצויגן די לייצעס און גלײַך פונעם וואָגן א געשריי געטאָן, טײַטלענדיק מיטן פינגער אין יענער זײַט, פונוואנען ער איז ערשט געקו־מען צו פאָרן:

— דאָרט!.. דאָרט, אינעם סאָד, ליגט א דערהארגעטער...

קאפּיטל צוויי

1

„זײַן הויכעקסעלענץ דעם הער יוסטיץ־מיניסטער
פונעם דובאָסארער מעשטשאַנין קאָנאָן וואסיליעוויטש ריבאטשענקאָ,
וואָס לעבט אין דער שטאָט דובאָסאר, כערסאָנער גובערניע

פּראָשעניִע:

אין דער שטאָט דובאָסאר זײַנען שוין ניט איין מאָל געווען פאלן, ווען עס פלעג רע־טענישפּול פארשווּנדן ווערן יונגע מענטשן פון קריסטלעכן גלויבן. די פאלן האָבן שטענדיק געהאט אן אָרט פּונקט אין דער צײַט, בייס די ייִדן גרייטן זיך באקן מאצעס. מאכמעס דער־פון, ווי נאָך איבער פיל אנדערע היגע סיבעס, איז דער קריסטלעכער אײַנוווינער פון דער שט. דובאָסאר פולקום איבערצײַגט, אז די ייִדן האָבן אוועקגעגאנוועט די קריסטן, קעדיי ארויסצובאקומען זייער בלוט פאר די מאצעס. אין די טעג האָט זיך ווידער איבערגעכאזערט איינער פון אזעלכע שענדלעכע פאלן: זונטיק, דעם 9־טן פעווראל, האָט מײַן אייניקל מי־כאִיל ריבאטשענקאָ, אין דער עלטער פון 14 יאָר, זיך אוועקגעלאָזט שפּאצירן איבער דער שטאָט אינײנעם מיט אנדערע ייִנגעלעך און איז ארײַנגעגאנגען אינעם קלייטל, וואָס האלט א ייִדישקע מיטן צונאָמען ליובקע, קעדיי קויפן טוטין. די איבעריקע ייִנגעלעך האָט ער גע־בעטן צוּוואַרטן אף אים אין דרויסן. די ייִנגעלעך האָבן זיך אָבער ניט דערוואַרט אף מי־כאִילן און זיך צעלאָפן אהיים. נאָר מיכאִיל ריבאטשענקאָ האָט זיך שוין אהיים ניט אומ־געקערט. דינסטיק, דעם 11־טן פעווראל, האָב איך געמאָלדן דעם פּריסטאַוו וועגן מײַן

אייניקלס פאַרפאַלן ווערן, דערצו האָב איך אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז מיכאל ריבאַטשענקאָ האָבן אוועקגעגאַנוועט די ייִדן. דער פּריסטאַוו אָבער האָט אויף מײַנע ווערטער ניט געלייגט קיין שום אַכט, און דאָנערשטיק, דעם 13־טן פעברואַר, פאַרנאַכט־צו, האָט אײנעם סאַד באַם וועג, וואָס פירט צום אַריבערפאָר איבערן טײַך דניעסטער, אין אַנגעפאַרענער מאָלדאַוואַן געפונען מיכאל ריבאַטשענקאָס טויטן קערפּער. אפילו לויפיק אַ קוק צו טאָן אויפן טויטן, זעט מען באַלד, אַז פאַרן טויט האָט מען מיכאל ריבאַטשענקאָן שוידערלעך און לאַנגדויערנדיק געפּײַניקט. די מעסוקענע בלאָסקײַט און אויסגעדאַרטקײַט פונעם לײַב דערווײַזן קלאָר, אַז דאָס בלוט איז לאַנגזאַם געוואָרן אַרויסגעלאָזט פון ריבאַטשענקאָס אָדערן. אויף זײַן לײַב האָט מען אָנגעציילט 24 וווּנדן, געמאַכט מיט איין און דער זעלבער זאַך, וואָס האָט אַ פאָרם פון אַ רינווע, איבער וועלכער דאָס בלוט וואָלט געקאָנט אַראָפּרינען אין אַ קיילע. די אויגן זײַנען געווען אַרויסגענומען. עס זעט אויס, אַז ריבאַטשענקאָן האָט מען נאָך פאַרן טויט בלינד געמאַכט און דערפירט אים צו אַזאַ צושטאַנד, ער זאָל ניט קאָנען אַרויסווײַזן זײַנע פּײַניקער קיין שום ווידערשטאַנד. דאָס, וואָס ריבאַטשענקאָ האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום ווידערשטאַנד, דערווײַזט זיך נאָך מיט איין זאַך: אַלע ווונדן אויף זײַן לײַב געפינען זיך שטרענג סימעטריש און סיסטעמאַטיש אין יענע ערטער, ווו עס זײַנען פאַראַן מער בלוט־געפעסן. ליידער, האָט מען די מעדיצינישע באַטראַכטונג און דאָס פאַלמעסן דעם מעס באַוופגעטראָגן אַ ייִדן אַ פאַנאַטיקער — דעם דאָקטער לייב פּאָלינקאָווסקי, וועלכער קאָן איבער זײַן פאַנאַטישער געטרײַקײַט דעם ייִדנטום פאַרשטעלן דעם איניעז אין אַ פאַלשער שײַן, אויך דער היגער געריכט־אויספאָרשער — אַ יונגער און אַן אומדערפאַרענער, — געפינט זיך אונטערן אײַנפלוס פונעם ייִדישן ראַבי נוכים קראַסנאָוועצן און פירט ניט ריכטיק די אויספאָרשונג, אגעוו, האָט ער צענערעקט שיר ניט אויף טויט און אָנגעשראָקן מיט זײַן ברוטאַלער באַציִונג דעם מינדעריעריקן איידעס גריגאָרי קאַזימיראָוון.

נאָך דעם געזאָגטן אויבן האָב איך די ערע צו בעטן אײַער הויכעקסעלענץ מאַכן אַ פאַראָרדענונג, אַז די אויספאָרשונג זאָל באַופטראָגט ווערן אַ מער געניטן אויספאָרשער און אַז איבער מיכאל ריבאַטשענקאָס טויטן קערפּער זאָל אין דער נאָענטסטער צײַט ווידער דורכגעפירט ווערן אַן עקספּערטיזע מיצאַד אַ מער געניטן און אַן אָביעקטיוון עקספּערט, איידער לייב פּאָלינקאָווסקי.

אַלע קריסטלעכע אײַנוווינער פון דובאָסאַר זײַנען העכסט אופגעבראַכט אי׳ פון דעם אכזאָריִעסדיקן פאַרברעכן, אי דערפון, ווי נאַכלעסיק באַציט זיך צום געפינען די שולדיקע די היגע פּאָליציייִשע און אויספאָרש־מאַכט. דעריבער איז נויטווענדיק גיך און אָפּעראַטיוו אָנעמען סאַמע קאַטעגאָרישע און שטרענגע מיטלען. אגעוו, וואָלט געווען ניט איבעריק, צוליב די אינטערעסן פון רעכט־טעטיקײַט, אַרעסטירן דעם דובאָסאַרער ראַבי נוכים קראַסנאָוועצן, ער זאָל ניט ווירקן ווײַטער אויפן גאַנג פון דער פאָרויסיקער אויספאָרשונג.

דער מעשטשאַנין קאָנאָן ריבאַטשענקאָ, אָבער אָנשטאָט אים, אַ ניט־גראַמאָטנעם, און לויט זײַן ביטע, אונטערגעשריבן סערגיי יאַנאָווסקי.

17־ער פעברואַר 1903 יאָר

שט. דובאָסאַר, כערסאָנער גוב.״.

אויף דער „פּראַשעניִע״ איז באַלד אָפּגעשיקט געוואָרן אַן ענטפער פון פּעטערבורג:

„טעלעגראַמע. ערשטער דעפּאַרטאַמענט פון יוסטיץ־מיניסטעריום.

אַדעס. דעם פּראָקוראָר פון געריכט.

מיר בעטן צושטעלן אויספירלעכע אָנגאַבן וועגן דעם געריכט־איניעז, וואָס פירט זיך דורך אינעם אַדעסער קרײַז־געריכט מיקויעך דעם אוועקגאַנוועגען און דערמאָרדן אין דובאָסאַר מיצאַד די ייִדן קאָנאָן ריבאַטשענקאָס זון מיכאל.

פאַרן וויצע־דירעקטאָר גלישטשינסקי״.

## 2

פון ראָמאַן טראָפימאָווס טאָגבוך:

„13־ער פעווראַל.

...היינט האָט מען געפונען דעם טויטן קערפּער פונעם ייִנגעלע מיכאיל ריבאַטשענקאָ. געפונען ערגעץ אין א סאָד. מע זאָגט, אז דאָס ייִנגעלע איז שווער צו דערקענען, אזוי האָט מען אים פאַרדאָרבן. דער קלאַנג, אז געטאָן האָבן עס די ייִדן, האָט זיך איצט נאָך מער פאַרפעסטיקט. דער סעקרעטאַר יאַנאָווסקי קוועלט. נעכטן האָט ער יעכידנע באַמערקט: „נו, גאָלובטשיק, טימאָפּיי פּיאָדאָראָוויטש, וואָס וועט איר איצט זאָגן?" דער קאַנצעליאַריסט גריגאָרענקאָ האָט ניט געוווּסט, נעבעך, וווּהין זיך אהינטאָן. און דער סעקרעטאַר ווײַטער: „איבער אזעלכע, ווי איר, ליבעראַלעכלעך, וועלן די זשידעס אונדז אַלע אויסקוילען!"

אפן הארצן איז אומעטיק. איך פיל זיך דאָ זייער עלנט. די מומע רופט טרינקען טיי. אגעוו, דער מאָרד האָט זי, פאַרשטייט זיך, אויך זייער אופגעבראַכט. זי דערלאָזט אָבער ניט אפילע קיין מינדסטן געדאַנק, אז געטאָן האָבן עס די ייִדן.. כ'בין מיד, ס'איז שוין עלף אזייגער באַנאַכט..."

דער אויספאָרשער פעדיוקין מאַקסים פּאַוולאָוויטש איז געקומען אין סאָד, ווו מ'האָט נעכטן געפונען דעם טויטן, ארום צען אזייגער אינדערפרי. אין זײַן פּראַקטיק, דערווײַל נאָך גאָר א קנאַפּער, איז דאָס דער ערשטער פאַל, ווען עס שטייט אים פאָר צו פירן אן איניען וועגן א מאָרד, דערצו נאָך אזא ווילדן.

פאַרן קומען אהער איז פעדיוקין געווען אינעם פּאָליציי־צירקל, וווּהין דער גאָראָדאָוואָי האָט געבראַכט נעכטן צו פירן דאָס דערמאָרדעטע ייִנגעלע. אָבער איידער ער האָט געבראַכט אהין דעם טויטן קערפּער, איז ער צוערשט ארײַנגעפאָרן אין שפּיטאָל. ווו מ'האָט דעם מעס ניט געוואָלט אופנעמען, דערנאָך אים געפירט אין שטאָטישן הויז און ערשט באַם סאָף צוגעפאָרן צום פּאָליציי־צירקל. אזוי אז אפן וועג פונעם סאָד ביזן צירקל האָבן קיין נײַגעריקע, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעפעלט.

די קליידער אפן דערהארגעטן זײַנען געווען דורכגעזאַפּט מיט בלוט. אין פיל ערטער — דורכגעשניטן מיט עפּעס א שאַרפער זאַך. אפן פּאָנעם און אפן האַלדז האָבן זיך אָנגעזען פאַרבאַקענע בלוטיקע וווּנדן...

אפן וועג אין סאָד האָט דער פּריסטאַוו א שעפּטשע געטאָן פעדיוקינען, אז צו אים, צום פּריסטאַוו, זײַנען דערגאַנגען קלאַנגען, אז אינעם מאָרדן דאָס ייִנגעלע זײַנען „יאַקאָבי" פאַרמישט די ייִדן. ער האָט עס געזאָגט אָן שום באַזונדערע אָנצוהערענישן, גלאַט אזוי, אז דער אויספאָרשער זאָל וועגן אזא פאַקט אויך וויסן.

— איך פּערזענלעך בין ניט גענייגט צו גלייבן אין פאַרשיידענע קלאַנגען, — האָט זיך דער פּריסטאַוו ווי פאַרענטפערט, — אָבער פאַרשווײַגן אזא פאַקט... אן אָרדענונג בלײַבט אן אָרדענונג.

דאָס אָרט, ווו ס'איז פריִער געלעגן דער קערפּער, האָט זיך בוילעט אויסגעטיילט פונעם ארום. דאָס פאַראיאָריקע גראָז און די רויע ערד איז געווען מעסוקן פאַרבלוטיקט, דערצו נאָך פאַרטאָפּטשעט פון אַלע זײַטן.

— אָט דאָ־אָ איז ער געלעגן, — האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער דער גאָראָדאָוואָי ניקיטע אָסאַדטשענקאָ. דאָס האָט ער נעכטן אָפּגעשטעלט דעם איבערגעשראָקענעם ביז טויט סעראַפים קירילאָוון, אינײַנעם מיט אים געקומען אין סאָד און טאַקע אף זײַן, סעראַפימס, וואָגן ארופגעלייגט דעם טויטן און זיך ארומגעשלעפּט מיט אים שיר ניט איבערן גאַנצן שטעטל. — אָט דאָ־אָ באַם פּניאָק, אף דער לינקער זײַט, מיט די פיס צום פּלויט און מיטן קאָפּ צום סאָד. ער איז ווי אײַנגעוואַקסן געוואָרן אין דער ערד. איך האָב אים מיטן מאָלדאַוואַן קוים אָפּגעריסן... צו דער באַק זײַנען אזש צוגעשטאַנען גאַנצע שטיקער ערד מיט פאַרטריקנט גראָז און בלעטער...

דאָס פּאָנעם באַם גאָראָדאָוואָי האָט זיך פאַרקרימט פאַר עקל. ער האָט אַ רײַב געטאָן די הענט אין דער שינעל, ווי ער וואָלט זיך אויסגעשמירט אין אַן אומרייַנער זאַך.

— וואָס זשע האָט איר פּריִער ניט געוואָרנט דעם פּריסטאַוו? — האָט געזאָגט פּע־דיוקין מיט אַ פאָרוואורף. — אַליין געכאַפּט, געלאָפן, אַנגעטאָפּטשעט ז'אָ...

אָסאַדטשענקאָ האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען. אַ ברום געטאָן אונטער דער נאָז: „ווינאָוואַט!.. כ'בין שולדיק!"

דער פּריסטאַוו האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אין זײַן זײַט. די פאַרדרייטע אַרוף וואָנ־צעס האָבן בא אים אופגעציטערט, דערמאָנט איצט פאַרשפּיצטע הערנערלעך.

— ער איז בא אונדז אַ נײַ'נקער, — האָט ער זיך אָנגערופן. — כ'האָב אים אָבער נעכטן גוט אַרײַנגעזאָגט!

— יאָ, יאָ, — האָט פּעדיוקין אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — סײַווי פאַרפאַלן...

ער האָט זיך צוגעזעצט אַף די שפּיץ פינגער און אופמערקזאַם באַטראַכט דאָס אָרט, ווו מ'האָט געפונען דעם דערהאַרגעטן. „ס'איז נאָך גוט, — האָט ער זיך געטרייסט, — וואָס אין די טעג איז ניט געווען נישט קיין רעגן און נישט קיין שניי... דער טויטער איז, אַפּאָ־נעם, געלעגן דאָ עטלעכע טעג. דאָס גראָז איז זייער צוגעפּרעסט. אַף דעם שטיקל אָרט, ווו דער טויטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ, האָט זיך פונעם לאַנגן ליגן באַקומען אַ היפּש גריבל. טאַקע יאָ, ווי אײַנגעוואַקסן געוואָרן אין דער ערד..."

מאַקסים פּאַוולאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן, זיך אומגעקוקט. עס האָט זיך אויסגע־לאָזט, אַז דער קערפּער איז געלעגן גלײַך אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג אין סאָד. פונעם הויף־טירל ביזן פּניאָק, האָט אַ רעכן געטאָן פּעדיוקין, איז עטלעכע צענדליקער סאַזשען. „ניין, — האָט ער געמאַכט אַן אויספיר, — פון דאָרט, פונעם פּאַראַמער ליקל, האָט מען אים ניט געקאָנט באַמערקן..."

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום פּריסטאַוו. אַ פרעג געטאָן:

— פּאַנקאָוו, וועמענס סאָד איז ז'אָס?

דער פּריסטאַוו האָט זיך אַפּן מאָמענט פאַרלוירן. אַ קוק געטאָן צו די צוויי געננומענע אײדעס — פלאָרינען און פּיאַדאָראָוון, וועלכע זײַנען ביז אַהער געשטאַנען אין אַ זײַט, שטיל געררייכערט און מיט עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם נײַגער און פּאַכעד זיך אײַנגעקוקט און זיך אײַנגעהערט איז דעם, וואָס עס קומט דאָ פּאָר אַף זייערע אויגן.

— דאָס איז זשאָלובאָווס סאָד, — האָט פּיאַדאָראָוו גיכער פאַרשטאַנען דעם פּריס־טאַווס בליק, — און פון יענער זײַט פּלויטל איז פּילערס סאָד. אַ ייִד איז ער. ביידע ווױנען ניט אין שטעטל...

— דער פּילער האַלט אַן אײַזנקלייטל אין מאַרק, — האָט צוגעגעבן פלאָרין.

די אײדעס האָבן געקוקט אַפּן פּריסטאַוו, צי איז ער פאַרבליבן צופרידן פון זייער ענט־פער. פּאַנקאָוו האָט גוטוויליק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— און ווער איז דער באַלעבאָס פון יענעם סאָד, פון רעכטס?

— דאָס איז באַלאַנס סאָד, — האָט זיך ווידער אָנגערופן פּיאַדאָראָוו. — קאָליע באַ־לאַן איז בא אונדז דער בעסטער קאָוואַל. איך קען אים נאָך פון קינדווײַז אָן...

דער באַריידעוודיקער אײדעס האָט נאָך עפּעס דערציילט. פּעדיוקין האָט אים ניט אי־בערגעשלאָגן, בעשאַסמײַסע האָט ער געמאַכט עטלעכע שפּאַן צו באַלאַנס סאָד. קעדיי ניט פאַרטשעפּען זיך פאַר די צווײַגן, האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ. מיטאַמאָל האָט זײַן אופ־מערקזאַמקײַט צוגעצויגן אַ טונקעלער פלעק, וואָס האָט זיך אָנגעזען אַף איינעם פון די דרײַ לאַנגע פלאָקנס, צו וועלכע עס איז געווען צוגעפּעסטיקט אַ טייל פון באַלאַנס פּלויטל. ביכלאַל איז דאָס פּלויטל אין דעם אָרט געווען נידעריקער ווי אומעטום. ווײַזט אויס, אַז גראָד דאָ איז אויסגעקומען אַפּטער אַריבערצוקריכן פון איין סאָד אין אַן אַנדער סאָד. דע־ריבער זײַנען די דרענגלעך פונעם פּלויטל אײַנגעפאַלן.

פּעדיוקין איז צוגעגאַנגען נעענטער. איצט האָט ער זיך שוין באַשײַמפּערלעך איבער־צײַגט, אַז דער טונקעלער פלעק איז בלוט.

— פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש, — האָט פּעדיוקין אַ רוף געטאָן דעם פּריסטאַוו.

יענער איז שנעל אופגעוואקסן לעבן אים.

— כ׳וואָלט אײַך געבעטן אַט דעם פלאַקן ארויסנעמען פונדאנען און פארכאפן מיט זיך.

אינגיכן האָט פעדיוקין פארענדיקט באטראכטן דאָס אָרט. ווי עס געהער צו זײַן, האָט ער אלץ פארפראָטאָקאָלירט. בעלי־סאַפעק, דאָס ייִנגעלע האָט מען דערהארגעט דאָרט, ווו מ׳האָט עס שפעטער געפונען. מאקסים פּאוולאָוויטש האָט געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, ווי־אזוי דאָס אלץ איז געשען. דאָס ייִנגעלע האָט זיך, אפּאַנעם, געראטעוועט פון זײַן נאָכיאָגער (אָדער פון זײַנע נאָכיעגער), ארײַנגעלאָפן אין פילערס סאָד, איז עס אריבערגעשפּרונגען איבערן פלויטל, וואָס צעטיילט פילערס סאָד און זשאָלובאָווס סאָד, און דאָ, שוין אין זשאָלו־באָווס סאָד, זיך פארטשעפּעט פארן פּניאַק און געפאלן. אין דער רעגע האָט אים דער מער־דער (אָדער די מערדער) אָנגעיאָגט... אַפּגעטאָן זײַנס, איז דער מערדער אריבערגעקראָכן איבערן אײַנגעפאלענעם פלויטל (וועגן דעם זאָגט איידעס דער בלוטיקער סימען אפן פלאַקן, אין וועלכן מ׳האָט זיך אָנגעכאפּט מיט דער האנט) און אנטלאָפן דורך די פּוסטע סעדער הינטער דער שטאָט, אלע אנדערע וועגן און סטעזשקעס פירן קיין דובאָסאר...

3

ביז שפעט באנאכט איז פעדיוקין געזעסן אין דער געריכט־אופראווע, נאָכאמאָל און אָבעראמאָל איבערגעקוקט די פראָטאָקאָלן פונעם ערשטן אויספאָרש־טאָג, זיך אײַנגעלייענט אינעם שלוס־אויספיר, וואָס ס׳האָט געמאכט נאָכן פאַלמעסן דער היגער דאָקטער לייב פּאָ־לינקאָווסקי. קיין שום שפורן, וועלכע וואָלטן געוואָרפן א שײַן אף דעם איניען, האָט ער נאָך דערווײַל ניט געפונען.

דער פּריסטאַוו פּאנקאָוו האָט זיך אויך אומגעקערט מיט גאָרנישט: אינײנעם מיט די צוויי איידעס, פלאָרינען און פּיאָדאָראָוון, האָט ער באטראכט פילערס זומערדיק שטיבל. דאָס שטיבל שטייט ניט ווײַט (171 שפּאַן) פון דעם אָרט, ווו מ׳האָט געפונען דאָס דערהארגעטע ייִנגעלע. פּאנקאָוו האָט אויך באטראכט פילערס סאָד און די שכײנישע סעדער.

איידער פעדיוקין האָט פארלאָזט אינדערפרי דאָס אָרט פון דעם פארברעכן, האָט ער אָנגעזאָגט דעם פּריסטאַוו:

— קוקט ארײַן, פּאנקראט גריגאָריעוויטש, אין יעדן ווינקעלע. עפשער וועט זיך אײַך אײַנגעבן פונדעסטוועגן אָפּזוכן די זאך, מיט וועלכער ס׳איז באגאנגען געוואָרן דער מאָרד.

— זײַט רויִק, הער אויספאָרשער, — האָט דער פּריסטאַוו פארזיכערט פעדיוקינען. — פון מײַן בליק ווערט גאָרנישט ניט אויסגעמיטן. אן אָרדענונג בלײַבט אן אָרדענונג!

לויט דעם פּריסטאַווס ווערטער, האָט ער „איבערגעקערט אלע כאטעס" אין דער מא־האלא „גרויסער פאָנטאָן". ער האָט באקוקט די קליידער און די הענט בא די ייִנגעלער, וועלכע האָבן זיך געגליטשט דאָס לעצטע מאָל אינײנעם מיט מיכאיל ריבאטשענקאָ, פאר־הערט אויך די וועכטער פון די סעדער. דער וועכטער פון פילערס סאָד, אנטאָן טישטשענקאָ, א געוועזענער סאָלדאט אָן א שטוב און אָן א הויף, האָט קיין ניכטער וואָרט ניט געקאָנט ארויסקוועטשן פון זיך.

— א פארפאלענע נעשאָמע! — האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט דער פּריס־טאַוו. — מע דארף צו אים אליין צושטעלן א וועכטער.

— ווו־נט ער דאָרט ?אליין?

דער פּריסטאַוו האָט זיך א דריי געטאָן א וואָנצע און געענטפערט מיט א שעלמיש שמייכעלע:

— שטעלט זיך פאָר, מאקסים פּאוולאָוויטש, מיט איינער א פרוי, ליאשענקאָ איז איר פאמיליע. זי קלאָגט זיך, אז אנטאָן אירער קריכט שוין א גאנצע וואָך ניט ארויס פונעם פלעשל.

— נו, גוט... — האָט פעדיוקין ווי אונטערגעצויגן א סאכאקל צו זייער שמועס. —

כ'האָב צו אײַך נאָך איין ביטע, פּאַנקראַט גריגאָריעוויטש. זײַט אַף אַזויפּיל גוט און קאָנ־טראָלירט דורך, אַז אָט די מענטשן זאָלן מאָרגן זײַן בא מיר.

און ער האָט דערלאַנגט דעם פּריסטאַוו אַ צעטל פון אײדעס.

— אַף מיר קאָנט איר זיך פאַרלאָזן, האָט אים פּאָלקאָם פאַרלאָזן, דער אויספאָרשער...

קוקנדיק אַף פּאַנקראַטס בריט פּאָנעם מיט סטאַרטשענדיקע באַקנביינער, ווי בא אַ בולדאָג, האָט פּעדיוקין אַ טראַכט געטאָן, אַז דער פּריסטאַוו האָט נאָך אין זײַן מוטערס בויך געוווּסט, מיסטאָמע, אַז ער וועט געבוירן צוליב זײַן אַ פּאָליציאַנט, קעדיי שטיצן די אָר־דענונג מיט אַלע זײַנע קויכעס — אָן אָרדענונג בלײַבט אָן אָרדענונג! — פּאַשעט און קלאָר... „און צוליב וואָס בין איך געבוירן געוואָרן? — האָט געטראַכט מאַקסים פּאַוולאָ־וויטש, — שוין זשע צוליב האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע ווילדקייטן, ווי מאָרד, גנייווע און אַנ־דערע כּיִישע זאַכן, אַף וועלכע ס'איז פּעיִק נאָר אַ פאַרנונפטיקע באַשעפעניש?!"

ער איז אויפגעוואַקסן אין אַ שטוב, ווו אין די אָוונטן האָט מען אָפט מוזיצירט אַף דער פּיאַנע „אין פיר הענט", געלייענט אַף אַ קאָל טשערנישעווסקיס ווערק, געפירט לאַנגע, דאַכט זיך, אומענדלעכע שמועסן וועגן ליבע צום פאָלק, וועגן מעסירעסנעפעש צוליב דעם פאָלק. מאַקסימס עלטערע שוועסטער איז באַלד נאָך דער גימנאַזיע אַוועקגעפאָרן אין אַ דאָרף לערנען פּויערשע קינדער. אין אַ יאָר אַרום האָט זי זיך אומגעקערט אהיים אַ קראַנקע און אַ צעבראָכענע, אַלע אירע שיינע טרוימען זײַנען פאַרבליבן באַגראָבן אין יענעם ווײַטן דערפל. „דו, מאַקסימושקאַ, דאַרפסט אומבאַדינגט ווערן אַ יוריסט! אַן אַדוואָקאַט! — האָט ער אָפט געהערט פון זײַן פאָטער, אַ לערער פון געשיכטע אין גימנאַזיע. — יעדן מענטשן האָט גאָט געגעבן אַלציינע רעכט. פאַרטיידיקן אָט די רעכט, אופשטעלן די גערעכטיקייט — הייסט, מאַקסימושקאַ, דינען דײַן גאָט און דײַן פאָלק!..."

— און די פאַרברעכער, די מערדער מוז מען אויך פאַרטיידיקן? — האָט איינמאָל אַ פרעג געטאָן מאַקסים באַם פאָטער.

— ווי זאָל איך עס דיר בעסער דערקלערן, — האָט זיך אָנגערופן דער פאָטער, — די זאַך איז אין דעם, אַז ניט נאָר דער פאַרברעכער אַליין איז שולדיק אין דעם, וואָס ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן. די גאַנצע געזעלשאַפט איז פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך, ווײַל זי האָט געשאַפן פאַר אים אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע האָבן אים געצוווּנגען צו ווערן אַ פאַרברעכער...

פּעדיוקין האָט ווידער דערזען פאַר די אויגן דאָס צעשעדיקטע לײַב פונעם דערהאַר־געטן יינגעלע. אַן איבלקייט איז צוגעטראָטן צום האַלדז, פּונקט ווי באַטאָג, בעשאַס דער עקספּערטיזע. ער האָט זיך געסטאַרעט אויסבאַהאַלטן זײַנע געפילן, דער דאָקטער האָט עס אָבער סײַווי באַמערקט.

— אַזוינס קומט אײַך, אַפּאָנעם, אויס צו זען דאָס ערשטע מאָל? — האָט ווייך אַ פרעג געטאָן פּאָלינקאָווסקי, און אַליין פאַרענטפערט פּעדיוקינס צושטאַנד: — יאָ, מע דאַרף טאַקע האָבן אײַזערנע נערוון.

ער האָט פאַריכט די ברילן אַף דער נאָז און נאָך אַ פּאַוזע צוגעגעבן:

— צו אַזעלכע ווילדקייטן איז שווער זיך צוגעוווינען אַפילו מיט דער צײַט.

פּעדיוקין איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אופגעעפנט די פאָרטקע. די נאַכט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אָנגעהייצטן צימער, אַרײַנגעבראַכט מיט זיך אַ פרישן ווינטל פונעם דניע־סטער. עס האָט זיך שוין געהערט, ווי דער טײַך הייבט צוביסלעך אָן ברעכן אַף זיך דעם אײַזפאַנצער.

מאַקסים פּאַוולאָוויטש האָט טיף אָפּגעאָטעמט. דער איבלדיקער טשאַד האָט זיך פאַר־מעלעך אויסגעדעמפּט. „מע דאַרף זיך נעמען אין די הענט! — האָט ער זיך אַליין געמונ־טערט. — וואָס ווייניקער עמאָציעס. בלויז שטרענגע לאָגיק. פאַקטן..." די געדאַנקען זײַנען קלאָרער געוואָרן: איבערגעקליבן, אָפּגעוואָרפן, געזוכט כאָטש אַ פּעדעמל אַף אָנצוכאַפּן זיך.

באַטאָג נאָך דער עקספּערטיזע האָט מען דעם מעס אומגעקערט דער מישפּאָכע. צו פּעדיוקינען איז צוגעגאַנגען אַ יאָדערדיקער מאַנצבל פון עטלעכע און פערציק יאָר.

— איך בין מישעס שטיף־פאָטער, טאָלמאַטשאָוו ניקיטע איוואַנאָוויטש.

פעדיוקין האט אים אנגעוויזן אפן בענקל.

— ביטע, זעצט זיך צו. איך הער אייך.

— טאקע צוליב דעם בין איך צו אייך געקומען, איר זאלט מיך אויסהערן.

און ווי א מענטש, וואס האט ניט ליב צו פאטערן צייט אף פוסטע רייד, האט ער גלייך אנגעהויבן צו דערציילן. גערעדט האט ער ניט הויך, נאר מיט א זיכערקייט אין קאל און צו דער זאך. עס האט זיך געפילט, אז איידער ער איז אהער געקומען, האט ער אלץ גוט דורכגעטראכט.

— דינסטיק, דעם עלפטן פעווראל, האב איך אינייגעם מיטן אלטן ריבאטשענקא, מיט זיין עלטער אייניקל איוואנען און מיט זייער שאכן סטעפאנען געזוכט אין טייך מישעס קערפער. מיר האבן דעמלט געהאלטן, אז מישע איז אריינגעפאלן אין א פאלאנקע און דערטרונקען געווארן. סטעפאן האט ארויסגעזאגט נאך א געדאנק: ער האט דערלאזט, אז מישע האט געקאנט אויך אריינפאלן אין א ברונעם. דא, אין דובאסאר, זיינען ברינעמער אנגעגראבן אף שריט און טריט. אויב נעמען אבער אין אכט דעם פאקט, אז מישעס פריינטל, סטיאפקע גרינקא, האט אים איבערגעלאזט באם אריבערפאר איינעם אליין, האט גיכער פון אלץ געקאנט דערלאזן, אז מישען דארף מען זוכן גראד אין טייך. מיר זיינען אלע געשטאנען אין פארשיידענע ערטער. איך האב געזוכט נעענטער צום פאראמער געסל. בעשאסן זוכן האב איך מיטאמאל דערפילט, ווי עמעצער הינטן קוקט אף מיר. כ'האב אויסגעקערעוועט דעם קאפ און זיך אנגעשטויסן מיטן בליק אין איינעם א מענטשן — א נידעריטשקער אזא און א געלער. דעמלט איז ער צוגעגאנגען צו מיר און אנגעהויבן מיך אויסצופרעגן: וואס און ווער און ווען. נאך זיין אויסזען און נאכן רעדן איז ניט שווער געווען זיך אנשטויסן, אז דער געלער איז א ייד. אויסגעהערט מיך, האט ער עפעס מאדנע א קוק געטאן אף מיר און שוין אן אן איבעריק ווארט אוועקגעשפאנט צום ברעג. אבער אינגאנצן איז ער ניט אוועקגעגאנגען. כ'האב געזען פונדערווייטנס, ווי פון הינטער דער קוזניע — זי געפינט זיך גלייך אנטקעגן דעם אריבערפאר, — האט זיך יעדעס מאל ארויסגעשטופט זיין געלער קאפ. כ'דארף אייך זאגן, הער אויספארשער, אז צוערשט האט בא מיר דער ייד קיין שום כשאד ניט ארויסגערופן — מאלע וואס א מענטש אינטערעסירט זיך, ביפראט נאך א ייד. זיי האבן שטענדיק ליב אויסצופרעגן, אויסצושמעקן... אינגיכן איז פונעם שטעטל אנגעלאפן סטעפאנס ווייבל און אנגעהויבן שרייען, אז מיר זוכן דא מישען אומזיסט, אז ער איז ניט דערטרונקען געווארן, אז די יידן האבן אים אוועקגעגאנוועט. פארשטייט זיך, אז דער געלער ייד האט עס אויך געהערט. כ'האב באמערקט, ווי ער איז באלד ארויס פון זיין באהעלטעניש און זיך א לאז געטאן אין שטעטל. כ'וויס אליין ניט פארוואס, נאר ס'האט מיך ווי עמעצער א שטופ געטאן נאך אים. ליידער, האב איך אים ניט דעריאגט...

— און ווער איז אט דער מענטש, ווייסט איר ניט? — האט פעדיוקין געפרעגט.

— ניין, איך בין דאך ניט קיין היגער, כ'וווין אין גריגאריאפאל.

— נו, און דאס ווייבל? פון וועמען אדער פונוואנען האט זי זיך דערוווסט, אז דאס יינגעלע האבן אוועקגעגאנוועט די יידן?

טאלמאטשאוו האט א פאר רעגעס געשוויגן, עפעס ארומגעטראכט, זיך געקווענקלט. ענדלעך האט ער זיך אנגערופן:

— איר פארשטייט, הער אויספארשער, פונעם פאליציי־צירקל האבן מיר, די מאנצבלען, זיך אראפגעלאזט צום טייך, און די ווייבער האבן פארקערעוועט צו איינער א טרעפערקע. יעקאטערינע — אזוי הייסט זי, דאכט זיך... איך, אשטייגער, גלייב ווינציק־וואס אין די אלע מייסעס, איר זעט דאך אבער אליין — מישע איז טאקע אינדערעמעסן ניט דערטרונקען געווארן, מ'האט אים דערהארגעט.

— יא, דערהארגעט, — האט באשטעטיקט פעדיוקין, — נאר פארוואס מיינט איר, אז געטאן האבן דאס די יידן?

טאלמאטשאוו האט געשוויגן. דערנאך א הייב געטאן די אקסלען און קאטעגאריש געזאגט:

— יעדנפאלס, בעט איך אײַך, הער אויספאָרשער, אַרײַנטראָגן מײַנע ווערטער אין פּראָטאָקאָל...

איצט, דערמאָנענדיק זיך אין דעם שמועס, האָט פּעדיוקין א טראַכט געטאָן: „ווער ווייסט, קאָן זײַן, אַז דער געלער ייִד איז אַפּאַנעמעסן א פּעדעמל און עס האָט א זין זיך פאַר דעם פּעדעמל אָנצוכאַפּן. מאָדנע, שוין דאָס דריטע מאָל ווערן דערמאָנט הײַנט די ייִדן אין שײַכעס מיט אָט דעם איניען: אינדערפרי האָט אים דער פּריסטאַוו געגעבן וועגן דעם אָנצוהערן, דערנאָך די צוויי גענומענע אידעס און לעסאָף ניקיטע טאָלמאַטשאָוו. ווי־אַזוי דאַרף מען עס פאַרשטיין? א צופעליקער צונױפפאַל אָדער עפּעס אַנדערש?"

מאַקסים פּאַווּלאָוויטש האָט דערפילט, אַז די געדאַנקען הייבן אים זיך אָן פּלאָנטערן. „...מאָרגן, — האָט ער געזאָגט אַף א קאָל, — דאָס הייסט, שוין הײַנט, וועט מעגלעך עפּעס קלאָר ווערן..."

דער שלוס־אויספיר נאָכן באַטראַכטן און פאַרמעסן דאָס דערמאָרדעטע ייִנגעלע מי־כאיל ריבאַטשענקאָ, דורכגעפירט דעם 14־טן פעוורויל 1903 דורכן אויספאָרשער מ. פּע־דיוקינען און דעם דובאָסאַרער דאָקטער ל. פּאָלינקאָווסקי. בײַגעווען אויך דער פעלדשער ק. פּעלימאָנאָוו:

„אַף ריבאַטשענקאָן איז געווען אָנגעטאָן א געוואַנט־מאַנטעלע, א רעקל, א זשילעט, צוויי העמדער, א שפּעסענע קוטשמע, אַפן האַלדז א גאַרוס־שאַרפל, א פּאָר הויזן, דרײַ פּאָר גאַטקעס, זעקס פּאָר אָנעטשעס און א פּאָר שטיוול. אין די קעשענעס האָט מען געפונען פיר ניס און צוויי קאָפּיקעס. אַלע קליידער אַפן דערהאַרגעטן, ווי אויך דער גאַרוס־שאַרף, וועל־כער איז געווען אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז, זײַנען דורכגעשניטן אין פיל ערטער, זעט אויס, מיט א מעסער. אַלץ איז פאַרבלוטיקט, באַזונדערס דער קאָלנער פונעם מאַנטעלע און פון די העמדער, ווי אויך דער שאַרף. אַלע שניט אַף די קליידער פאַלן אומעטום צונויף מיט די דערלאַנגטע ווונדן אַפן לײַב און אַפן האַלדז.

בײַסן באַטראַכטן און פאַרמעסן דעם קערפּער האָט מען געפונען 18 (אַכצן) ווונדן פון 1/2 ביז 2 מיט א האַלבן סאַנטימעטער די גרייס, וואָס געפינען זיך אַפן קאָפּ, האַלדז, אַף דער רעכטער זײַט בויך און אַף דער רעכטער זײַט ברוסט. פון די אינערלעכע אָרגאַנען זײַנען צעשעדיקט די לעבער, די נירן און די געפּעסן אַף דער רעכטער זײַט האַלדז. אין דער לעבער, אַפן אייבערשטן רעליעפן אויבערפלאַך, האָט מען געפונען צוויי ליניעס, וואָס ברעכן איר גאַנצקײַט. אַפן הינטערשטן אויבערפלאַך פון דער רעכטער ניר, בײַם אונטערשטן ראַנד, זעען זיך קלאָר אָן צוויי שניט, וועלכע האָבן אויך א ליניע־פאָרם פון 2 סאַנטימעטער די גרייס. די געפּעסן אַף דער רעכטער זײַט האַלדז זײַנען דורכגעשניטן. אַפן פּאָנעם זײַנען פאַרבליבן פינף קראַטעראַרטיקע שפּורן פון פייגלשע שנאָבלען. די געשלעכט־אָרגאַנען זײַנען ניט אָנגערירט.

דער טויט איז געקומען פון פיל ווונדן, דערלאַנגטע מיט עפּעס א שאַרפשנײַדנדיקער זאַך און פאַרבונדן מיט דער צעשעדיקונג פון אַזעלכע וויכטיקע אָרגאַנען, ווי די לעבער, נירן און שלאָף־אַרטעריע".

4

דאָוויד בעקער איז נאָך געווען א קינד, ווען דער פאָטער זײַנער איז נאָך א פּאָגראָם איבערגעפירט קייז דובאָסאַר. ער איז דעמלט אַלט געווען א יאָר פינף־זעקס. דער אומגליק איז געשען אַף זײַנע אויגן, און ער האָט נאָכדעם פאַרלוירן דאָס לאָשן. ער פלעגט אויפ־ציטערן בײַ יעדן שאָרך און באַלד זיך פאַרטײַען ערגעץ אין א ווינקעלע, אָדער אַרונטער־קריכן אונטערן בעט, ווי א קליין אָנגעשראָקן כײַעלע, וואָס מ'האָט געבראַכט פון וואַלד. מיט דער צײַט האָבן זיך, באַרעכהאַשעם, די בלוטיקע בילדער צעווייעט, דאָס לאָשן האָט

זיך פּאַמעלעך אומגעקערט, נאָר די מוירע — זי איז פֿאַרבליבן אַף שטענדיק, זיך טיף אײַנגעוואָרצלט אין זײַן נעשאָמע.

דאָוויד האָט איבערגענומען באַם טאַטן די מעלאָכע זײַנע, געוואָרן אַ פֿאַרבער. מיט אַ יאָר פֿינף צוריק האָט ער כאַסענע געהאַט פֿאַר אַ מיידל פֿונעם בעסאַראַבער שטעטל גאַנטשעשט, פּייגע הייסט זי; זיי לעבן, דאַנקען גאָט, ניט ערגער פֿון אַנדערע. און דאָך גיט דאָוויד וועך־ניט־וועך זיך אַ דריי פֿאַר די אויגן דאָס אַמאָל דערזעענע און ער ווייסט ניט וווּהין זיך אַהינטאָן. די לעצטע עטלעכע כאַדאָשים פֿילט ער עס אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער. פֿון די פּויערים, וואָס ברענגען אים וואָל אַף אָפּצופֿאַרבן, קומט אים אויס הערן, אַז אין די אַרומיקע שטעטלעך איז ניט רויִק — דאָ האָט מען אין מאַרק צענערעקט אַ ייִדן, און ווען דער אוריאַדניק וואָלט זיך ניט אַרײַנגעמישט, וואָלט מען אים דערהאַרגעט; דאָרט האָט זיך אַ קאָמפּאַניע שיקורים פֿאַרגלוסט אין אַ זונטיק ברעכן די טאַפֿליעס אין די ייִדישע הײַזער...

— מענטשן טײַנען, — האָבן זיך איבערגעשושקעט צווישן זיך די פּויערים, — אַז דער צאַר גרייט אַף פּאַסכע אַ פּאַפּיר, ווו ער רופֿט שלאָגן די ייִדן...

נאָך אַזעלכע רייד באַשלאָגט דאָווידן אַ קאַלטער שווייס, ער מיז אָוועקלייגן די אַרבעט. ער פֿאַרשפּאַרט זיך אין דער שטאַל, ווו עס שטייען עטלעכע גרויסע פֿאַנען מיט פֿאַרב, און זיצט, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן שטערן אין אַ וואַנט, ווי אַף די שפּיץ פֿינגער, די הענט צונויפֿגעשלאָסן ביז צו ווייטיק, ניט בעקויעך אײַנשטילן אין זיך דעם שוידער.

אין אָט דעם מאָנטיק איז דאָוויד געקומען אין מאַרק. קיין באַזונדערע מעציִעס האָט ער ניט געזוכט און ניט געדאַרפֿט. זײַן פּייגעלען האָט זיך פֿאַרגלוסט קרעפּלעך מיט קעז. גיין אַליין אין מאַרק איז איר איצט שווער. זי איז שוין, קיין אײַנהאָרע, אַפֿן לעצטן כוידעש. אינגיכן, מירצעשעם, וועט דאָוויד עפּשער מאַכן אַ בריס. זײַן פּייגעלע איז בעעמעס אַ פּייגעלע — אַ שטילע טויב. ער האָט זי זייער ליב, נאָר איין זאַך האָט זיי ביידן אויסגעפּעלט צו אַ פּאַשעטן מענטשלעכן מישפּאָכע־נאַכעס — זיי האָבן ניט געהאַט קיין קינדער. דאָוויד און פּייגע זײַנען שוין געוועזן באַם ראָוו, אויסגעפּרווּוט אַלערליי סגולעס, געטאָן מיצוועס, צעגעבן נעדאָוועס, אונטערגעהאַלטן אַן אַרעמאַן אַן אַלמען מיט זעקס קינדערלעך; זיי האָבן זיך אַפֿילע געקליבן אַרײַנצופֿאָרן צו איינעם אַ צאַדיק ערגעץ הינטער אומאַן... גאָט אָבער האָט דערהערט זייערע טפֿילעס. יעדע זאַך, אַפֿאָנעם, קומט צו איר צײַט. אַבי ס'זאָל נאָר זײַן אין אַ מאַזלדיקער שאָ.

דאָוויד האָט זיך אומגעדרייט צווישן די טישלעך, ווו מ'האָט פֿאַרקויפֿט מילכיקס. דאָ אָפּגעצופּט אַ ברעקל קעז, דאָרט אָפּגעצופּט, באַ איין פֿאַרקויפֿערן איז דער קעז צו נאַס, באַ אַ צווייטער — צו טרוקן. סאָפּקאָלסאָף האָט ער געפֿונען, וואָס ער האָט געזוכט, און זיך געלאָזט גיין אַהיים. שוין באַם אַרויסגיין פֿונעם מאַרק האָט ער דערהערט, ווי עמעצער רופֿט אים. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז זײַן שוועסטערקינד אוריִעל. יענער איז געשטאַנען מיט נאָך צוויי ייִדן און אַלע דרײַ האָבן עפּעס הייס אַרומגערעדט. אַף דאָווידס „גוט־מאָרגן” האָבן זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גערעדט ווײַטער:

— איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל, — האָט געטײַנעט יאַנקל דער טאַנדעטניק, — עס פֿאַרקאָכט זיך אַ נײַע מילכאָמע.

אוריִעל האָט אים אונטערגעהאַלטן מיט אַ וואָגיקער רײַע:

— מייער שינדערס פּלימעניק, אײַזיקן, האָט מען אַרויסגערופֿן קיין טיראַספּאָל. מע מאַכט דאָרט אַ פּראָבנע מאָביליזאַציע.

— כ'האָב געהערט, — איז דער טאַנדעטניק איבערגעגאַנגען אַף אַ שעפּטשערײַ, — אַז פֿון די מאָביליזירטע ייִדן וועט מען שאַפֿן באַזונדערע טיילן, קעדיי שיקן זיי די ערשטע אין סאַמע פֿײַער אַרײַן!

— אוי, גאָטעניו! — האָט שווער אַ זיפֿץ געטאָן דער האָרבאַטער זאָקן, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דאָווידן. דאָוויד האָט אים פֿריִער קיינמאָל ניט געזען. — ייִדיש בלוט איז וואָלוול בלוט...

אַלע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. פּלוצעם האָט דער טאַנדעטניק זיך דערמאָנט:

— יאָ, איר האָט געהערט אַ נײַס? באַ אַ קריסט פֿונעם „גרויסן פֿאָנטאָן” איז נעכטן

פאַרפאַלן געוואָרן דאָס ייִנגעלע זײַנס. געגאַנגען זיך גליטשן אפֿן טײַך מיט די כעוורע און אהיים זיך שוין מער ניט אומגעקערט.

— מיסטאמע אַרײַנגעפאַלן אין א פּאָלאָנקע, — האָט אזריִעל זיך מעשאַער געווען, — פאַראַיאָרן ווינטער, אויב איר געדענקט, האָט רעפּאָעל דעם קאָלדרעמאַכערס זונדעלע זיך אויך געגליטשט אפֿן טײַך און איז אויך אַרײַנגעפאַלן אין א פּאָלאָנקע. א גליק, וואָס וואַסיליע באָנדיו, דער באָנדער פונעם טויבן ליקל, האָט דערהערט ווי ער שרײַט...

דערנאָך איז דער שמועס אוועק אין א זײַט. מ'האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דער פּרײַז אף קאָרן: אויב עס וועט טאַקע אויסברעכן א מילכאָמע, וועט די פּרײַז באַלד אופשפּרינגען...

דאָוויד איז געשטאַנען צווישן די ייִדן, ווי אף שפּילקעס. דעם עמעס געזאָגט, האָט אים ווייניק אינטערעסירט אי דאָס ערשטע, אי דאָס צווייטע, אי דאָס דריטע — ער איז שוין גערן געווען זיך זען אינדערהיים מיט זײַן פייגעלען. ענדלעך האָט ער זיך פּאַוואָלינקע אָפּגעשאַרט פונעם רעדל און שטיל, אָן א „זײַ-געזונט" אַוועקגעלאָזט זיך אהיים.

אפֿן אַנדערן טאָג, נעענטער צו וואַרמעס, האָט זיך צו אים אין שטאַל אַרײַנגעשטעלט דאָס שוועסטערקינדל. אזריִעל האָט אָנגעהויבן צו ריידן גלײַך פון דער שוועל:

— ווּהין ביסטו נעכטן נעלעם געוואָרן? כ'האָב אפילע ניט באַוויזן צו ריידן מיט דיר א וואָרט!

— דו גיסט דען עמעצן אויסריידן א וואָרט? — האָט דאָוויד זיך צעשמייכלט.

ער האָט זיך געפּאָרעט בא א גרויסער פאַן, אָן אָנגעפּילטער מיט העל-רויטער פאַרב. אזריִעל, ווי ער האָט באַלד באַמערקט, איז געווען עפּעס צערודערט. מיסטאמע זיך ווידער צעקריגט מיט זײַן פריידען. „דו, דאָווידל, — האָט ליב געהאַט זיך א כאָכמע טאָן אזריִעל, — פאַרמאָגסט א פייגעלע, און איך — א גאַנצן פויגל!"

— וואָס איז שוין ווידער געשען, אזריִעל, הא?

אזריִעל האָט זיך מיטאמאָל אָנגעצונדן:

— געשען?! אזא יאָר אף זיי! אויסגעטראַכט אזא מײַסע! די האָר שטעלן זיך קאַפּויר!

— וואָס זשע?..

— בא איינעם א גוי איז פאַרפאַלן געוואָרן זײַן ייִנגעלע...

— כ'ווייס, — האָט אים איבערגעשלאָגן דאָוויד, — יאַנקל האָט דאָך נעכטן דערציילט וועגן דעם.

— וואָס ווייסטו, וואָס? — האָט אזריִעל שוין געשריִען. — זיי האָבן די גאַנצע מײַסע אויסגעדרייט אזוי, אז דאָס ייִנגעלע האָבן קלאָמפּערשט אַוועקגעגאַנוועט די ייִדן!

— אַוועקגעגאַנוועט? צוליב וואָס?..

— קוקט אים נאָר אָן, דעם יאָלד! דאָס גאַנצע שטעטל קאָכט: הײַנט-מאָרגן קאָן זיך, כאָלילע, אָנהייבן א פּאָגראָם, און ער „צוליב וואָס?".

דאָוויד איז געבליבן שטיין א געפּלעפּטער. ער האָט געקוקט אף אזריִעלן און געזען, ווי דורך א נעפּל, פייגעלעס פּאָנעם. אינדערפרי האָט זי צוגעטראָגן זײַן האַנט צו איר בויך, און דאָוויד האָט דערפילט, ווי אונטער דער דלאָניע רירט זיך א לעבעדיק נעפּעשל. זײַן זוים. זײַן בלוט און ביין..

— דו הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר? — אזריִעל האָט אים א טאָרע געטאָן באַם אַקסל.

— כ'בעט דיך... — האָט דאָוויד קוים אַרויסגעבראַכט אף די ליפּן, — כ'בעט דיך... פייגעלען זאָלסטו וועגן דעם גאָרנישט ניט זאָגן.

אזריִעל האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: א שמאַטע בלײַבט א שמאַטע! — און האָט זיך אָפּגעטראָגן.

דאָוויד איז געבליבן איינער אליין, ער איז געשטאַנען בא דער פאַן, די רויטע פאַרב אין איר האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע שוואַרצאַפּלען, וואָס האָבן אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו ווערן אַלץ ברייטער און ברייטער, עלעהיי זיי וואָלטן זי אײַנגעזאַפּט אין זיך.

— בלוט, — האָט דאָוויד א שעפּטשע געטאָן מיט עפּעס א פאַרבאָרגעניש אין קאָל.

ער האָט איַינגעטונקען די הענט אין דער פאַרב ביז די עלנבויגנס, דערנאָך זיי גיך אַרויסגעשלעפּט, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט.

— בלוט... בלוט... — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן, האַלטנדיק די הענט אינדערלופטן, ווי צוויי פאַרוווּנדעטע פליגל.

פון אַ פינצטער ווינקעלע פון זיַין זיקאָרן האָט זיך אַרויסגעריסן, ווי פון אַ שטיַיג, יענער וויַיטער פאַרבלוטיקטער אינדערפרי פון זיַין קינדהיַיט: דער קליינער דאַווידל האָט זיך דעמלט אויפגעכאַפּט פון אַ האַרצריַיסנדיקן געשריי. געשריִען האָט מען אין דרויסן. דער טאַטע איז שוין אינדערהיים ניט געווען, אַוועקגעפאָרן קאַיאָר אין דאָרף נאָך סכוירע. די מאַמע איז געלעגן אין בעט, געזויגן דאַווידלס פּיצעלע ברודערל. שוין אַ וואָך ציַיט, אַז זי קרענקט.

— וואָס איז דאָרט? — האָט אַן איבערגעשראָקענע געפרעגט די מאַמע.

דאָוויד איז באַלד אַראָפּ פונעם געלעגער און צוגעפאַלן מיטן פּאָנעם צום פענצטער.

אינמיטן דער גאַס איז אין דער גרויסער קאַליוזשע געשטאַנען אויף די קני זייער שאָכן פון אַנטקעגן. מיט ביידע הענט האָט ער זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ און ווי אַ בער הייזעריק געברעוועט אָן אויפהער. אַזוינס האָט דאַוויד נאָך אין זיַין לעבן ניט געזען — אַן אַלטער ייִד מיט אַ באָרד זאָל זיך וואַלגערן אין אַ קאַליוזשע, ווי אַ כאַזער. דאַווידל האָט געזען, ווי פון דעם שאָכנס שטוב זיַינען דורך די צוויי צעבראָכענע אויסגעזעצטע פענצטערלעך געפלויגן אין אַלע זיַיטן פעדערן. מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז אין שטוב פּליקט מען אַ וועלט מיט הינער און גענדז. די אַראָפּגעריסענע טיר האָט זיך געהוידעט אויף איין פּעטליע, און עפּעס אַ פרעמדער פאַרשוין האָט געקלאַפּט אין דער טיר אָט מיטן רעכטן, אָט מיטן לינקן פוס. צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן, האָט דאַוויד ניט פאַרשטאַנען. די גרויסע טוען אַמאָל אַזעלכע נאַרישע זאַכן, וואָס קיין שום קינד קאָן עס ניט פאַרשטיין. באַ דער שטוב, גליַיך אויף דער גאַס האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע טעפּלעך, אַ צעקאַליעטשעטער טיש מיט צוויי פיסלעך, שטיקער האָלץ, שפּענדלעך... לעבן אַן איבערגעקערטן אויף אַ זיַיט קאַסטן האָבן קלאַפּאַטשעטע צוויי וויַיבלעך. זיי האָבן פלינק איבערגעקליבן די כפּייצים, וואָס זיַינען אַרויסגעפאַלן פון דעם קאַסטן, עפּעס אַריַינגעשטופּט אין אַ זאַק, עפּעס אַוועקגעוואָרפן אָדער צעריסן אויף שטיקלעך.

דאָס ייִנגעלע האָט ניט געקאָנט אָפּריַיסן דעם שטערן פון דער שויב. די מאַמע האָט אים גערופן, דאָס קליינע ברודערל האָט געוויינט, דאַווידל איז אָבער ניט בעקויעד געווען זיך צו רירן פונעם אָרט, אַקוראַט ער וואָלט זיך צו דער שויב צוגעקלעפּט מיטן שטערן.

געשרייען און גוואַלדן האָבן זיך אויך געטראָגן פון די שכייניִשע היַיזער, נאָר וואָס עס קומט פאָר דאָרטן, האָט דאַווידל פון זיַין אָרט ניט געזען. און דער אַלטער ייִד, זייער שאָכן, האָט זיך קוים געשטעלט אויף די פיס, ווען דער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין האַקן איבער דער טיר, האָט אויפגעהויבן פון דער ערד אַ שטיק האָלץ, אויסגעדרייט זיך צו דעם ייִדן, און מיטן גאַנצן קויעך אַ קלאַפּ געטאָן אים איבערן קאָפּ.

דער קליינער דאַווידל איז אַזש אָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער, ווי דאָס שטיק האָלץ וואָלט געקאָנט אים אויך פאַרטשעפּען. אין דער זעלבער רעגע האָט מען אָנגעהויבן באַ זיי ריַיסן די טיר, דאַוויד האָט באַלד זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מאַמען און זיך איַינגעקלאַמערט אין דער קאָלדרע מיט די הענטלעך. דאָרט, אונטער דער קאָלדרע, וועט ער זיך איַינגראָבן אין דער מאַמעס ברוסט, זי וועט אַוואַדע אַרומכאַפּן זיַין קאָפּ מיט אירע טאָמיד וואַרעמע ווייכע הענט, און קיינער אין דער וועלט וועט אים שוין ניט קאָנען פון איר אָפּריַיסן... די מאַמע האָט אים אָבער ניט געלאָזט צו זיך אונטער דער קאָלדרע, זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען און זיך נאָר געסטאַרעט אַרונטערשטופּן אונטער דעם בעט.

— באַהאַלט זיך דאָרט! — האָט זי געקוויטשעט. — קיין פּיפּס זאָל איך ניט הערן, דאַווידל!..

דאַווידל האָט זיך ניט געלאָזט, זיך הויך צעוויינט:

— מע דאַרף ניט, מאַמע! כ'האָב מוירע! דאָרט איז פינצטער!..

דאַווידל האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי ער פאַלט אַריַין אין אַ טיפער גרוב. נאָך אים

האָבן זיך א טראַג געטאָן גראָבע געשרייען, א טופּעריַי, דער מאַמעס קוויטשען, דעם ברו־דערלס געוויין, דאָס בעטל האָט אָנגעהויבן סקריפּען, קרעכצן, זיך וואַרפן אַפּ און אויף, ווי א לעבעדיקע בריַיע... דערנאָך האָבן די אַלע קלאַנגען זיך צונויפגעגאָסן, זיך צונויפגע־פלאָכטן אין אזא לאַנגן דינעם פּיַיף, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער פינצטערניש, ווי א זוניקער פאָדעם. דאָווידל האָט זיך אין אים אָנגעכאַפּט, נאָר דער פאָדעם האָט אין איין אויגנ־בליק זיך איבערגעריסן, און דער פּיַיף אליין איז נעלעם געוואָרן. ער האָט אופגעמאכט די אויגן.

דער קליינער דאָווידל איז געלעגן אפן בויך אונטערן בעט. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואלגערט אפן דיל גאָפּלען, לעפל, געפלאַצטע טעלער, פון א ווינקל האָט ארויסגעקוקט דעם ברודערלס וויגעלע, אָבער אינגאַנצן א צעבראָכנס. פונעם צעפליקטן פידל־קישעלע האָט זיך אויסגעשאָטן דער פוך און זיך געקאַטשעט, געשפּרייט זיך איבערן צימער. ווי אַן איבערגעבראָכנע צוויַיג, איז פונעם געלעגער אראָפּגעהאַנגען דער מאַמעס האַנט — א בלאַסע, א קאַלטע, ניט קיין לעבעדיקע...

— בלוט... בלוט... — האָט ווי אויסגעזונגען דאָווידל דער פארבער. פון זיַינע לאַנגע דינע פינגער האָט זיך יעדעס מאָל אַפּגעריסן אַן אנדער העל־רויטער שווערער טראָפּן און מיט א געקלאַנג געפאַלן צוריק אין פאַן אריַין.

## 5

פון ראָמאַן טראָפּימאָווס טאָגבוך:

„17־טער פעווראַל.

שוין עטלעכע טעג, אז איך פיר ניט דעם טאָגבוך. דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר דאָ, אין דובאָסאַר, איז ענלעך אף עפּעס א מאָדנע קרענק, און אַלע, פון קליין ביז גרויס, האָבן זיך מיט דער קרענק אָנגעשטעקט. מע רעדט נאָר וועגן דעם ווילדן מאָרד. אומעטום, ווו דו זאָלסט ניט גיין און ווו דו זאָלסט ניט שטיין, הערסטו נאָר: „ס׳איז צו מיר דערגאַנ־גען... איינער האָט מיר געזאָגט... איר זענט געווען אף דער לעוויַיע?..״

שאַבעס, אינעם טאָג פון דער באערדיקונג, האָט דער אוילעם שוין פון אינדערפרי׳ אָן זיך א לאָז געטאָן צום „גרויסן פאַנטאַן״ יאָמטעווודיק אָנגעטאָן, ווי מע וואָלט געגאַנגען אויספילן עפּעס א הייליקן כויוו. טראָפּימאָוו האָט זיך אויך געקליבן צו גיין אהין. די מומע האָט אים געפּרוּווט אָפּריידן: „איך שטעטל איז ניט רויִק... מע דערציילט אזעלכע זאַכן...״ — דער פלימעניק האָט זי אָבער ניט געפאָלגט.

די גאַנצע מאהאַלאַ איז געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. אין קאַנאָן ריבאַטשענקאָס הויף איז ניט געווען ווו א קנעפּל צו פאַלן. יעדער האָט געוואָלט א קוק טאָן אפן דער־הארגעט ייִנגעלע, אזוי אז דורכשלאָגן זיך צו דער שטוב האָט טראָפּימאָוו זיך ניט איַינ־געגעבן.

מענטשן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין רעדלעך — מאַנצבלען באַזונדער, וויַיבער באַ־זונדער. די אומעטומיקע ייִנגעלעך האָבן פאַר זיך אויך געפונען אַן אָרט — אייניקע האָבן זיך ארופגעדראַפּעט אף די ביימער, אנדערע האָבן זיך אויסגעזעצט אף די דעכער.

דער פּריסטאַוו האָט זיך געדרייט צווישן דעם אוילעם מיט די הענט הינטער דער פּלייצע, דעם בויך ארויסגעשטאַרצט פאָרויס, און נאָך אים, ווי דריַי שאָטנס, זיַינען אים נאָכגעגאַנגען דריַי פּאָליציַיאַנטן. צונויפגעדריקט די ברעמען אפןברייטן פלאַכן פּאָנעם, האָט ער ווי ארומגעכאַפּט די גאַנצע מאהאַלאַ איינעם מיט די שטיבער, ביימער, פּי, הינט, קינד־און־קייט, ווי מע כאַפּט ארום א פעסל מיט אַן איַיזערנער רייף — געשטאַנען אף דער וואַך פון אָרדענונג.

די מאַנצבלען האָבן צונויפגעדרייט ציגאַרלעך, געשטאַנען מיט אָנגעכמורעטע פּנעמ־ער, שטיל זיך פאַרצויגן און עפּעס לאַנגזאַם אין זיך ארומגעטראַכט, געוויגן און געמאָסטן, פון ציַיט צו ציַיט ארויסגעלאָזט איינעם מיטן רויך א ביטערן זיפץ.

די ווײַבלעך, פֿאַרקערט: בא זיי האָט זיך דאָס מויל ניט פֿאַרמאַכט. פֿון אַלע זײַטן האָט זיך נאָר געהערט: „שו־שו־שו, שו־שו־שו...״ לעבן טראָפֿימאָוון האָט אַ פֿרוי זייער רירנדיק דערציילט, אַז נאָך נעכטן פֿאַרנאַכט האָט זי זיך אַרײַנגעכאַפּט צום אַלטן ריבאַטשענקאָ אַהיים און אַלץ געזען מיט די אייגענע אויגן.

— קאַנאַן איז פּאַשעט אַ דערהאַרגעטער. ער איז געזעסן אויף אַ טאַבורעטל לעבן דער טרונע מיט זײַן אייניקל און ווי אַ פֿאַרגליווערטער געקוקט אויף אים מיט צוויי גלעזערנע אויגן. און דאָס יינגעלע אַליין — כ׳קען מישען נאָך פֿון פּיצעלעכווײַז אָן — איז ניט צו דערקענען: די אויגן אַרויסגענומען, דאָס פּאָנעם פֿאַרקריפּלט, און בלאַס איז ער — נו, פּאַשעט אַ שטיק קרײַד. קיין טראָפּנדל בלוט איז אין אים ניט פֿאַרבליבן. ליזאַוועטע האָט מיר אַליין געוויזן די וווּנדן אויף זײַן לײַב. זאָג איך אײַך נאָכאַמאָל: בא אַ פּראַוואָסלאַוונע מענטש, בא אַ קריסט וועט זיך די האַנט ניט אופֿהייבן צו באַגיין אַזאַ מאָרד!

אומגעריכט האָט טראָפֿימאָוו זיך אָנגעשטויסן מיטן בליק אינעם סעקרעטאַר פֿון דער אופּראַווע. זײַן קאַזיאָנע היטל מיט קײַלעכיקע לעפֿלעך אויף די אויערן האָט זיך אויסגע־טיילט צווישן די פּויערישע שפּיצענע קוטשמעס. ער איז געשטאַנען אין עכטן געווימל און עפּעס הייס גערעדט. ראָמאַנען האָט זיך זייער פֿאַרלאַנגט צו וויסן, וועגן וואָס זשע רעדט ער דאָרט אַזוי, זײַן נאַטשאַלניק. ס׳האָט אין אים אַ שפּיל געטאָן דער יינגלשער נײַגער. ער האָט זיך דורכגעשטופּט נעענטער צום סעקרעטאַר — אַזוי, אַז יענער זאָל אים ניט זען, טראָפֿימאָוו אַליין האָט אים אָבער אַ גוט געזען, אַ גוט געהערט.

— ...ערנוואָרט, — קריוועניקאָ־יאַנאָווסקי האָט אַרופֿגעלייגט זײַן האַנט אויפֿן האַרץ, — ברידער און שוועסטער, כ׳האָב פֿון דער ערשטער מינוט, נאָך איידער מ׳האָט דאָס יינגעלע געפֿונען, באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז זײַן פֿאַרפֿאַלן ווערן איז דירעקט פֿאַרבונדן מיט די זשידעס. אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט — און דאָס וועט אײַך זאָגן יעדער געבילדעטער מענטש, — איז אַזאַ זאַך ניט קיין נאָווינע. אין אַלע צײַטן קאָן מען געפֿינען בײַשפּילן, ווען די ייִדן דערהאַרגענען קריסטן, קעדיי אַרויסצובאַקומען זייער בלוט און אויסניצן עס אין ריטועלע צוועקן...

אַלע, ווער ס׳איז געשטאַנען אַרום דעם סעקרעטאַר, פּאַשעטע מענטשן פֿון אַ גאַנץ יאָר, האָבן אים מאַמעש געגעסן מיט די אויגן, געשלונגען יעדעס וואָרט. טראָפֿימאָוון אַליין האָבן זייער פֿאַרינטערעסירט זײַנע רייד. אַזוינס האָט ער נאָך קיינמאָל פֿון קיינעם ניט געהערט.

— ...איך האָב איבערגעלייענט פֿיל ביכער וועגן אָט דער פּראָבלעם, — האָט פֿאָרגע־זעצט דער סעקרעטאַר, — און איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויר פֿון זייערע טועכצן. עמעס, ניט אַלע זשידעס ניצן אויס מענטשלעך בלוט צוליב זייערע רע־ליגיעזע באַדערפֿענישן. עס זײַנען אָבער פֿאַראַן צווישן זיי פֿאַרשיידענע געהיימע סעקטעס, וואָס קאָנען זיך אָן בלוט ניט באַגיין. באַזונדערס טיילט זיך דערמיט אויס די סעקטע „כאַסי־דים״ — דאָס איז די סאַמע בייזע, די סאַמע ראַצכישע סעקטע. די ווילדע פֿאַנאַטיקער פֿון אָט דער סעקטע האַלטן זיך בא אַזאַ געהיימער לערע, וואָס הייסט „קאַבאַלאַ״. און פֿירן פֿירט מיט דער סעקטע אָן דער גלאַוונע פֿאַנאַטיקער, דער „צאַדיק״. איך בין איבערצײַגט, אַז בא אונדז אין דובאָסאַר איז אויך פֿאַראַן אַזאַ געהיימע סעקטע. און דער גלאַוונער איז בא זיי דער ראַבי נוכים קראַסנאָוועץ.

עס האָבן זיך דערהערט קוילעס:

— וויפֿל זשע קאָן מען לײַדן פֿון זיי, פֿון די פּאַרכאַטיי?!
— זיי טרינקען אונדזער בלוט, און מיר שווײַגן, ווי האַראַנעס!
— וווּהין קוקט די מאַכט?
— פֿאַרוואָס נעמען זיי ניט אָן קיין מיטלען אויף צו פֿאַרטיידיקן אונדזערע לעבנס?
— דער צאַר־באַטיושקאַ, זאָגט מען, גרייט אַ מאַניפֿעסט קעגן די זשידעס.
— וואָס דאַרפֿן מיר וואַרטן אויף זײַן מאַניפֿעסט! מע דאַרף מיט די זשידעס טאָן דאָס זעלבע, וואָס זיי טוען מיט אונדזערע קינדער!..

די אָפּגעזונדערטע קרײַזלעך מאַנצבלען און ווײַבער האָבן זיך מיטאַמאָל צונויפֿגע־מישט אין איין געווימל — אָן אופֿגערייצטן, פֿאַרסאַמטן מיט סינע און קאַס. די אַלע קלאַנ־

גען, פליאַטקעס, רייד, שעפּטשערײַען, דאָס פון עמעצן דערהערטע און עמעצן דערציילטע, די אַלע באָבע־מײַסעס, וואָס זײַנען ביז איצט ארומגעגאַנגען איבערן שטעטל, זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, האָבן זיך איצט דאָ, אויף דער לעווײַע, צונויפגעשמאָלצן אין א שטיק סינע און זיך ארויסגעריסן פונעם האַמוין...

„...איך האָב מיטאמאָל דערפילט, — האָט געשריבן טראָפּימאָוו אינעם טאָגבוך, — ווי מײַן האַרץ פילט זיך אָן מיט די זעלבע געפילן, וואָס עס לעבן אין דער רעגע איבער אַלע ארום מיר. זייער סינע און זייער קאַס צו די ייִדן האָט זיך איבערגעגעבן מיר אויך, כאָטש כ'האָב קיינמאָל קעגן זיי גאָרנישט ניט געהאַט. איך בין געוואָרן א טיילכל פון דעם אויפגערודערטן האַמוין, א טראָפּנדל פון דער צעבושעוועטער כוואַליע. איך קאָן עס נאָך דערווײַל ניט דערקלערן און פאַרשטיין — מײַן מויעך האָט זיך דאַן ווי אויסגעשלאָסן. דאָס אַלץ איז ענלעך צו א מין פּסיכאָז און איך ווייס ניט, מיט וואָס עס וואָלט זיך דאָס פאַרענדיקט... איך בין געקומען צו־זיך פונעם פּריסטאַווס ווערטער: „באַלד צעטרײַב איך אײַך אַלע פונדאַנען! די מינוט זאָל מיר זײַן אָן אָרדענונג!..” פון יענעם אָרט, ווו ס'איז ערשט געשטאַנען דער סעקרעטאַר, האָט זיך דערהערט: „די זשידעס האָבן אים אויך אונטערגעקויפט!” אין דער צײַט האָט מען פון ריבאַטשענקאָס שטוב ארויסגעטראָגן די טרונע מיטן טויטן ייִנגעלע. דער גאַלעך האָט מיט א ניגן טפילע געטאָן, און די אויפגעבראַכטע שטימען זײַנען צוביסלעכווײַז אויסגעלאָשן געוואָרן. ווי א ווײַס שיפעלע, האָט די טרונע געשוועבט איבער דעם האַמוין. דער אוילעם האָט זיך א ריר געטאָן נאָכן שיפעלע צום צווינטער. יעדער האָט ווידער שטיל געקוואַטשעט די בלאָטע, ווידער פאַרבליבן אַליין מיט זײַנע אייגענע געדאַנגען און געפילן...”

אויפן צווינטער איז טראָפּימאָוו ניט געגאַנגען, זיך אומגעקערט אַהיים. אגראַפענע מיכײַלאָוונא האָט שוין אויף אים ארויסגעקוקט מיט געדולד. דערזען אים דורכן פענצטער, האָט זי אים אויפגעשפּאַרט די טיר, נאָך איידער ער איז צוגעגאַנגען צו דער שטוב.

מיטן וועג צוריק האָט ער באַשטימט בא זיך, אַז דער מומען וועט ער גאָרנישט ניט דערציילן, אָבער טראָגן אין זיך דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט אויפן „גרויסן פּאָנטאַן”, האָט ער אויך ניט געקאָנט. „א שאָד, — האָט ער געטראַכט, — וואָס דער טאַטע איז איצט ניט לעבן אים. ער וואָלט אים שוין אַלץ דערקלערט...” און דאָך האָט ער פאַרנאַכט ניט אויסגעהאַלטן און אַלץ ארויסגעלייגט פאַר דער מומען.

— פּינצטערע, דערשלאָגענע מענטשן! — האָט אים יעדעס מאָל איבערגעריסן אגראַפענע מיכײַלאָוונא, — פּאָשעטע א ראַכמאָנעס אויף זיי!.. גלייבן אין אַזעלכע ווילדע זאַכן!..

זי האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן אויף אַן אָרט, זיך געדרייט איבערן צימער און נערוועז געריבן זיך די שלייפן מיט די פינגער.

— אָבער דער סעקרעטאַר דײַנער!.. כ'האָב אים געהאַלטן פאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן. איך פאַרשטיי אים אינגאַנצן ניט! צי דען גלייבט ער טאַקע אין דעם, וואָס ער רעדט? ס'איז דאָך איין גאָט אין הימל, און אַלע זײַנען מיר זײַנע קינדער...

ראָמאַן האָט געהערט די מומע און בעשאַסמײַסע געטראַכט: „זי איז אַוודע גערעכט. אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט גלייבן אין אַזעלכע זאַכן... פון דער אַנדערער זײַט, קלינגען דאָך סערגיי סערגייעוויטשעס ווערטער אויך איבערצײַגעוודיק: עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז אין מעשעך פון הונדערטער יאָרן זאָל די וועלט לעבן אין טאָעס?! עפּעס, ווײַזט אויס, שטעקט אין דעם יאָ...”

## 6

דעם געלן ייִדן, וועגן וועלכן עס האָט דערציילט ניקיטע טאָלמאַטשאָוו, האָט זיך אײַנגעגעבן אינגיכן אָפּזוכן. ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, איז דאָס געווען סראָל ראַבינאָוויטש. ער פאַרנעמט זיך מיט הענדלערײַ — קויפט אײַן טוווע בא די מאָלדאַוואַנער פון יענער זײַט דניעסטער און פאַרקויפט עס דערנאָך איבער. זײַן שטוב שטייט ניט ווײַט פונעם פאַראָמער

ליקל, אַזוי אַז, דערזעענדיק אין יענעם דינסטיק, ווי עטלעכע מאַנצבלעך זוכן עפּעס אין טײַך מיט לאַנגע האַקנס אין די הענט, האָט ער זיך צו זיי באַלד אַראָפּגעלאָזט. דער נײַגער האָט אים אַהין געטריבן.

צו יענער צײַט האָט סראָל שוין דאָפּקע עפּעס געהערט וועגן אַ ייִנגעלע, וואָס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, אָבער צי מע זוכט גראָד דאָס ייִנגעלע, אָדער גאָר עפּעס אַנדערש, וועגן דעם האָט ער קיין אָנונג ניט געהאַט.

יאָ, ער איז צוגעגאַנגען, אויסגעפֿרעגט, מיטגעפֿילט... נאָר אויסבאַהאַלטן זיך? אַנטלויפֿן — כאַסוועכאָלילע!..

— איך, הער אויספֿאָרשער, בין, גאָט באַהיט, ניט קיין גאַנעוו! איך בין אַן ערלעכער מענטש. פֿרעגט אויס דאָס גאַנצע שטעטל און נאָך ווײַטער, און אַלע וועלן אײַך זאָגן, אַז סראָל ראַבינאָוויטש איז אַן ערלעכער מענטש. צוליב וואָס האָב איך זיך געדאַרפֿט אויסבאַהאַלטן אָדער אַנטלויפֿן? איך בין פּאָשעט פֿאַרפֿרוירן געוואָרן, מאַכמעס כ'בין אַרויס פֿון דער שטוב אין אַ הוילן פּעלצל אָן אַרבל, און דאָס טאַלעסקאָטל מײַנס איז ניט אונטערגעשלאָגן מיט פֿוטער...

דער אויספֿאָרשער האָט גרינג אָפּגעאָטעמט, בײַס ער האָט דערזען ראַבינאָוויטשן פֿון יענער זײַט טיר. אַ וועלט מיט רייד און אַ וועלט מיט אייצעס האָט פֿאַרמאָגט דער געלער ייִד.

די טרעפּערקע יעקאַטערינע אַנדרייעוונאַ האָט אים בעשאַסן פֿאַרהער זייער ערנסט און זייער קאָמפּעטענט דערציילט וועגן די אַלע סוידעספּולע זאַכן, וועלכע ס'האָבן איר אַנטדעקט אין יענעם טאָג די קאָרטן.

— כ'האָב זיי טאַקע געזאָגט, די דרײַ ווײַבלעך: דאָס, וואָס איר זוכט, איז נאָך דערווײַל אַ לעבעדיקס. כ'האָב פּאָשעט ניט באַלד פֿאַרשטאַנען, וואָס פּינקטלעך איז בײַ זיי פֿאַרפֿאַלן געוואָרן — אַ שאָף, אַ קו אָדער אַ קינד...

פֿעדויקין האָט אוואַדע געוווּסט, אַז די טרעפּערקע כיטרעוועט. עס קאָן ניט זײַן, אַז זי זאָל ניט געוווּסט האָבן, צוליב וואָס זײַנען צו איר געקומען די ווײַבער און וואָס זוכן זיי דערצו, ווי ס'איז אים באַוווּסט געוואָרן, האָט יעליזאַוועטע ריבאַטשענקאָ געזאָגט דער הענדלערקע פֿון בייגל: „איך ווייס אַף זיכער, מײַן מישענקע איז אין די ייִדישע הענט, זיי האָבן אים פֿאַרמוטשעט. אַזוי האָט מיר איצט געזאָגט די טרעפּערקע יעקאַטערינע, ווײַל די שטערן האָבן איר דאָס אַנטדעקט..." יעליזאַוועטע ריבאַטשענקאָ גופֿע האָט אַף זײַן פֿראַגע: „דאָס זײַנען אײַערע ווערטער?" — געענטפֿערט: „כ'געדענק ניט... כ'בין געווען ווי פֿאַרטשמעליעט..."

פֿאַר די טעג, וואָס פֿעדויקין פֿירט די אויספֿאָרשונג, איז אים אויסגעקומען אויסהערן פֿון די אייִדעס גענוג מײַסעס. זיך צוהערן צו זיי, קלינגען זיי אַזוי עמעסדיק און אַזוי איבערצײַגעוודיק, אַז ס'איז שווער אין זיי ניט גלייבן. עס איז אים אָבער גענוג דערגרונטעווען זיך צום קוואַל, צונויפֿירן איין אייִדעס מיט אַן אַנדער אייִדעס, פֿאַרגלײַכן זייערע באַווײַזן, ווי פֿון די דאָזיקע באַווײַזן לאָזט זיך אויס אַ הוידעם.

אַזוי, אַשטייגער, האָט די אייִדעסטע פּיאַנטקאָווסקאַיאַ דערציילט, אַז אין אַ טאָג איז צו איר אַרײַנגעקומען די שכיינע אירע טאַמאַרע ציבוליאַק מיט אַ נײַס. וואָס איז? ערשט־אָ האָט איר שטוב פֿאַרלאָזט די קומאַ אירע אַקולינע, און אַקולינע ווייסט שוין פּינקטלעך, אַז דאָס ייִנגעלע האָט מען פֿאַרפּײַניקט בײַ מאָרדקע דעם כאַכאַם...

אויפֿגעשטעלט דאָס קייטעלע אַ רינג נאָך אַ רינג: פּיאַנטקאָווסקאַיאַ — ציבוליאַק — אַקולינע פּלאָמפּאָווֹאַ — סטעפּאַנידע ראַיעוואַ — פּראַסקאָוויע לופּאַ און לעסאָף, פּראַסקאָוויעס טאָכטער אוסטיניע, האָט זיך דאָס דאָזיקע קייטעלע באַלד פֿאַרקייטלט. נאָך אַלעמען האָט שוין אַליין, פֿאַרשטייט זיך, אויסגעזען גאָר אַנדערש: פּראַסקאָוויע לופּאַ, אַן אַלמאָנע מיט פֿיר קינדער, זייער אַן אָרעמע, האָט אָפּגעגעבן די פּערצניאַריקע טאָכטער אירע אוסטיניע צו מאָרדכע פֿרידמאַנען, זי זאָל קוקן נאָך זײַן קראַנקער פֿרוי. האָט זיך אַזוי געטראָפֿן, אַז אַרבעטן באַם שויכעט האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן גראָד אין דעם טאָג, ווען בײַ ריבאַ־

טשענקאָן איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס אייניקל. מאָרדכע פרידמאַנס שעכט־הויז, ווי אויך די שטוב זײַנע, גייט אַרויס מיט די פענצטער גלײַך אין מאַרק. אַזוי אַז אַלע קלאַנגען אַרום דעם פאַרפאַלענעם ייִנגעלע האָבן אויך ניט אויסגעמיטן אויסטיניען. זי האָט זיך אַוואָדע זייער איבערגעשראָקן און איז אײנעם טאָג פון דער לעווײַע אַנטלאָפן פון די באַלעבאַטים. קיין שום שמועס צווישן דעם באַלעבאָס און דער באַלעבאָסטע האָט זי באַנאַכט ניט געהערט. דערצו קען זי ניט קיין ייִדיש. וואָס יאָ — נאָכן פאַרלאָזן פרידמאַנס שטוב האָט זי באַגעגנט אין מאַרק די מוטער און דערציילט איר וועגן דער מוירע, וואָס איז אויף איר אָנגעפאַלן און וועגן איר אַנטלויפן. דערבײַ איז לעבן זיי געשטאַנען די הענדלערקע מיט געזײַערטס סטעפּאַנידע ראַיעווא, וואָס האָט אַלץ געהערט און אַלץ אויסגעטײַטשט אויף איר אויפן.

ביכלאַל האָט פּעדיוקין דערלאָזט, אַז אײנעם מאָרדן מיכאַיל ריבאַטשענקאָ קאָן זײַן פאַרמישט עמעצער פון די היגע ייִדן. אַזאַ ווערסיע האָט ער ניט אויסגעשלאָסן. אָבער דערלאָזן, אַז געטאָן האָט מען עס צוליב ריטועלע צוועקן, ווי עס באַווײַזן פיל אײדעס, — אַזוינס האָט זיך אים פּאַשעט ניט געלייגט אויפן סייכל. יעדנפאַלס, די געריכט־מעדיציניש עקספּערטיזע לייקנט עס אינגאַנצן אָפּ.

און דאָך, וואָס מער ער האָט זיך אין דעם איניען געגראָבן, וואָס מער אײדעס ער האָט פאַרהערט, אַלץ קלאָרער איז אים געוואָרן, אַז דער קלאַנג, די לעגענדע, צו וועלכער עס האָבן זיך באַם אָנהייב צוגעהערט נאָר פּראָסטע, אַמעראַציִשע לײַט, האָט זיך גיך פאַרשפּרייט און זיך פאַרפעסטיקט אויך צווישן דעם גראַמאָטנע טייל אײַנוווינער, ביפּראַט נאָך דעם, ווי מ'האָט געפונען דאָס דערמאָרדעטע ייִנגעלע און געזען זײַן הענקעריש פאַרדאַרבענעם קערפּער, נאָך דעם, ווי עס האָבן זיך וועגן דעם מאָרד אין דובאָסאַר באַוויזן די ערשטע מיטיילונגען אין די צײַטונגען.

אין אײנעם פון זײַנע ראַפּאָרטן האָט פּעדיוקין געשריבן: „ אַ באַזונדער אָרט אײנעם פאַרשפּרייטן קאָל־האַמינים קלאַנגען פאַרנעמט די אײדעסטע דאַריאַ זשוטשענקאָווא. שוין דער פאַקט אַליין, אַז פאַר אַ קורץ שטיקל צײַט האָט זי „צופעליק אונטערגעהערט" עטלעכע סענסאַציאָנעלע שמועסן, האָט מיך געשטויסן זיך בעסער צוקוקן צו איר. זשוטשענקאָווא שטעלט מיט זיך פאָר אַ טיפּישע בייזע מאַרק־הענדלערקע. צו די ייִדן פילט זי אַן אויסטערלישן אומכיין און פאַרביסנקײַט. דעריבער באַרעדט זי זיי ווו נאָר זי קאָן, באַ יעדער געלעגנהײַט. אַלץ, וואָס זי רעדט, דערציילט זי זייער לעבעדיק, גלאַט, אָן אַ טראָפּן קווענקלעניש אין קאָל. לויט אירע ווערטער, קען זי גוט די שפּראַך, אויף וועלכער עס ריידן די היגע ייִדן. דערמיט פאַרכאַפּט זי דעם צוהערער און ער גלייבט אין יעדן וואָרט אירן... גאָר אַן אַנדער ווערט האָבן די קלאַנגען, — ווײַזט ווײַטער אָן דער אויספאָרשער, — וואָס עס פאַרשפּרייטן די היגע טשינאָווניקעס. זייער אַרבעט גיט זיי אַ מעגלעכקײַט אָפּט קאָנטאַקטירן מיט די אײַנוווינער פון דובאָסאַר און פון די אַרומיקע דערפער און אין אַ געוויסער מאָס ווירקן אויף זיי. פאַר אַ פּאָשעטן מענטשן איז יעדער טשינאָווניק אַן אויטאָריטעט. דעריבער גלייבט מען זיי און מע הערט זיך צו זייער מיינונג צו. זייער מיינונג איז די מיינונג פון דער מאַכט. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז בעשאַס דער לעווײַע האָט דער סעקרעטאַר פון דער אופּראַווע ס. יאַנאָווסקי־קריווענקאָ אונטערגעהעצט דעם אוילעם קעגן די ייִדן. אויפן פאַרהער האָט ער דעם פאַקט ניט אָנערקענט. יאַנאָווסקי־קריווענקאָ האָט נאָך געמאָלדן, אַז ווען קאָנאָן ריבאַטשעקאָ, וואָס קען ניט קיין גראַמאָטע, האָט אים געבעטן אָנצושרײַבן אַ פּראָשעניִע אויפן פּראָקוראָרס נאָמען, האָט ער, דער סעקרעטאַר, אויסגעהערט צוערשט דעם אַלטן, דערנאָך צונויפגעזאַמלט באַ פאַרשיידענע מענטשן אַלץ, וואָס זיי ווייסן וועגן דעם איניען (באַ וועמען פינקטלעך, געדענקט דער סעקרעטאַר ניט), און ערשט נאָך אַלעמען די פּראָשעניִע צונויפגעשטעלט און זי דערגאַנצט מיט זײַנע אייגענע געדאַנקען און אויספירן..."

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט פּעדיוקין ערגעץ געלייענט, אַז די ערשטע באַשולדיקונגען אײנעם אויסניצן מענטשלעך בלוט צוליב ריטועלע צוועקן, זײַנען געווען געווענדט קעגן די קריסטן, וואָרעם די רוימער האָבן זיך באַצויגן צו דער נײַער עמונע מיט כשאַד. שפּעטער

אָבער, אין די מיטלאַלטערלעכע צײַטן, האָט די לעגענדע ווידער אופגעלעבט, נאָר שוין קעגן די ייִדן...

פעדיוקין האָט געפילט, ווי די אַלע זאַכן פאַרפירן אים אין א זײַט. קוידעמקאָל, האָט ער געטראַכט, דאַרף ער אויסקלאָרן די וואָרהאַפטיקע מאָטיוון פונעם מאָרד: צוליב וואָס האָט מען דאָס ייִנגעלע דערהאַרגעט? וואָס איז די סיבע?

ווי ער האָט זיך דערוווּסט, האָט צווישן דעם אַלטן ריבאַטשענקאָ, דעם אייניקל איוואַן טימאָשטשוק און דעם אײדעם מיכאַיִל טימאָשטשוק אויסגעבראָכן א סיכסעך. און געשען איז דער סיכסעך ניט לאַנג פאַר דעם, ווי מ'האָט דערהאַרגעט מיכאַיִל ריבאַטשענקאָ. באַם שטאָטישן ריכטער ליגט נאָך די מאָנונג, וואָס איוואַן טימאָשטשוק האָט דערלאַנגט צו זײַן פאָטער. די זאַך איז נאָך הײַנט אויך ניט געלייזט געוואָרן. אַגעוו, ביז דעם מאָרד האָט איוואַן געוווינט מיט זײַן פרוי באַם זיידן און שטוב. אינגיכן אָבער נאָכן מאָרד האָט אים קאָנאָן ריבאַטשענקאָ פון דער שטוב אַרויסגעשטעלט. וווינט ער איצט באַם פאָטער. פאַר־וואָס האָט ער עס געטאָן, דער אַלטער? ער ווייסט דאָך גוט, אַז דער פאָטער מיטן זון זײַ־נען צווישן זיך צעקריגט? באַם פאַרהערן דעם אַלטן ריבאַטשענקאָ האָט פעדיוקין אים גע־פרעגט וועגן דעם, נאָר דער אַלטער האָט אויף דער פראַגע דירעקט ניט געענטפערט.

— דאָס איז זײַן פאָטער, — האָט ער בייז א זאָג געטאָן, — זאָל ער מיט אים וווינען, און אויב ס'איז זיי דאָרט ענג, זאָלן זיי זיך מאַכן א נײַע שטוב...

„עפשער אייגננוציקע אינטערעסן? — האָט געטראַכט דער אויספאָרשער. — דערלאָז־באַר... אָדער, ווי די קינדער זאָגן: דאָ איז שוין א ביסל וואַרעמער...“

יאָ, אין דער קינדהײַט האָט דער קליינער מאַקסים ליב געהאַט זיך שפּילן מיט דער שוועסטער אין דער שפּיל „קאַלט — הייס“. די שוועסטער, אַשטייגער, פלעגט ערגעץ פאַר־באַהאַלטן א זאַך, און ער, מאַקסים, האָט די זאַך געדאַרפט אָפּזוכן. ער זוכט, און זי שרײַט יעדעס מאָל אויס: „קאַלט! זייער קאַלט!.. וואַרעם! נאָך וואַרעמער!..“ וואָס נעענטער איז פון אים די באַהאַלטענע זאַך, אַלץ מער ווערט „וואַרעמער“. און ווי גליקלעך איז ער געווען, ווען די שוועסטער האָט ענדלעך אויסגעשריִען: „הייס! זייער הייס!“

דעמלט, אין דער קינדהײַט, האָט זיך אים געדאַכט: די גאַנצע וועלט האָט גאָט געשאַפן נאָר צוליב דיר און צוליב אַזעלכע פרייַלעכע שפּילן. לעבן אין אַזא וועלט איז גרינג און פּאָשעט. מע דאַרף נאָר, אַז עמעצער זאָל דיר צו דער צײַט אונטערזאָגן: קאַלט אָדער הייס.

פונעם ענטפער אויף דער פאָדערונג איבערצוזעצן אויף רוסיש די ייִדישע ווערטער און פראַזעס, וואָס טרעפן זיך אין דעם דובאָסאַרער געריכט־איניִען.

„...דעם פּראָפעסאָר פונעם ס.־פּעטערבורגער אוניווערסיטעט כוואָלסאָנען איז שווער פּינקטלעך איבערצוזעצן אויף רוסיש די פאָרגעלייגטע ייִדישע פראַזעס און באַזונדערע אויס־דרוקן, אַזוי ווי זיי זײַנען צונויפגעשטעלט אויפן זשאַרגאָן, וואָס טראָגט א לאָקאַלן כאַראַק־טער. דער אַזויגערופענער „זשידאָווסקי זשאַרגאָן“ שטעלט מיט זיך פאָר א סכאָלאַסטישן ניט קיין סיסטעמאַטיזירטן געמיש פון דײַטשישע, פראַנצויזישע, איטאַליענישע און רוסישע ווער־טער. דאָס וואָרט «мученик» (מאַרטירער) איז אין ייִדיש אינגאַנצן ניטאָ; געוויינלעך פאַרבײַט מען עס אויף אַן אַנדער אַנאַלאָגיש וואָרט „קאָדאָש“. לויט כוואָלסאָנס מיינונג, קאָן ניט א ייִנגעלע ניט קיין ייִד, וואָס האָט געליטן פאַר א פרעמדער עמונע, זיך רעכענען פאַר א „קאָדאָש“. די ייִדן וועלן אים אַזוי קיינמאָל ניט אָנרופן. וואָס איז שײַעך דעם וואָרט „אַמאַלקומע“, דערמאָנט עס, גיכער פון אַלץ, דאָס ייִדישע וואָרט „מילכאָמע“ — «война»...“

צי האָט זיך אַמאָל געכאַלעמט דער דובאָסאַרער סעדעכע דאַריע זשוטשענקאָווא, אַז מיט איר „ייִדיש“, מיט איר „זשידאָווסקי זשאַרגאָן“ וועט האָבן צו טאָן דער באַרימטער אָריִענטאַליסט־סעמיטאָלאָג, דאַניִיִל אַבראַמאָוויטש כוואָלסאָן?

און עפשער איז יוישערדיקער צו שטעלן די פראַגע פונקט פאַרקערט?

(סאָף קומט)

דאַוויד בראָמבערג

## אַן אינטערוויו מיט דעם אייגענעם האַרצן

ווען אין דרויסן איז פינצטער (כאָטש ס׳לויכט ווו־ניט־ווו),
ווען אַרום און אַרום טיר־און־טויער פאַרמאַכט איז,
ווען אין שלאָף מיר פאַרגעסן, פאַרגעסן אין רו, —
אַן אינטערוויו כ׳נעם באַם אייגענעם האַרצן.

וויפל יאָר, ווי עס רעדט זיך, דו זעצסט זיך ניט צו,
וויפל יאָר טאָג און נאַכט דו ביסט וואַך, ווי אַ זייגער!
זאָג, וואָס מוטשעט דיך, האַרץ, און דיך לאָזט ניט צורו,
זאָג, וואָס אַלעמאָל דיך באַליידיקט, אַשטייגער?

ס׳איז אַן עמעס, ניט ווייניק שוין ווונדן פאַראַן,
כאָטש עפשער ניט די, וואָס מע רופט זיי אינפאַרקטן.
פאַר מיר, ווי אַ שטאָך פון אַ מעסער, ווי סאַם,
ווען אַ פריַינט גייט אַוועק, ווען אַ פריַינט האָט פאַראַטן...

געהערט האָסטו זיכער שוין — שוואַרץ אויף ווייַס
מע שריַיבט איצט דערפון, און מע שריַיבט שוין ניט איין מאָל.
מע פאַרביַיט הייַנט אַ האַרץ, און דאָס איז ניט קיין נייַס, —
ווי קוקסטו אויף דעם און ווי איז דייַן מיינונג?

יאָ, יאָ, כ׳האָב געהערט, כ׳האָב דערפון שוין געהערט.
אָבער ווי ס׳זאָל ניט זייַן, איז ניט שייַך צו שטרייַטן,
ווייַל וויפל צו לעבן עס איז מיר באַשערט,
איך וועל מיטן האַרץ זיך מיט קיינעם ניט בייַטן!

ווען אין דרויסן איז פינצטער (עס לויכט ווו־ניט־ווו)
און אַרום און אַרום טיר־און־טויער פאַרמאַכט איז,
פאַרגעסן אין שלאָף און פאַרגעסן אין רו,
איך טייַנע זיך דורך מיט דעם אייגענעם האַרצן.

## סאָנים

ווי אַלע מענטשן, כ׳האָב צו טאָן מיט מייַנע סאָנים,
איינעם, מאַכט זיך, איך דערקען אין פּנים

און איינעם קאָן איך בעשום־אופן ניט פאַרשטיין
(מע זאָגט, אַז כ׳בין אַ סוינע זיך אַליין).

## דער קונצנמאַכער

אַט, אַף א שטריק ער ציט ארוף זיך פלינק, און ער
קונצן מוירעדיקע וויַזט, ווי שטענדיק.
פאלט, דאכט זיך, פון אזא מין הויך אַף דר'ערד,
נאָר שרעקט איַך ניט, ער ציט זיך גליַך ארוף (אפלאָדיסמענטן אָן אן
ענדע).

איבער א דינעם דראָט ער גייט און אַף איין פוס שטייט לאנג,
און מיטאמאָל, דעם גאנצן קערפּער אויסגעבויגן,
פארדרייט זיך אין איין רעגע ווי א שלאנג,
און דרייט זיך אין א ראָד, וואָס שווינדלט פאר די אויגן.

נאָר איינמאָל, איינמאָל, ווען אין זאל געווען איז פינצטער־שווארץ,
באוויזן קונצן האָט ער, ניט קיין ליַכטע זאכן,
און מיטאמאָל א כאפּ געטאָן זיך פארן הארץ,
וויַל מיט א הארץ מע קען קיין קונצן דאָך ניט מאכן...

## די טויב פון מיַין קינדהיַיט

ווער קלאפּט אין מיַין פענצטער טאָג־איַין און טאָג־אויס? —
די טויב פון מיַין קינדהיַיט,
די טויב פון מיַין קינדהיַיט.
און ווער אלעמאָל צו מיר בעט זיך אין שויס? —
די טויב פון מיַין קינדהיַיט.

און ווער ביז שטאָק־נאכט טרעט ניט אָפּ פון מיַין בעט? —
די טויב פון מיַין קינדהיַיט,
די טויב פון מיַין קינדהיַיט.
ווער פאָכעט מיט פליגל און פליט ניט אוועק? —
די טויב פון מיַין קינדהיַיט...

## דער שפּיגל

ווען מע איז אלט אכצן יאָר, דארף מען ניט קוקן אין שפּיגל,
צו וואָס גאָר קוקן אין שפּיגל בא אכצן יאָר?
די בלוטן — הייס, אַף די אקסל — פליגל,
און די גאנצע שווארצע פארב פון דער נאכט איז בא דיר אין די האָר.

נאָך דריַסיק דארף מען שוין, פארשטייט זיך, כאפּן א קוק אין שפּיגל,
עס שאט ניט א קוק טאָן אין שפּיגל נאָך דריַסיק יאָר.
די פליגל צוגעדריקט קוים צו די אקסל ליגן,
און וווּ־ניט־וווּ קומט אויס ארויסריַסן א גרויע האָר.

און שפּעטער, מיינט איר, קאָן מען זיך באגיין אָן דעם שפּיגל?
ס'איז בעפּיירעש נאריש דרייען זיך און יענעם א קאָפּ,
ביזן טויט ניט אופהערן זיך מיט אים צו קריגן
און גלייבן, אז, קלוימערשט, דער שפּיגל נארט אָפּ...

# אין צוג

סע לויפט דער צוג, עס שווינדלען די וואגאָנען,
וואלד און פעלד זיך ציִען אָן און עק.
געדאנקען פונדערוויַטן פליִען אָנעט,
שווינדלען און פארשווינדן ניט אין וועג.

א כאווער, א סאָלדאט פון יענעם קריג,
וואָס איז געווען מיט מיר אין פלאם און פיַער
און ווי א ברודער איז מיר טיַער, —
געוואָרן קראנק, צום בעט איז צוגעשמידט.

א שאָכן מיַנער, וואָס טאָג־אויס, טאָג־איַן
געהאָרעוועט אזוי, אים פלעג דער טאָג ניט קלעקן, —
פון אויגן זיַנע אויסגערונען איז די שיַן
און טאָג נאָך טאָג איך הער ווי ס׳קלאפט זיַן שטעקן.

א טראכט טאָן, וואָס איז אונדזער לעבן? — געווען א קריג, א גענעם,
צאָרעס האָבן אלעמען געקלעקט,
נאָר ווי שווער אמאָל צו שיידן זיך מיט יענעם,
וועלכער האָט נאָך ווי געהעריק ניט געלעבט...

הינטערן פענצטער פליִען וויאָרסטן, קיין איַנהאָרע,
שווינדלען פאר די אויגן — איבערן ליַב לויפט דורך א קעלט.
עד, צונויפנעמען די דיַגעס מיט די צאָרעס
און פארפירן זיי עק־וועלט!...

# דער טאָג האָט צוגעזאָגט אזויפיל

דער טאָג האָט צוגעזאָגט אזויפיל,
און ניט געגלייבט כ׳האָב בעשום־אויפן,
אז ענדיקן ער וועט זיך ווען־ניט־ווען.
פון גאַנצער פארקאטשעט כ׳האָב די ארבל,
ווי מע זאָגט, אריַן כ׳בין אין דער ארבעט,
פארגעסן, אז אזוינס דאָך מוז געשען...

פארגעסן און, ווי שטענדיק,
די ארבעט ניט פארענדיקט,
געכאפט זיך מיטאמאָל — איַ־איַ־איַ!
וויי־וויי! דער טאָג גייט אונטער,
און ארבעטן זיַנען פארבליבן הונדערט,
כאָטש כיַוועקיַעם שריַ!

א מידער בא דעם טיש איך בין געזעסן,
פארגעסן, אז איך האָב נאָך ניט געגעסן,
א שטילקיַט איז געקראָכן אף די ווענט,
און פאר די אויגן — וויי, פאר מיַנע אויגן,
יאָרציַט־ליכט מ׳האָט אָנגעצונדן אין די שויבן,
דער טאָג איז אויסגעגאַן אף מיַנע הענט...

## א נעקראָלאָג דעם ווינטער

מיר געזעגענען זיך מיטן ווינטער.
די לעצטע הורפּעט שניי,
וואָס דאָ און דאָרט געלעגן זײַנען ערשט ניט לאַנג, —
זײַנען צערונען.
יאָ, ביסט געווען א גוטער, גאָר א גוטער,
ווי א טאַטע,
וואָס דעקט אײַן זײַן קינד,
אזוי האָסט אלע פעלדער אײַנגעדעקט באַצײַטנס מיט דײַן ווײַסן פוטער,
געזאָרגט, אז יענע קערנדלעך, וואָס מ׳האָט פאַרזייט,
זאָלן דײַנע פרעסט ניט בראָטן
און אופגיין צו דער צײַט זאָל דער פאַרזיי געראָטן.

די ביימער וועלן אויספּוצן זיך אין גרינע בלעטער,
און קווייטן בונטע וועלן זיך צעבליִען אלע דאָ ביז איינער,
נאָר דו וועסט עס ניט זען שוין קיינמאָל, קיינמאָל!

אין אויערן עס שטייט נאָך אלץ דער קינדערשער געליאַרעם,
פון פראָסט די באַקן ראָז, די בלוטן וואַרעם,
מיר פליִען פונעם באַרג אף שליטלעך מיט געשריי
און באַבעס מאַכן פון דײַן ערשטן שניי.
אין לעצטן וועג באַגלייטן מיר דיך, ווינטער.
דער לעצטער שניי צערינט שוין,
דײַן ריינקייט און דײַן ווײַסע שיינקײַט — שוין אהינטער...
אין הארץ עס וואַרעמט מיך איין טרייסט:
וועסט קומען צו אונדז נאָכאַמאָל איך ווייס,
ווי אין א מײַסע
אפּסנײַ וועסט מאַכן זי, די וועלט, א ריינע און א ווײַסע...

## פיר בריוו

דעם ערשטן בריוו
האָב איך אוועקגעשיקט דעם פרילינג.
כ׳געדענק עס גוט,
ווי הײַנט וואָלט עס געשען.
עס האָט געבליט,
ארום
איז אלץ געווען אין צוויט,
אין סאָד אף יעדן בוים די פייגעלעך האָבן געזונגען.

דעם צווייטן בריוו דערנאָך
האָב איך אוועקגעשיקט דעם זומער,
כ׳געדענק עס גוט.
ווי הײַנט וואָלט עס געשען.
ס׳ליגט אפן צונג נאָך יענער טאַם,
דער ווײַניק־זיסער טאַם
פון יענע ווײַנשל,
יענע עפּל...

דעם דריטן בריוו
האָב איך געשריבן צו דעם האַרבסט,
כ׳געדענק עס גוט,
ווי הײַנט וואָלט עס געשען.
א קעלט, אַן עסעריקע קעלט,
דעם גאַנצן טאָג א רעגן האָט געגאָסן,
א ווינט געריסן האָט די לעצטע בלעטער פון די ביימער.

דעם פערטן בריוו
האָב איך אוועקגעשיקט דעם ווינטער,
כ׳געדענק עס גוט,
ווי הײַנט וואָלט עס געשען:
די הויפּנס שניי אַרום,
דעם ברענענדיקן פֿראָסט,
וואָס האָט געמאַכט די בלוטן הייס
און רויט די באַקן.

און, מיינט איר, לאַנג אַן ענטפער כ׳האָב געוואַרט?
ניין. איך בין עלטער אַף א יאָר געוואָרן.

## איך טראַכט אַמאָל...

איך טראַכט אַמאָל:
ווען גוטסקייט מע זאָל קענען צעטיילן
אַזוי,
ווי די מאַמע פלעג טיילן דאָס פּיסנע ברויט
ביים, פאַר קיינעם געדאַכט,
אין שטוב האָט געפעלט,
יעדן זאָל קלעקן, —
געשניטן זי האָט גלײַכע שטיקלעך...
ליכטיקער מיסטאָם וואָלט געוואָרן די וועלט,
ווײַל אַלע מענטשן וואָלטן געווען גליקלעך!

## מאַמע-ערד...

מאַמע-ערד, ביסט א ווילדע, א צאַרטע
און געהאָרכזאַם טראָגסט אייביק דײַן אָל,
כאָטש מיר האַלטן דיך שטענדיק באַם האַרצן,
דאָך אין האַרץ מיר פאַרגעסן צומאָל.

פרעמדע ערד איז א כּיעס באַטרעטן,
נאָר זיך אומקערן ווילט זיך צוריק.
ווען פריִער אַמאָל, ווען שפּעטער,
וועט פאַרוויגן דײַן אייביקע וויג...

## הארבסט-מאָטיוו

ניט צוגעוווינט מיסטאמע נאָך צו קעלט,
אינגאנצן שוין פארגעלט,
א יונג בעריאָזע-פּאַרל אינעם סאָד
האָט פארן ערשטן קילן ווינטעלע געציטערט,
איינס דעם צווייטן איינגערוימט עפּעס אין אויער...
די זון אין דר׳היידך האָט נאָך געהעלט,
דער הימל איז געווען נאָך ווי־ניט־ווי א בלויער,
צוויי קליאָנען אלטע,
וואָס אין יעדן ווערטער
באגעגענען מיך שטענדיק בא דעם טויער,
דעם גאנצן טאָג האָבן געציילט און געציילט
און אלעמאָל פארלוירן דעם כעזשבן
פון דער צאָל שוין אראָפּגעפאלענע זייערע בלעטער...
ווי בושלען,
א סטייע וואָלקנדלעך גרויע
נידעריק צום ראנד זיך געצויגן.
מיט בענקשאפט
באגלייט כ׳האָב מיט די אויגן
די פייגל,
די טשאַטעס פייגל,
וואָס שורעדיק זיינען פון זומער שוין ארויסגעפלויגן...

* * *

אפן דינינקן צוויַגל פון דעם לעבן — צוויי פייגל,
וואָס אומעטום אונדז שטענדיק באגלייטן:
מ א ז ל — רופט מען איינעם,
ש ל י מ א ז ל רופט מען דעם צווייטן.

## מיר איַילן זיך

מיר איַילן זיך, דאָס גאנצע לעבן איַילן זיך,
צום גרויס באַדויערן, פארשפעטיקט מען דאָסראָוו,
ניט אין קינאָ, ניט אין טעאטער, טייַערע —
א מענטשן אמאָל זאָגן א גוט וואָרט...

## שאָלעם-אלייכעם



# דער שטאָרעם

א ראָמאַן אין צוויי טיילן

קאפיטל ד

## יאשקע וואָראַנא

אין די פּאפּירן שטייט ער פאַרשריבן „יאקאָוו וואָלאדימיראָוויטש וואָראַנין, צוויי און דרײַסיק יאָר אלט". דער עמעסער נאָמען זײַנער איז: „יאנקל וואָרענער", פון א קליין שטעטל אין גראָדנער גובערניע. זײַן בּיאָגראַפיע איז אינטערעסאנט, און מיר גיבן זי איבער אזוי קורץ, ווי ווײַט ס'איז מעגלעך.

...דער פאָטער א מעלאמעד... די מוטער א בעקערן... ביז פינף יאָר געליטן הונגער... פון פינף יאָר געהאָלפן ברענגען די קינדער עסן אין כיידער ארײַן, פאַרדינט א גראָשן, געקויפט בא דער מוטער א בייגל אָף אָנבײַסן... פורים געטראָגן שאלעכמאָנעס... זומער געגאנגען באָרוועס ביז דרײַצן יאָר... נאָך דער בארמיצווע נישט געוואָלט דאוונען... געשלאָגן פונעם פאָטער, צעבראָכן א האנט... אנטלאָפן קיין גראָדנע... געשלאָפן אין דרויסן... גע-

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1, 1991.

לערנט פון אַ מעשוגענעם רוסיש און מאַטעמאַטיק... געגאַנוועט אַ געמאָרע אין שול, פאַרזעצט פאַר אַ האַלבן ברויט... אַנטלאָפן קיין מיר אין דער ישיווע... זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פרומען, געדאַוונט פון פרי ביז נאַכט... געגעסן טעג... געגאַנוועט שטיקלעך בולקע פון טיש... שאַבעס געכאַפּט מיט אַ פּאַפּיראָס אין בייס־האַקיסע... געשלאָגן... אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק... געוואָרן אַ לערער... גענומען אַ גילדן אַ וואָך פאַר צוויי שאָ אין טאָג... געהונגערט... געוואָרן אַ כאָסן פאַר אַ מיידל, טויב ווי די וואַנט... גענומען פינף און פופציק רובל נאַדן... געקויפט אַ פּאָר שטיוול (דאָס ערשטע נײַע פּאָר שטיוול!)... אַנטלאָפן קיין ווילנע... אָפּגעגעבן עקזאַמען אױף זעקס קלאַסן... זיך באַקאַנט מיט בונדיסטן... געשריבן דראַמעס און זשאַרגאָן... געטראָגן פאַרקויפן אַ פאַרלעגער... פאַרגעלייגט אַ פּרײַז אױף דער וואָג: צוויי גילדן אַ פונט... די דראַמעס צעריסן, אָנגעשריבן אַ סאַטירע אױפן פאַרלעגער... באַוויזן פאַר די כאַוויירים... אַלע געוועזן אַנציקט... אַוועקגעשיקט אין אַ ייִדיש בלאַט... פאַרפאַלן ווי אין וואַסער... זיך פאַרליבט אין אַ מיידל... מיִעס אָנטזאָגט... זיך געוואָלט טרינקען אין ווילייקאַ... באַקומען אַ ייִדיִע, אַז דער פאָטער איז טויט, די מוטער הונגערט... זיך געגעבן דאָס וואָרט אויסשטודירן אַדוואָקאַט... אַרײַן אין אַפּטייק... אָפּגעוועזן צוויי יאָר... געשיקט דער מוטער געלט, אַ רובל אַ וואָך... אױף יאָמטעוו צוויי רובל... דער אַפּטייקער זיך געטשעפּעט, אַז ער טײַלט אָרעמע מיידלעך פאַרפומען אומזיסט... אַן אינטריגע פונעם אָפּטייקערס פרוי... אַנטלאָפן קיין פּעטערבורג... געוואָלט שטודירן מעדיצין... שטאַרק געהונגערט... געוואָלט דערשלאָגן זיך צום באַראָן גינזבורג... אויסגעשטאַנען שטונדנלאַנג אױפן פראָסט... געצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פון דער פּאָליציע... אַרעסטירט... געוואָלט אַרויסשיקן מיטן עטאַפּ קיין גראָדנע... זיך געשמאַדט... פאַרלאָרן די האָפענונג אױפן באַראָן גינזבורג... דער מוטער קיין געלט נישט געקאָנט מער שיקן... אַליין אויך געהונגערט... זיך געשטעלט אין אַרסענאַל פאַר אַן אַרבעטער... געהערט לעקציעס אין אוניווערסיטעט... זיך געריבן אױף אַלע פאַרזאַמלונגען... זיך געקענט מיט אַלע סטודענטן און אַרבעטער... די שמאַד פאַרבאָרגן... געוועזן פאַרמישט אין אַ סקאַנדאַל מיט דינאַמיט... שיִר ניט באַקאַנט זיך מיט סיביר... געגאַנגען אױף קאָמפּראָמיס... אויסגעגעבן אַ פּאָר כאַוויירים, גיך באַפרײַט געוואָרן... געוואָלט הענגען זיך... באַקומען אַן אײַנלאַדונג, פאָרגעלייגט אַ שטעלע אַלס שפּיאָן... מיט פרייד דערזען דעם ערשטן הונדערטער... זיך פאַרליבט אין אַ גויע אַ וועשערן... כאַסענע געהאַט... האָט צוויי קינדער... דינט געטרײַ... נאַטשאַלסטווע העכסט צופרידן... געקויפט אַן אייגן הײַזל... גייט אַלעמאָל העכער... באַ אייגענע אַרבעטער פאַרדאַכטעט... באַקומען אַ גרוס פונעם מאַלעכהאַמאָוועס... היט זיך די ביינער... געהאַט די ערע אַ פּאָר מאָל צו ראַפּאָרטירן פּערזענלעך פאַר אַ הויכן נאַטשאַלניק... באַקומען אַ קאָמאַנדיראָווקע קיין וואַרשע... אויסגעפּילט זײַן מיסיאָן אױפן בעסטן אַרט... באַקומען אַ שיינע מאַטאָנע מיט אַ שטענדיקן פּאָסטן אין פּעטערבורג... וואָלט געקאָנט זײַן פולשטענדיק צופרידן, ווען די אַרבעטער זאָלן ניט שרעקן מיטן טויט...

אד קאַן ביִאָגראַפיע פון יאַשקע וואָראָנאַ.

* * *

יאַשקע וואָראָנאַ האָט געמוזט מודע זײַן, אַז אַזאַ שווער שטיקל אַרבעט, ווי די דאָזיקע פאַרבאָרגענע „מאַשע" האָט אים פאַרגעבן, האָט ער נאָך נישט געהאַט קיינמאָל, און אַז ער וועט זי האָבן צו געדענקען ווײַל ער וועט לעבן! אַ כשאַד האָט ער געהאַט אױף אַ מיידל מיט קורצע האָר, וואָס איז געגאַנגען איינמאָל אױף אַ פאַרזאַמלונג מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע, שוין שפּעט אין דער נאַכט איז דאָס געוועזן, זיך אָפּגעשטעלט אַלע ווײַלע און דיסקוטירט (ס'איז געוועזן אין יענע גליקלעכע טעג, ווען דרײַ מענטשן האָבן נאָך געקאָנט אין גאַס רעדן פראַנק און פרײַ). אָפּגעזעגנט זיך מיט דער כאַליאַסטרע, האָט דאָס דאָזיקע מיידל גענומען אַ דראָזשקע און געהייסן זיך פירן אױף איינע פון די פינצטערע געסלעך פון דער גרויסער שטאָט פּעטערבורג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יאַשע האָט באַלד אויך גענומען אַ דראָזשקע און האָט זיך אויך געהייסן פירן אױף דער זעלבער גאַס, און אַז דאָס

מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט, צעצאָלט זיך, אראָפּגעקראָכן, אָנגעקלונגען און אַרײַנגעגאַן אין הויף אַרײַן, האָט אונדזער אגענט אָפּגעוואַרט א ווײַלע, אָנגעקלונגען צום דוואָרניק, אַרײַנגעגאַנגען אין הויף אַרײַן, באַוויזן דעם דוואָרניק זײַן אגענט-צייכן און געהייסן זיך ווײַזן די ביכער, ווו עס ווערן אַרײַנגעשריבן אַלע די, וואָס וווינען דאָ אין הויף. יאַשקע האָט דורכגעבלעטערט אַלע ביכער עטלעכע מאָל הין און צוריק און אָפּגעשטעלט זיך אויפן נאָמען מאַרים-גיטל באַשעוויטש... וווינט בא אַן אָרשער מעשטשאַנין מוישע מאַלקין...

— אָ??? מאַלקין?.. א קענטלעכער נאָמען... בא אים וועל איך שוין עפּעס אויסגעפינען...

<u>קאַפּיטל ה</u>

## די קליינע קאָמונע

מאַלקין איז געווען באַקאַנט דער פּאָליציע שוין פון לאַנג — דורך זײַן כלאָפּאָטשען וועגן פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און דורך זײַנע אָפטע פּראָשעניעס מיט זײַן דולן א קאָפּ. עס האָט נישט געהאָלפן קיין זאַך, קיין אַרעסטירן, קיין אַרויסשיקן מיטן עטאַפּ — מאַלקין האָט זיך אײַנגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: אָרשע איז פאַר אים צו קליין, ער וויל זײַן א פּעטערבורגער — און ער האָט אויסגעפירט. ער האָט געבראַכט צו פירן פון אָרשע אַן „אַטעסטאַט" פון א באַלמעלאָכע (א שוואַקסמאַכער) און האָט זיך באַזעצט אין פּעטערבורג.

צוויי קויכעס האָבן געאַרבעט פאַר מאַלקינען, ער זאָל ווערן א פּעטערבורגער טוישעוו: איין קויעך האָט אים געטריבן פון אָרשע, ווײַל אין אָרשע איז ניטאָ וואָס צו טאָן. דער אַנדערער קויעך האָט אים געצויגן קיין פּעטערבורג, ווײַל אין פּעטערבורג, האָט ער געהערט, ווערן ייִדן רײַך, אומגעהײַער רײַך פון דער מילכאָמע (דאָס איז געווען אין דער מילכאָמע-צײַט מיט יאַפּאַן). מאַלקין האָט אָבער א ביסל פאַרשפּעטיקט. איבער כלאָפּאָטשען וועגן פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און איבערן גיין מיטן עטאַפּ האָט ער דורכגעלאָזט די סאַמע בעסטע, די גאָלדענע צײַט, און איז אָנגעקומען קיין פּעטערבורג דעמלט, ווען מע האָט שוין גאָר אָנגעהויבן שמועסן וועגן שאָלעם — און אונדזער שוואַקסמאַכער האָט זיך אומזיסט אויסגעבראַכט, און ער וואָלט געשטאָרבן פון הונגער, ווען זײַן ווײַב זאָל אים ניט קומען צו הילף מיט איר קאָנען גוט קאָכן פיש און באַקן כאַלע. ער האָט געעפנט א וואָלוועלע קיך מיט בעטלעך פאַר ניט קיין רײַכע לײַט און אויסגעהאַנגען א צעטל — און עס האָט אים מאַצליעך געווען: אין גאָר א קורצער צײַט איז מען געוווּר געוואָרן איש מיפּי איש, אַז בא מאַלקינען עסט מען געשמאַקע פיש מיט פרישע כאַלע אַלע טאָג, און נישט טײַער — און מאַלקינס קוואַרטיר, וואָס איז געווען אונטערן סאַמע הימל, אויפן אייבערשטן עטאַזש, איז גיך געוואָרן באַזעצט דורך שטענדיקע קוואַרטיראַנטן, יונגע מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, אָדער, בעסער געזאָגט, מענטשן אָן פּראָפעסיעס, דאָס, וואָס מע רופט אָן „אינטעליגענטע פּראָלעטאַריערס", אַזעלכע מענטשן, וואָס וואָלטן א באַלן געווען עפּעס טאָן, אַרבעטן, האָרעווען, אַבי פאַרדינען זיך דאָס שטיקל ברויט. ניט צוליב געלט כאָלילע, נאָר אום צו דערהאַלטן די נעשאָמע, בכדיי מע זאָל קאָנען פאָרזעצן די גרויסע אַרבעט פון דער הייליקער אידיי, וועלכע האָט זיי אַלע צונויפגעקליבן דאָ, אונטערן סאַמע הימל, בא מאַלקין דעם שוואַקסמאַכער...

וועלע שיימעס — אָט דאָס זײַנען די נעמען פון די קוואַרטיראַנטן, וואָס בא מאַלקינען אונטערן הימל.

מייער פרידל — צוויי און צוואַנציק יאָר, א בונדיסט. געלערנט אין דרײַ גימנאַזיעס, ניט געענדיקט איינע אפילע, איבער מאַטעמאַטיק. ווײַל מאַטעמאַטיק איז א בורזשואַזנע כאָכמע. צעקריגט מיט די עלטערן. אַנטלאָפן קיין פּעטערבורג, זיך פאַרשריבן פאַר א זעצער אין דרוק, אַרײַן אין אוניווערסיטעט. נידעריקער וווּקס, שוואַרץ, געשטופּלט. א נידעריקע ריִע.

כאַים ברוידע — פיר און דרײַסיק יאָר. געווען א מעלאַמעד. אליין זיך אויסגעלערנט שפּראַך. פיל געלעזן. א געפערלעכער אַנטיציוניסט און אַנטינאַציאָנאַליסט. לייענט שטי־לערהייט דעם „האַשאַליידער״... פאַרשריבן פאַר א שנײַדער. פון וואָס ער לעבט ווייסט נאָר גאָט און ער... א הויכער, א דינער, רעדט הייזעריק, דאַכט זיך, א קאַנדידאַט אויף טשאַכאָט־קע, און עפשער ניט...

מישע בערעזניאַק (דער עמעסער נאָמען זײַנער איז מוישע פּידלער) — קאָרעוו צו פּערציק. אַן אַנטלאָפענער פון סיביר. געענדיקט צוויי פאַקולטעטן. א זעלטענער גוואַר. אַז ער רעדט, הודעט ער. שטאַרק געזויכט פון פּאָליציע. לעבט פון דעם, וואָס ער זינגט אַלע זונטיק אין „כאַר״. שווער צו דערקענען אין אים א ייִדן. גרויס, באַוואַקסן, זעט אויס ווי א דיאַק. א ווילדער באַלקײַסן.

ניסל אַווראַטיס — א ייִנגל פון נײַנצן יאָר, נישט געלערנט אין ערגעץ. זעלטענע פּעיקײַטן, שרײַבט שירים אין די בעסטע רוסישע צײַטונגען, כאַסמעט זיך „קאַליבּרי״. א פײַערדיקער אַנאַרכיסט. פאַרשריבן א פאַרבער, ווײַס ווי א מיידל, פּוכקע בעקלעך.

עטקע ווייראַך — פיר און צוואַנציק יאָר. א ליטווישקע פון באַברויסק. פאַרשריבן פאַבּריקמאַכערן. געענדיקט גימנאַזיע. שטודירט אויף דאַנטיסט. לעבט פון קלעפּן קאָראָבקעס, שוואַרץ, נאָר כיינעוודיק, אויגן — פײַער.

כאַוועט וואָלף — איין און צוואַנציק יאָר. שטאַמט פון גרויסן ייִכעס: דער פאָטער באַרימט זיך, אַז ער קומט אַרויס פונעם ייִדיש־פּוילישן קיניג שויל וואָל. אוועקגעוואָרפן א כאַסן א גוויר. זיך אויסגעלערנט מאַסאַזש. פאַרשריבן היטלמאַכערן. א מעסוקענע רעוואָ־ליוציאָנערקע. ניט קיין שייִנע.

מאַשע באַשעוויטש — קענען מיר.

אַצינד וואָלט מען נאָך באַדאַרפט פאָרשטעלן אײַך מאַלקינס דרײַ עלטערע באָנים. „באָנים״, ניט „זין״ — איז די מאַשמאָעס, אַז דאָס זײַנען דרײַ הויכע געזונטע קלאָפּערס, מיט הויכע ראַגלאַיִם, מיט געזונטע יאַדאַיִם, וואָס קאָנען גוט אַרבעטן און ניט אַכלען; זיי האָבן אַן אַפּעטיט, וואָס מיליאָנערן מעגן זיי מעקאַנע זײַן. אויף זיי קוקנדיק, עסט זיך גאָר אַנדערש. א קאַפּאָרע זיבעצן יאַמטויווגדיקע סודעס מיט אַכצן כופּע־וועטשערעס, מיט הונ־דערט ראָוטן, דינערס און באַנקעטן פון פּילפּאַכע מיליאָנערן, פאַר איין וועטשערע אינ־דערוואָכן באַם שוואַקסמאַכער דאָרטן אינדערהייך, אונטערן סאַמע הימל, בא דעם אינטע־ליגענט־פּראָלעטאַריש געזינדל, — נישטאָ קיין צערעמאָניעס! נישטאָ קיין אויבנאָן! מע זעצט זיך אַוועק און מע רעדט און מע עסט אַלע אינאיינעם, מײַנס און דײַנס און שוטפעס־דיק — א מין קאָמונע...

מיט דער צײַט איז דאָ טאַקע געוואָרן א שטיקל קאָמונע — אַדאַנק דער נײַער קוואַר־טיראַנטקע מאַשע באַשעוויטש. אַז מאַשע באַשעוויטש איז געקומען צום ערשטן מאָל באַ־שטעלן זיך דאָ קוואַרטיר און קעסט, האָט זי זיך פון דער ערשטער מינוט אָן געפילט, אַז זי איז אינדערהיים. באַקענט זיך מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע און מיט אַלע פאַרשוינען באַם נאָמען, האָט מאַשע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס היטעלע מיטן מענטעלע, פאַרקאַ־טשעט די אַרבל און אוועקגעשטעלט זיך העלפן דער פרוי מאַלקין וואַשן דאָס געפעס. מאַלקין אַליין האָט זיך אַפילע געפרוווט פּראָטעסטירן, האָט אים מאַשע אָפּגעשניטן:

— עס איז ניט אײַער אײיסעק! קוים האָב איך צײַט, דאַרף איך אײַך העלפן; וועל איך קיין צײַט ניט האָבן, וועט איר מיר העלפן... אָט, לעמאָשל, האָט זיך בא מיר צעריסן א שוך, איר זעט? זײַט זיך מאַטריעך, הער מאַלקין, נאַט אײַך מײַן שוך און טראָגט אים אַרײַן צום שוסטער, איך האָב געזען דאָ אין הויף בא אײַך א שוסטער; באַדינגט זיך מיט אים, וואָס ער וועט וועלן פאַר דער רעפּעראַציע, און זײַט מויכל טאַקע אין איינוועגס באַצאָלט אים דאָרטן, וואָרעם איך בין הײַנט נישט בא געלט...

שפּעטער מיט עטלעכע מינוט האָט מאַשע דערהערט קאַוויטשען א קינד פון הינטערן אויוון אַרויס, האָט זי זיך אָנגערופן צו דער פרוי מאַלקין:

— דאָס איז אײַערס? אַנו, ווײַזט נאָר אַהער אײַער ווײנענדיק באַשעפעניש, וועלן מיר זען, וואָס גייט דעם אָפּ?.. — און מאַשע האָט גענומען דאָס קינד צו זיך אויף די הענט,

אים א נאָמען געגעבן „פּעמפּיק“, געדרייט און געטרייסלט און געטאַנצט מיט דעם, אזוי לאַנג, ביז דאָס וויינענדיקע באַשעפעניש׳ל אָדער פּעמפּיק האָט אַרויסגעשטעלט א רויט צינגל מיט זעקס נאַרוואַס אויסגעשניטענע ציינדלעך און האָט זיך פאַרגאַנגען פון געלעכטער.

— וואָס זיצט איר, ווי די קאַלעס, צונויפגעלייגט די הענט? — האָט זיך מאַשע צעשריִען אף די צוויי קוואַרטיראַנטקעס, די מיידלעך, וואָס שטודירן איינע אף דאַנטיסט, די צווייטע מאַסאַזש.

— וואָס זאָלן מיר טאָן? — פרעגן די מיידלעך מיט א געלעכטער.

— וואָס זאָלט איר טאָן? — ענטפערט זיי מאַשע. — כאַפּט אַן אווטאָמאָביל און פאָרט זיך דורך א ביסל איבער „ניעווסקי“!.. אָט ליגט א בעזעם, נעמט מען און מע פאַרקערט די שטוב.

עס פאַרשטייט זיך, אז דעם ערשטן אפּדערנאַכט, צו דער ערשטער וועטשערע, האָבן זיך אַלע געוואָלט אויספּײַנען פאַר מאַשע באַשעוויטש, איטלעכער מיט זײַן פריידענקען און מיט זײַן שיין רעדן, און מע האָט פאַרבונדן א דיסקוסיע איבער א פרינציפּיעלער עקאָנאָמישער פראַגע, און עס האָבן זיך א גאָס געטאָן ווערטער: „קאַרל מאַרקס... לאַסאַל... פּראָלעטאַריאַט... קאַוטסקי... קאַמף“...

— שאַט, קינדערלעך! — האָט אויסגעשריִען מאַשע באַשעוויטש און האָט זיך פאַרשטעלט די אויערן. — ווילט איר פירן א דעבאַטע ניט ווי געגנדז, נאָר ווי מענטשן, דאַרפט איר דאָס מאַכן פּאַרלאַמענטאַריש, אויסוויילן א פּרעזידענט, זיך מעלדן צום וואָרט. הײַנטיקס מאָל בין איך אײַער פּרעזידענט... הער בערעזוניאַק, איר האָט דאָס וואָרט!..

און אָט אזוי איז דאָס בעמיילע געוואָרן בא מאַלקינען א קליינע קאָמונע, און איר פירערן איז געווען מאַשע באַשעוויטש.

קאַפּיטל ו

## געשאָסן דעם פויגל און ניט געטראָפן

עס איז נאָך נישט געווען רעכט נאַכט, עס זײַנען נאָך נישט אַלע גאַסן געווען באַלײַכט, אז די קליינע קאָמונע, וואָס געפינט זיך הויך אונטערן דאַך, בא מאַלקינען אין ווירנונג, האָט זיך אָנגעהויבן איינציקווײַז צונויפגיין און איבערגעבן איינס דעם אַנדערן די פּאַסירונגען פונעם טאָג. איטלעכער פון זיי האָט געהאַט פּעק מיט נײַס צו דערציילן: דער פון א געהיימער פאַרזאַמלונג, דער פון אַן איבערפאַל איבער אַרבעטער, דער פון א נײַעם שטרײַק, וואָס ווערט געפּלאַנט, און איטלעכער האָט געוואָלט, מע זאָל אים אויסהערן פריִער. האָט זיך אַרײַנגעמישט דער באַלעבאָס, מאַלקין אַליין, און האָט זיך אָנגערופן צו דער כעווראַ בעזאַ האַלאָשן:

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, קינדער? אָט הערט מיך אויס, וועל איך אײַך דערציילן א שיינס. ערשטנס, בין איך עלטער פון אײַך, — פון דעם, וואָס איך בין דאָ באַלעבאָס, רעד איך שוין ניט, בא אײַך שפּילט דאָס וואָרט „באַלעבאָס“ א קנאַפּע ראָל, — און צווייטנס, זאָג איך אײַך צו, אז איר וועט לאַכן.

— אויב לאַכן, זענט איר פאָרהאַנט, הער מאַלקין, איר האָט דאָס וואָרט!

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז די ווערטער געהערן צום שטענדיקן פּרעזידענט פון דער קאָמונע, צו מאַשע באַשעוויטש, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן פאַרטראַכט, צערודערט, געפּויקט מיט די פינגער איבערן טיש — א סימען, אז זי איז ניט אויפגעלייגט... און דער באַלעבאָס מאַלקין הייבט אָן צו דערציילן זײַן מײַסע:

— אינדערפרי, אז איר אַלע זײַט זיך צעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער, און איך בין געבליבן איינער אַליין מיט אָט דעם קליינעם פּעמפּיק (ער ווײַזט אַפן מיזיניקל, וואָס זיצט

בא דער מאסאזשיסטקע אף די הענט און רײַסט זי בא דער נאָז), עפנט זיך אוף די טיר און עס קומט אַרײַן צו מיר א פאקנטרעגער מיט ביכלעך און זעצט זיך אוועק מיט מיר פּלאַ־פּלען, און דער קלײנער פּעמפּיק לאָזט־ניט אויסרעדן א וואָרט, ווי זײַן שטייגער איז. בקיצער, היסטאָריעס, מײַסעס, געשיכטעס, עס לאָזט זיך אויס, אז ער איז א כעוורעמאַן, און נאָך א פאַרברענטער דערצו, פארקויפט טרייפע ביכלעך און האקט מיר אַרײַן בעשאַסמײַסע א גאַלקע, אז די מאַשע, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין די טיפּאָגראַפיעס און האָט אָפּגעדרוקט די פּראָקלאַמאַציעס, איז דאָס זײַן טאָכטער... נו? האָב איך אײַך געזאָגט, אז איר וועט לאַכן?

— נו? וואָס זשע האָט איר געזאָגט? — פרעגט אים מאַשע באַשעוויטש.

— וואָס זאָל איך אים זאָגן? — מאכט מאַלקין. — איך האָב אים געזאָגט, אז ער איז מעכילע א גרויסער שאַקרען. האָט ער געוואָלט מיך איבערשפּאַרן און אײַנרעדן, אז ס'איז פאַרט זײַן טאָכטערס ארבעט, האָט דאָס מיך שוין אונטערגעטראָגן, האָב איך אים אויסגעבעטלט אַלע בייזע כאַלוימעס און האָב אים מעגאַלע געווען דעם סאָד, אז די מאַשע איז גאָר אַן אנדער מאַשע, און אז איך קען זי, און אז זי וווינט דאָ טאַקע בא מיר אין שטוב.

גלײַך ווי א בייזע פליג האָט איר דערלאַנגט א ביס, אזוי האָט זיך מאַשע באַשעוויטש אופגעכאַפּט! געגעבן א פליעסק מיט די הענט און אויסגערופן צו מאַלקינען:

— וואָס האָט איר געטאָן? איר זענט דאָך א ייִנגל, אַן אַלט ייִנגל און א נאַריש ייִנגל! ווער האָט אײַך געבעטן, איר זאָלט פּלאַפּלען מיט דער צונג? אך, מאַלקין! מאַלקין!..

און מאַשע באַשעוויטש האָט גענומען לויפן איבער דער שטוב, פּײַנען און ווארפן זיך, און אָכקען און אויקען און ברעכן די הענט. די גאַנצע קאָמונע און מאַלקין אַלײן האָבן זיך פאַשעט דערשראָקן פאר איר; זינט זיי קענען זיך מיט מאַשע באַשעוויטש האָבן זיי זי נאָך נישט געזען אזוי אופגערעגט און צעטראָגן, ווי אַצינד. עס האָט נישט געהאָלפן קיין באַרויקן, קיין אויסרעדן דאָס האַרץ. מאַשע באַשעוויטש האָט זיך נישט געלאָזט איבערעדן, און אף מאַלקינען האָט זי געפײַערט, געשוועבלט.

— וואָס פאר א רעכט האָט איר געהאט ארויסצוגעבן פאר א ווילד־פרעמדן מענטשן, וואָס איר קענט אים ניט און ווייסט אים ניט, אזעלכע זאכן, וואָס געהערן זיך מיט אײַך ניט אָן? איך בין איבערצײַגט, אז דאָס איז א כעוורעמאַן פון דעם גוטן אָרט... אונדזער דוואָרניק האָט מיר עפּעס געפּלעטשעטע הײַנט אינדערפרי, אז נעכטן באַנאַכט, נאָך מײַן קומען אהיים, איז דאָ געווען עפּעס א נעפעש און האָט זיך נאָכגעפרעגט אף עמעצן, ער ווייסט ניט, צי אף מיר, צי אף אַן אנדער באַרישניע... ווייסט איר, קינדער, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? איך פאָר אריבער אף אַן אנדער קוואַרטיר, און טאַקע באַלד, קינדער! פּרוווט נישט מיך איבערעדן, וואַרפט אוועק אַלע אײַערע גרימאַסן מיט די טרויעריקע ריידלעך. העלפט מיר בעסער צונויפנעמען מײַן „באַגאַזש", און זאָל איינער פון אײַך זיך מאַטריִען זײַן צום דוואָרניק מיך אויסשרײַבן פון די ביכער, אז איך בין ארויסגעפאָרן פון פּעטערבורג אין ווילנע... אויב זיי וועלן מיך וועלן זוכן, זאָלן זיי זיך כאַטש דרייען דעם קאָפּ... זײַט געזונט, קינדער, אין א פּאָר טעג ארום וועט איר האָבן פון מיר א ייִדיִע... זײַ געזונט, קלײנער פּעמפּיק, גיב אהער די אויסגעשמירטע מאָרדע דײַנע, איך ווינטש, דו זאָלסט וואקסן און זײַן כאָטש א ביסעלע קליגער פון דײַן טאַטן... אַדיע!

אַן אייגענע שוועסטער דאַרף מען אזוי וואָרעם ניט ארויסבאַגלייטן, ווי וואַרעם די קלײנע קאָמונע האָט ארויסבאַגלייט איר פּרעזידענט מאַשע באַשעוויטש. אַלע זײַנען געווען געריִרט, דערשלאָגן פון אזא אומדערוואַרטן סאָף. די מאַדאַם מאַלקין האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט זיך צעוויינט. און די צוויי מיידלעך, די קוואַרטיראַנטקעס, די דאַנטיסטקע מיט דער מאַסאַזשיסטקע, האָבן זיך צוגעגרייט גיין באַגלייטן זי, האָט אָבער מאַשע פּראָטעסטירט קעגן דעם, און אז זי האָט שוין געהאַלטן אף יענער זײַט טיר, האָט זי זיך אומגעקערט צו דער קאָמונע מיטן פּאַנעם און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— וואָס נאָך, קינדער, האָב איך אײַך פאַרגעסן זאָגן? יאָ, טאָמער דערהערט איר, א קאַשע אף א מײַסע, אז מע האָט מיך געכאַפּט, זאָלט איר זיך ניט דערוועגן קיינער פון אײַך גיין צו מיר צוגאַסט, און פאַלגט מיך, אין אויוון הייצט זיך, זײַט מײַוועך כאָמעץ, זוכט

אויס, ווען איר האָט ערגעץ א בריוול, א שטיקל פּאַפּיר, א פּראָקלאַמאַציע, א ביכל, און פאַרברענט דאָס געזונטערהייט. און ווער עס פילט, אז ער דאַרף ניט זײַן דאָ, זאָל ער באַ־צײַטנס בעסער זיך אָפּטראָגן... זײַט געזונט אַלע! זײַ געזונט, קליינער פּעמפּיק! נאָך דיר וועל איך בענקען...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז טייקעף נאָך מאַשעס אוועקגיין האָט איבער דעם זיך פאַר־בונדן א הייסע דעבאַטע צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמונע. אייניקע האָבן שאַרף קרי־טיקירט מאַשעס אַנטלויפן און מאַשעס באַהאַלטן זיך; אייניקע האָבן זי פאַרענטפערט און האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט: ברענען בריוו און ביכלעך, און מאַלקינס באַנים האָבן געהאָלפן. די פרוי מאַלקין האָט האַנאַע געטאָן, וואָס מע האָט פאַרשפאַרט האַלץ, און דער קליינער פּעמפּיק האָט געקוועלט, ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונעם פײַער, געמיינט, אז דאָס ברענט מען פון זײַן קאַוועד וועגן...

* * *

דאָס פײַער אין אויוון האָט שוין לאַנג אויסגעלאָשן, דאָס אש פון די פאַרברענטע פּאַ־פּירן האָט די פרוי מאַלקין לאַנג פאַרשאַרט, און די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון דער קאָמונע זײַנען זיך צעגאַנגען איטלעכער אין זײַן ווינקל אָפּצורוען פון דער אַרבעט און זאָרג פון דעם גאַנצן טאָג. נאָר איין מאַלקין מיטן ווײַב זײַנען געזעסן אײַנצווייען נעבן דעם קליינעם פּעמפּיקס וויגעלע און געבראָכן זיך דעם קאָפּ, ווו וועלן זיי נעמען מאָרגן אין מאַרק אַרײַן? דער מאַן האָט געפרעגט באַם ווײַב, דאָס ווײַב האָט געפרעגט באַם מאַן: ווו נעמט מען געלט? „נישט גוט!" — האָט געזאָגט מאַלקין. „נישט גוט!" — האָט צוגעבאָמ־קעט פרוי מאַלקין... און סאַמע אין דער מינוט הערט זיך א קלאַפּ אין טיר, און נאָך א קלאַפּ, און נאָך א קלאַפּ. וואָס א מאָל שטאַרקער און שטאַרקער.

— ווער איז דאָרט? — פרעגט מאַלקין.

— היימישע! — ענטפערט א קאָל פון יענער זײַט טיר.

— וואָס רעכנסטו זאָל דאָס זײַן, אן אַבלאַווע? — פרעגט מאַלקין בא זײַן ווײַב און קאָן זיך ניט דערוואַרטן אַף איר טשוווע, וואָרעם איידער די פרוי מאַלקין עפנט אוף דאָס מויל צו ענטפערן, טוט א טרעשטשע די טיר און עס קומען אַרײַן געסט: א פּריסטאַוו מיט נאָך א פּריסטאַוו, עטלעכע פּאָליציסטן און זשאַנדאַרמען, צווישן זיי איינער אן אָפיצער. פאַר גרויס אימפּעט האָט זיך מאַלקין צוגעזעצט צום טיש. און די פרוי מאַלקין איז צוגעגאַנגען צום פּעמפּיקס וויגעלע.

—זדראַווסטוווי, גאָלובטשיק! — אַזוי האָט אויסגערופן צו מאַלקינען דער פּריסטאַוו, וואָס האָט אים ניט איין מאָל געזען בא זיך אין אוטשאַסטאָק. — וואָס זשע מאַכסטו עפּעס, מײַן טײַערער? ווי גייט דיר אין די געשעפטן?

מאַלקין איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט, אז ער האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל... און די איבעריקע כעוורע, די פּאָליציסטן מיט די זשאַנדאַרמען מיטן אָפיצער און מיטן צווייטן פּריסטאַוו, האָבן דערווײַל געטאָן זייער אַרבעט: זיי האָבן אופגעוועקט די גאַנצע קאָמונע, אַראָפּגעשלעפּט זיי מעכילע פון די בעטלעך — איך בעט איבער אײַער קאָוועד — האַלבנאַקעט, צוגעשטעלט צו יעדן א סאָלדאַט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אן אונטער־זוכונג.

— מאַשע באַשעוויטש! — האָט אויסגערופן דער זשאַנדאַרמסקע אָפיצער, נאָך גאָר א יונגערמאַנטשיק, בלוט און מילך, מיט צוויי שיינע געקרײַזלטע קאָטלעטלעך אַף די באַקן א לאַ פּושקין. — וועלכע פון אײַך איז דאָ מאַשע באַשעוויטש?

— מאַשע באַשעוויטש איז ניטאָ, — האָט זיך אײַנגעשטעלט מאַלקין אַרויסרעדן די ערשטע דרײַ ווערטער.

— וואָס הייסט, זי איז ניטאָ?

— אַרויסגעפאָרן.

אז עמעצער זאָל געווען ווארפן א באָמבע, וואָלט זי נישט באדארפט האָבן קיין שע־נערן עפעקט און וואָלט נישט געקאָנט זיי מער איבערראשן, ווי עס האָט זיי איבערראשט די ידיעה, אז די, צוליב וועלכער זיי זײַנען געקומען אהער אַף זיכער, איז נישטאָ.

— ארויסגעפלויגן אײַער פייגעלע! — האָט זיך מיט א ביטער שמייכעלע אָנגערופן דער זשאנדארמסקע אָפיצער מיט די קאָטלעטן א ליא פושקין צו איינעם א פארשוין, וואָס איז געשטאנען בא דער טיר גאנץ אומבאמערקט, אָנגעטאָן אין אן איבער־ראָק פון אזא קאָליר, וואָס איז שווער צו זאָגן, צי איז דאָס גרוי, צי איז דאָס געל, צי איז דאָס געלבלעך; גיכער קאָן מען זאָגן, אז עס איז אלע דרײַ קאָלירן צוזאמען. די גאנצע צײַט איז דער אומ־באמערקטער פארשוין אינעם דרײַקאָלירנדיקן איבער־ראָק געשטאנען, ווי א מענטש א זײַ־טיקער, ווי איינער, וואָס מע וואָלט אים ארײַנגערופן פאר אן איידעס. דערהערט אָבער, אז מאשע באשעוויטש איז נישטאָ, האָט דער פארשוין מיטאמאָל אופגעלעבט, צוגעגאנגען צום טיש, א וואָרף געטאָן מיט די אשקאָלירקע ברילן אַף אלע זײַטן, דאָס פּאָנעם איז אים גע־וואָרן טויט, די הענט האָבן געציטערט. ער איז צוגעגאנגען צו מאלקינען גאנץ נאָענט, ארײַנ־געקוקט אים טיף אין די אויגן ארײַן און מיט א שטילער, נאָר ענערגישער שטים האָט ער צו אים א זאָג געטאָן אַף יידיש:

— מאלקין! ווו איז מאשע באשעוויטש?.. איך ווייס, אז איר ווייסט... עס וועט זײַן געזינטער פאר אײַך אלעמען, אז איר וועט זאָגן דעם עמעס...

מאלקין האָט דערקענט דעם אינדערפרײַיקן גאסט, דעם פּאקנטרעגער.

דאָס איז געווען יאשקע וואָראָנא.

קאפיטל ז

## מאשע זוכט א טעריטאָריע

אז מאשע באשעוויטש האָט זיך אָפגעזעגנט מיט דער „קליינער קאָמונע", וואָס בא מאלקינען אונטערן הימל, האָט זי גענומען איר „באגאזש", א טשאכאָטאָטשנעם טשעמאָדאנ־טשיקל, איבערגעבונדן מיט א שטריקל, געכאפּט א דראָזשקע און געהייסן זיך פירן אַף איינע פון די ווײַטע גאסן פון דעם גרויסן צוואָרפענעם פעטערבורג. מאכמעס דער וועג איז געווען א ביסל ווײַטלעך, האָט זיך מאשע ארײַנגעלאָזט אין א שמועס, ווי איר שטייגער איז, מיטן איזוואָזטשיק, א געזונטן אָרלאָווסקי מוזשיק מיט א פּאָנעם פון א בער, און איז געוויר געוואָרן פון אים, אז ער האָט אין אָרלאָווער גובערניע א שטיקל ערד, וואָס עס קלעקט אים ניט אַף טרוקן ברויט, מוז ער קוטשערן, און דאָס ווײַב מוז וואשן גרעט, און די קינדער... עך, די קינדער! דרײַ זין האָט ער מיט א טאָכטער, איז איינער, דער עלטע־רער, א זאפּאסנאָי, געהארגעט געוואָרן אין מאנדזשוריע, דער אנדערער איז אוועק ערשט הײַנטיקס יאָר פאר א סאָלדאט...

— צו וואָס טויג דיר אזויפיל סאָלדאטן? — פרעגט אים מאשע. — שטעלסט צו סאָל־דאטן צו דער רוסישער ארמיי?

— וואָס זשע זאָל מען טאָן? — ענטפערט איר דער איזוואָזטשיק. — מע הייסט, דארף מען געבן.

דער איזוואָזטשיק דרייט אויס צו איר זײַן פּאָנעם, קוקט זיך אײַן, ווער דאָס רעדט מיט אים, טאָמער איז דאָס אן אונטערגעשיקטע. מאשעס פּאָנעם אָבער זאָגט, אז זי איז ניט פון די אונטערגעשיקטע, און אַף דעם איזוואָזטשיקס פּאָנעם באווײַזט זיך א מין גרימאסע, וואָס מע מוז דאָס אָנעמען פאר א שמייכל, און ער צערעדט זיך מיט איר. גיט איר אָנצו־הערעניש, אז ער איז ניט אזא פינצטערער פארשוין, ווי זי מיינט, אז ער ווייסט אויך, וואָס עס טוט זיך איצט אַף דער וועלט; ער אליין טאקע לייענט ניט קיין ביכלעך, מאכמעס ער קען ניט, נאָר אנדערע לייענען אים, סילוועסטער לייענט אים און פארטײַטשט אים איטלעכס

וואָרט. ווער איז דער סילוועסטער? סילוועסטער איז אַן אַרבעטער פון אַן אײַזן־פאַבריק, ווױנט מיט אים אױף אײן פּלאַץ, שלאָפן בײדע אױף אײן ערד. דערצײלט אים סילוועסטער, וואָס אױף די פאַבריקן טוט זיך: מע גרײט זיך צו אַ שטרײַק. אַפילו ער מיט זײַן פערדל וועט מוזן שטרײַקן אַזױ לאַנג, ביז דער פאָטער גאַפּאָן וועט הײסן.

— ווער איז דער גאַפּאָן? — פרעגט אים מאַשע, אום צו איבערצײַגן זיך, אױף וויפל איז דער איזוואָזטשיק אינפאָרמירט פון דעם, וואָס טוט זיך אױף די פאַבריקן.

— דער פאָטער גאַפּאָן, — גיט איר דער איזוואָזטשיק צו פאַרשטײן אױף זײַן שפּראַך, — דאָס איז דער גאַלעך, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו מילכאָמע האַלטן מיט דער שוואַרצער קליפּע, מיטן אַנטיכריסט, וואָס האָט זיך בײַ אונדז אין לאַנד אַרײַנגעכאַפּט און וויל פון דאָרט נישט אַרױס. וויפל מע האָט אים נישט אונטערגערויכערט מיט ווײַרעך, וויפל טפילעס מע האָט ניט אָוועקגעלײגט אױף אים, מיט קלאָלעס, מיט טױכעכעס, מיט באַשווערונגען — ער רירט זיך ניט פון אָרט, אָט דער שוואַרצער קױעך, דער אַנטיכריסט, ס׳זאָל אױף אים קומען אַ כאָליערע!..

בײַ די ווערטער דערלאַנגט ער דעם פערדל דאָס, וואָס ער וואָלט וועלן דערלאַנגען אַנטיכריסטן, און מאַשע וויל אַרױסבאַקומען פון דעם נעפּעש, ער זאָל איר געבן צו פאַרשטײן, ווער איז, נאָך זײַן מײנונג, דער אַנטיכריסט?

— ווײסט אים דער רוּעך! — ענטפערט ער איר. — איך מײן, אַז ער דאַרף שטאַמען פון ייִדן.

— וואָס עפּעס פון ייִדן? — פרעגט אים מאַשע דערשטױנט.

— פונוואַנען דען, אַז ניט פון ייִדן? — ענטפערט איר דער פּױער, ווי אַ באַר־סימכע. — אַלצדינג וואַקסט פון ייִדן. און די מילכאָמע איז דען ניט פון ייִדן?

— פונוואַנען ווײסטו ז׳אָס?

— איך ווײס ניט, איך מײן אַזױ...

דאָ שטײט פאַר מאַשען אַ שווערע אױפגאַבע: אױפקלערן דעם דאָזיקן נעפּעש, ווער איז גאַפּאָן, און ווער איז אַנטיכריסט, און וואָס זײַנען די ייִדן, און ווער האָט אַרױסגערופן די מילכאָמע? אַ שווער שטיקל אַרבעט איז דאָס געווען! האַקן האָלץ איז אַ סך גרינגער דערפון! און דאָך איז זי צופרידן מיט איר אַרבעט, וואָרעם אַז זײ זײַנען צוגעפאָרן אַהין, וווּ זי האָט באַדאַרפט, און האָט זיך צעזעגנט מיטן איזוואָזטשיק פאַר די אַנדערהאַלבן שאָ, וואָס זײ זײַנען געפאָרן, האָט אױף זײַן בעריש פּאָנעם געשפּילט אַ ברײטער לױטערער שמײכל, וואָס האָט געקאָנט זאָגן:

— אַצינד איז פאַר מיר אַלץ ווי אױף אַ טעלער!..

* * *

צוגעפאָרן צו אַ הױכן גרױ־געפאַרבטן מױער, האָט מאַשע באַשעוויטש אָנגעקלונגען אין טױער, און עס האָט זיך באַוויזן אַ דוואָרניק מיט אַ ווײַסן פאַרטעך און מיט אַ ווײַס בלעכל אױפן היטל, און מאַשע איז געוויר געוואָרן פון אים אַ טרױעריקע בסורע, אַז דער פאַרשױן, אױף וועלכן זי פרעגט זיך נאָך, איז אַרעסטירט, און זי קאָן דאָ ניט בלײַבן, מאַכמעס דער באַלעבאָס פונעם הױף האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל קײן סטודענטן מיט יונגע „באַרישניעס" קײן צימער נישט פאַרדינגען. „זאָלן זײ בעסער, זאָגט ער, שטײן לײדיק, אָדער זאָלן זײ, זאָגט ער, דרײַ מאָל ברענען אױפן פײַער, אײדער די פּאָליציע זאָל מיר זאָגן, אַז מײַן הױף איז אַ נעסט פון סטודענטן, גאַנאַווים, זשוליקעס און סאָציאַליסטן!.."

מאַשע האָט נעבעך געמוזט נעמען איר „באַגאַזש", דאָס טשאַכאָטאָטשנע טשעמאָדאַנטשיקל, און גײן זוכן אַ טעריטאָריע ערגעץ אַנדערש, אױף דער דריטער גאַס פונדאַנען. אױף איר קלונג האָט זיך באַוויזן אַ פרױ מיט אַ רױטער פאַטשײלע מיט גרינע קווײטן, דעם דוואָרניקס ווײַב, און האָט איר געזאָגט מיט אַ ניגן, זי זאָל גײן פונדאַנען וואָס גיכער, וואָרעם ס׳איז אַ פולער הױף מיט פּאָליציע. זײ זוכן עמעצן...

אוואדע האָט אונדזער העלדן געמוזט פאַרקערעווען דעם דישעל און „נעמען לינקס".
און טאַקע שטעלן פּיס, וואָרעם באַקענען זיך מיט דער פּאָליציע וועט זי ניט פאַרשפּעטיקן,
זי האָט נאָך זייער־זייער א סאַך צו טאָן!.. פּלוצעם (אַלע גוטע מאַכשאַוועס קומען אָן פּלו־
צעם) טוט איר א שײַן א מאַכשאַווע אין קאָפּ: „טאַמאַרע!.. טאַמאַרע שאַסטעפּאַל!.."

מאַשע באַשעוויטש און טאַמאַרע שאַסטעפּאַל, כאָטש זיי זײַנען געווען כאַווערטעס פון
איין שטאָט, מיט אַטעסטאַטן פון איין גימנאַזיע, דאָך האָבן זיי זיך זעלטן באַגעגנט, נישט
ווײַל מע האָט עפּעס געהאַט איינע צו דער אַנדערער, נאָר זיי קאָנען אַליין ניט זאָגן פאַר־
וואָס. בא זיך אין האַרצן האָט זיך מאַשע מודע געווען, אַז זי האָט ניט ליב טאַמאַרעס בור־
זשואַזנע עלטערן מיט זייער בורזשואַזנע שטוב. מאַשע געדענקט, וואָס פאַר א שווערן אײַנ־
דרוק זי פּלעגט אַרויסטראָגן פון טאַמאַרעס שטוב אַלעמאָל, ווען זי איז אַהין געקומען.
טאַמאַרעס מוטער פּלעגט איר הייסן דערלאַנגען א גלאָז טיי מיט אַזאַ נוסעך, גלײַך ווי
איינער איז זיך מאַפקיר פון עמעצנס וועגן, ברענגט א קאָרבן אַלפּי נו־יט. וואָס זאָל מען
טאָן? מע מוז אַמאָל געבן יענעם א גלאָז טיי!.. און אַלעמאָל האָט דאָס דינסטמיידל פאַרגעסן
אַרײַנוואַרפן צוקער, און אַלעמאָל האָט זי געשאָלטן דאָס מיידל, לעמײַ זי פאַרגעסט אַרײַנ־
צווואַרפן צוקער.

און איר פאָטער, איציקל שאַסטעפּאַל? — אים האָט זי גאָר פײַנט געהאַט. זי גע־
דענקט א סצענע, וויאַזוי זי איז אַמאָל געקומען צו טאַמאַרען, נישט געטראָפן זי אינדער־
היים און באַגעגנט זיך מיטן פאָטער אויף דער שוועל.

— ווער איז דאָס מיידל? — האָט איציקל א פרעג געטאָן באָם ווײַב און האָט זיך א
קראַץ געטאָן אונטערן קאָלנער.

— טעמעס א כאַווערטע, — האָט דאָס ווײַב געענטפערט, נישט געוואָלט אָנרופן זי
באָם נאָמען, ווער זי איז. מאַשע איז שוין געווען דעמלט אין זעקסטן קלאַס גימנאַזיע און
האָט זיך שוין געקאָנט אויסטײַנען מיט א גרעסערן פון איציקל שאַסטעפּאַל. האָט זי מיט
שטאָלץ געזאָגט צו אים:

— איך בין ליפּעס טאָכטער.

— וואָסער ליפּע? — פרעגט איציקל.

— ליפּע באַשעוויטש, — ענטפערט אים מאַשע.

— וואָסער באַשעוויטש? — פרעגט ווײַטער איציקל, נעמט נישט צו די האַנט פונעם
קאָלנער.

— דער ייִד פונעם האָלץ, — מישט זיך אַרײַן טאַמאַרעס מוטער, און איציקל דרייט
זיך אויס צו מאַשען מיטן הינטן, און מאַשע גייט אוועק פון דאָרט א צעקאָכטע און גיט דאָס
וואָרט, מער צו טאַמאַרען אַהיים נישט גיין. באַגעגנט זי אָבער טאַמאַרע און שטייט צו צו
איר און רעדט אַזוי לאַנג, ביז זי רעדט זי איבער.

איינמאָל האָבן זיי זיך באַגעגנט אין פּעטערבורג אויף א פאַרזאַמלונג, און טאַמאַרע האָט
גענומען שטראָפן מאַשען פאַרוואָס זי קומט ניט צו איר. האָט איר דערויף מאַשע געענט־
פערט:

— פאַרוואָס קומסטו ניט צו מיר? — און האָט זיך באַלד פאַרכאַפּט. — איבעריקנס,
קאָנסטו צו מיר ניט קומען...

— פאַרוואָס?

— ווײַל מאַלקינס רעזידענץ, דאָרט, וווּ איך וווין, אונטערן הימל, איז צו קליין פאַר
דיר!..

דאָס האָט שוין טאַמאַרען פאַרדראָסן, און זי איז דאַפקע געקומען צו איר, זיך בא־
קאַנט מיט מאַלקינען און מיט דעם גאַנצן פּראָלעטאַרישן געזינדל, געפּירט אַפילע א דיס־
קוסיע מיט דער קאָמונע און פאַרליבט אין זיך די גאַנצע קאָלאָניע, פונעם ייִנגסטן אוורו־
טיס ביזן אַלטן סיבירניק בערעזניאַק, — אַלעמען איז טאַמאַרע געפעלן, אַפילע די צוויי
מיידלעך פון דער קאָמונע, עטקע און כאַווע.

— אַצינד האָף איך, אַז דו וועסט זײַן בא מיר אויך? — זאָגט טאַמאַרע צו מאַשען.

— בא דער ערשטער געלעגנהײַט, — זאָגט מאַשע, און אַזויווי טאַמאַרע איז אוועק־

געגאנגען, אזוי האָט זי שוין אַן איר פֿארגעסן. דערמאָנט האָט זי זיך אַן טאמארעס אײַנלאַדונג אין דער מינוט, ווען זי איז געגאנגען מיט איר באגאזש אין די הענט איבער דער גרויסער שטאָט פּעטערבורג זוכן א טעריטאָריע.

אָפּגעגאנגען נאָך עטלעכע מײַל, האָט אונדזער העלדין אָפּגעשטעלט זיך בא א געלן מויער און האָט אָנגעקלונגען בא דער פּאראדנער טיר. אף איר קלונג האָט זיך באוויזן א קליין באָרוועס שיקסל מיט גרויסע קארעלן אפן האלדז און מיט א פּארטיק געלעכטערל אפן פּאָנעם. מאשע האָט איר איבערגעגעבן דעם באגאזש און האָט זי א פֿרעג געטאָן, וויאזוי מע רופט זי.

— מיך רופט מען מאשע, — זאָגט דאָס קליינע שיקסל מיט די גרויסע קארעלן און לאכט.

— אויב אזוי, האָבן מיר שוין צוויי מאשעס, — האָט מאשע באשעוויטש זיך אָנגערופן צו דער קליינער מאשע און האָט זיך געהייסן ארײַנפֿירן צו דער „בארישניע" (טאמארע שאָסטעפּאל) אין צימער ארײַן.

— ווער איז דאָרט? — האָט זיך געלאָזט הערן פֿון צווייטן צימער א קאָל פֿון א מאנצבל.

— ס'איז איד! — האָט אים געענטפֿערט מאשע באשעוויטש. אויסגעפּאקט דאָס טשעמאָדאנדל און צעלייגט זיך בא טאמארען אין צימער, אזויווי בא זיך אינדערהיים.

— ווער איז געווען דער איד? — האָט זיך געלאָזט הערן נאָכאמאָל די זעלבע מאנצבלשע שטים, און נישט באקומען מער קיין ענטפֿער, האָט זיך באוויזן דער מאנצבל אליין, א פֿארשוין פֿון א יאָר פֿערציק, א צעקאָשמעטער, א צעבורשעטער, אָן א העמד, מיט א פּידזשאקל פֿארשפּיליעט ביז ארויף, אָן הויזנטרעגער, און דערפֿאר, אפּאָנעם, האָבן זיך די הויזן שטארק געשלעפּט אף דער ערד, און דערפֿאר, אפּאָנעם, האָט ער זיי אונטערגעהאלטן באם בויך מיט בײדע הענט, געגעבן אלעמאָל א שלעפּ ארויף און צו גלײַכער צײַט געהאט צו טאָן מיט די פּענסנע, וואָס האָבן בעשום־אופן נישט געוואָלט האלטן זיך אף דער נאָז, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די נאָז איז בא אים אן אויסגעבויגענע ייִדישע נאָז. שולדיק זײַנען דאָ, אפּאָנעם, די ברילן, ניט די נאָז, און עפּשער דער באלעבאָס פֿון דער נאָז, וואָס שײַנט א צעטראָגענע בריִע צו זײַן, איינער פֿון די נעפּאשעס, וואָס זײַנען שטענדיק פֿארהאָרעוועט, פֿארטאראראמט, הייבן אָן צוואנציק טויזנט ארבעטן און לאָזן קיינמאָל נישט אויס, גאָט ווייסט, ווען זיי ווערן פֿארטיק!..

דערזען בא טאמארען אין צימער אן אומבאקאנטן מענטשן, האָט זיך דער צעקאָשמעטער פֿארשוין מיט די לאנגע פֿאלנדיקע הויזן געגעבן א כאפּ צוריק און א בייג אײַן אף ווינקל עס האָבן אים דערלויבט די ברילן, און א זאָג געטאָן די געוויסע באנאלע פֿראזע:

— מיט וועמען האָב איך די עכע? (אָנשטאָט א רייש קומט אויס בא אים א כעס).

— די ערע איז ניט אזא גרויסע. — האָט אים מאשע אָפּגעענטפֿערט פֿראָסט, ווי איר שטייגער איז, און האָט זיך געטאָן דערווײַל איר ארבעט: צונויפֿגעלייגט די האנט־טיכלעך, די קעמלען, די בערשטלעך מיט די טיכעלעך מיט די קעלנערלעך, ווי בא זיך אינדערהיים. — איך בין טאמארעס א כאווערטע פֿון דער היים; מײַן נאָמען איז מאשע באשעוויטש.

ווי אן עלעקטרישער שטראָם איז דער נאָמען „מאשע באשעוויטש" דורכגעלאָפֿן דורכן גאנצן גוף פֿון דעם צעקאָשמעטן פֿארשוין. א פֿריינטלעך שמייכעלע האָט זיך צעגאָסן איבער זײַן גאנצן פּאָנעם. אן אנדער מענטש איז ער געוואָרן! ער האָט זי אָנגענומען בא דער האנט און נישט ארויסגעלאָזט זי די גאנצע צײַט, וואָס ער האָט גערעדט. און גערעדט האָט ער לאנג און א סאך און אָן אָפּשטעל, געקייטלט איינס אינעם אנדערן אזוי קונציק, אז איבערצוהאקן אים איז אומעגלעך, סײַדן אוועקגיין אינמיטן אָדער איבערשרײַען אים מיט א טאָן העכער. די, וואָס קענען אים, טוען דאָס טאקע, — מע האָט קיין אנדער ברייַרע ניט...

— זײַט איך דאָס די מאשע באשעוויטש? אײַ־אײַ־אײַ! טאמאכא וועט קומען, וועט זי זיך אופהענגען פֿאך פּכיִד! מיך כעדן פֿון אײַך אלע טאָג, דכײַ מאָל א טאָג, צען מאָל א טאָג! איך זײַט א העלדין! א גכויסע העלדין! ניט אלע קאָנען דאָס, וואָס איך קאָנט! מיך

דאכפּן אַלע באַ אײַך זיך לערנען! מיך זײַנען קינדער, כיידער־יינגלער קענען אײַך! מײַן נאָמען איז אבכאם מאכקאָוויטש! אבכאם מאכקאָוויטשן קענען אַלע! מײַן פּכאָפעסיע איז דכוקעכײַ, נאָך אַליין בין איך א שטיקל מאַלער, א שטיקל קינסטלער, א שטיקל שכייבער, א שטיקל דיכטער, א װעגעטאכיאַנעץ און א טאָלסטאָוועץ. וויאַזוי האַלט איך פון טאָלסטאָין? איך האַלט פון אים זייער שטאַכק! איך זאָגט מיסטאמע, אז ער איז מער דיכטער אַלס פי־לאָסאָף? איך בין מיט אײַך ניט אײַנפאַרשטאַנדן!..

אויב מאשע באשעוויטש איז געווען אײַנפאַרשטאַנדן מיט אבראַם מארקאָוויטשעס מיי־נונג איבער טאָלסטאָיס פילאָסאָפיע אָדער ניט — דאָס איז א באַזונדערע פראַגע, נאָר אַז מע דאַרף אַרויסנעמען די האַנט פון זײַן האַנט — דאָס האָט זי געזען און האָט דאָס באַ־צײַטנס געטאָן, און האָט אים געוואָלט איבערײַסן אינמיטן, איז אָבער געווען אומעגלעך, מאַכמעס אבראַם מארקאָוויטש האָט געהאַלטן סאַמע אין רעכטן שמועס. און ס'איז געווען פּאַשעט א ראַכמאָנעס אים איבערצורײַסן, ווי ס'איז א ראַכמאָנעס אופוועקן א מענטשן, לעמאַשל, ווען ער האַלט אין רעכטן געשמאַקן שלאָף. א גליק, וואָס ס'איז אָנגעקומען טאַ־מאַרע שאָסטעפּאַל.

און אַז טאַמאַרע איז אָנגעקומען, האָט זי אבראַם מארקאָוויטשן גאַנץ פײַן מעשאַלייעך געווען פון איר צימער, געהייסן זאָגן ראָזען, אַז זי האָט א גאַסט צו דער טיי...

— נישט צו דער טיי, — פאַריכט זי מאַשע, — נאָר אױף א גאַנצער וואָך, אָדער אױף צוויי וואָכן, ביז איך וועל מיר קריגן א מאָקעם־מענוכע. איך האָף, אַז דו האָסט גאָרנישט קעגן דעם, מע זאָל אַרײַנטראָגן אהער נאָך א בעטל?

טאַמאַרע איז געוואָרן א ביסל רויטלער: איציקל שאָסטעפּאַלס טאָכטער איז ניט גע־ווען געוווּג דעמאָקראַטיש, זי זאָל קאָנען איבערטראָגן אַזוי לײַכט אַזאַ מין באַנעמונג, ווי עס האָט זיך דערלויבט די עכטע דעמאָקראַטקע מאַשע באשעוויטש. טאַמאַרע האָט איר געזאָגט, אַז מיט פאַרגעניגן וועט זי זי האַלטן נישט נאָר צוויי־דרײַ וואָכן, אפילע צוויי־דרײַ כאָדאָ־שים, דעם גאַנצן ווינטער, און איז אַריבער באַלד אױף אַן אַנדער שמועס, וועגן דער קאָמונע: וואָס מאַכט די קאָמונע? וואָס מאַכט מאַלקין? און וועגן אבראַם מארקאָוויטשן, וואָס פאַר א פּלאַפּלער ער איז, א גוטער מענטש, א דימענט, נאָר א פּלאַפּלער, און וועגן זײַן פרוי ראָזע, וואָס איז אירע, טאַמאַרעס, א קרויווע.

— נישט דערפאַר, ווײַל זי איז מיר א קרויווע, — זאָגט טאַמאַרע, — נאָר אַז דו וועסט זיך מיט איר נעענטער באַקאַנען, וועסטו אַליין זאָגן, אַז דאָס איז ניט קיין פרויענצימער, נאָר א מאַלעך פון גאָט! און א קינד האָבן זיי, דאָס הייסט, זיי האָבן א סאַך קינדער, נאָר איין קינד האָבן זיי, זיוזיע הייסט ער, א יינגל פון פיר יאָר, ווייס איך ניט, וואָס פון אים וועט אויסוואַקסן! קלוג ווי א שעד, גוט ווי א מאַלעך, און שיין איז ער! האָסט געזען אַמאָל ראַ־פאַעלס בילד, אַראָפּגענומען פון אים זעלבסט? אױ! איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז דו ביסט א... א... אַז דו האַלטסט נישט פון קונסט!..

— האָסט א גרויסן טאָעס, טאַמאַרע! עמעסע קונסט האָב איך ליב, און קליינע קינ־דער אויך... — אַזוי זאָגט מאַשע, און טאַמאַרע ענטפערט איר דערויף מיט א זיפץ; זי דער־מאָנט זיך, אַז אָט איז זי, טאַמאַרע שאָסטעפּאַל, אין פּעטערבורג שוין א היפּש שטיקל צײַט — און האָט נאָך דערווײַל נישט געטאָן גאָרניט... און זי איז מעקאַנע איר כאַווערטע מאַשע, שטאַרק מעקאַנע, נאָר אַרויסזאָגן דאָס האָט זי ניט קיין מוט... עפּנט זי אױף די טיר, שטעקט אַרײַן דעם קאָפּ און רופט אויס אױף א קאָל:

— זיוזיע! ניאַניע! נישטאָ קײנער! — און באַלד נאָך דעם זאָגט זי ווידער צו מאַ־שען: — האָסטו עפּעס בריוו פון דער היים? וואָס שרײַבט מען דיר?

— זייער אָפט! — ענטפערט איר מאַשע און צעלאַכט זיך. — שוין צו אָפט! קימאַט א טאָג איבער א טאָג האָב איך פון מײַן קאָפּעלע בריוולעך, פון די שוועסטערלעך, פון די ברידערלעך, פון דער מאַמען און פונעם טאַטן, און איבערהויפּט — פונעם טאַטן! ער שרײַבט צו מיר אַלע צוויי טעג, און איך אים מוז שרײַבן אַלע צוויי טעג. און נישט גלאַט אַזוי בריוולעך, נאָר בריוו, גאַנצע מעגילעס, באַשרײַבונגען פון אַלצדינג, וואָס סע קומט

פּאַר, און מער, געוויינלעך, פון דער „רעוואָלוציע". ער איז בא מיר א רעוואָליוציאָנער, א געפערלעכער רעוואָליוציאָנער!..

אזוי לאָזט אויס מאשע און צעלאַכט זיך מיט איר גוטן אופריכטיקן געלעכטער און באווײַזט אירע געזונטע ווײַסע שיינע ציין, וואָס קיין דאנטיסט אין דער וועלט האָט נאָך נישט געהאט די זכיה זיך צורירן צו זיי מיט זײַנע גלאַנצנדיקע שטאָלענע אינסטרומענטן. און ווידעראמאָל איז איר טאמארע מאקאנע, סײַ אף דעם, וואָס זי שרײַבט זיך איבער אזוי אָפט מיט איר „קאפעלע", סײַ אף אירע ווײַסע ציין...

— שוין דערלאנגט דעם סאמאָוואר! — זאָגט דאָס קליינע באָרוועסע שיקסל מיט די גרויסע קארעלן, וואָס מע רופט זי אויך מאשע.

קאפיטל ח

## מאשע באשעוויטש בא טאמארע שאָסטעפּאל

שוין לאנג האָט זיך מאשע ניט געפילט אזוי גוט, ווי באם טיש פון טאמארע שאָסטעפּאלס באלעבאטים. א גאנץ געזינדל האָט זי דאָרטן געטראָפן, א נעסט, אָדער א קוואָקע, מיט קליינע הינדעלעך ארומגערינגלט. אפן טיש איז געשטאנען ברויט אָנגעשניטן און קעז און פוטער און אײַנגעמאכטס. נאָענט צום סאמאָוואר איז געזעסן אבראם מארקאָוויטשעס ווײַב, ראָזע, נאָך גאָר א פרישע און א שיינע פרוי, ארומגערינגלט מיט א גאנצער כאליאַסטרע קינדער, איינס קלענער פונעם אנדערן, איטלעכס קינד איז זיך א וועלטל פאר זיך. יעדער מיט זײַן קאפריז, מיט זײַן האסאָגע, מיט זײַן מאָגנדל און מיט זײַן יעיצערהאָרעלע. און די מוטער, די גליקלעכע קוואָקע, ראָזע, זיצט באם סאמאָוואר און קוקט, וואָס יעדן פעלט, און מערקט, וואָס יעדער וויל, און אלץ ווערט אין איין מינוט באשאפן. און עס נעמט זי ניט קיין קאפריז; און צעשלאָגן זיך צווישן זיך א פּאָר קינדערלעך, צענעמט זי זיי; און צעוויינט זיך ווער פון זיי ווערן אויסגעווישט די טרערן; און צעלאַכט זיך א קינד, לאַכט די מוטער מיט און קוועלט און וואקסט און לעבט מיט זיי צוזאמען.

וועמען פון די אלע האָט די מוטער מער ליב? עס וועט ניט זײַן קיין פאראדאָקס, ווען איך וועל זאָגן, אז זי האָט יעדעס קינד מער ליב פונעם אנדערן, דען יעדעס קינד האָט אין זיך עטוואָס אזעלכעס, וואָס דאָס צווייטע האָט דאָס נישט. דאָך איז אין דער שטוב פאראן א צענטרום, א מיטלפונקט, ארום וועלכן אלץ דרייט זיך, ווי ארום א זון, און וועלכעס אלע האָבן ליב אָן א ברעג, און ארום וועלכן און צוליב וועלכן אלץ לעבט און געפינט א באזונ־דערן אינטערעס צום לעבן. דאָס איז זיוזיע!

טאמארע שאָסטעפּאל האָט בא זיך א גאנצע קאָלעקציע פון פאָטאָגראפישע בילדער פון דעם דאָזיקן קינד. אבראם מארקאָוויטש האָט אליין וויפל מאָל געוואָלט אראָפּנעמען זיוזיען אף פּאפיר (אבראם מארקאָוויטש איז א שטיקל קינסטלער), האָט זיך אָבער די גאנצע פאמיליע, אכוץ ראָזען, ארײַנגעמישט, שטארק געפּראָטעסטירט קעגן דעם, ניט דערלאָזט, אז דער פּאָטער זאָל אוועקנעמען באם קינד דאָס, וואָס די מילדע נאטור האָט דעם געשענקט. דער פּאָטער האָט דאָס געפרייט און געקרענקט: געפרייט, וואָס ער איז דער פּאָטער פונעם קינד, און געקרענקט, וואָס מע גלייבט ניט אין זײַן קינסטלערישן טאלאנט. האָט ער זיך מעיאשעוו געווען און האָט אים באשריבן אין א ליד, א גרויסער ליד. איז אָבער די ליד אויסגעקומען נאָך ערגער פון דעם געמעל. די ליד איז קיינעם ניט געפעלן, אויסער איין ראָזען. באַר פון ראָזען איז קיין רײַע ניט: איר איז אלץ געפעלן; וואָס אבראם מארקאָוויטש זאָל ניט רעדן, אָדער שרײַבן, איז דאָס גוט, איז דאָס זיס, איז דאָס פראכטפול! קיינער גלייבט ניט אזוי אין אבראם מארקאָוויטשעס טאלאנטן, ווי זײַן ווײַב ראָזע. ער אליין גלייבט ניט אזויפיל אין זיך, וויפל ראָזע. בא איר איז „אבראשע" א גאון, וואָס קיינער פארשטייט אים ניט און קיינער שעצט אים ניט, וואָרעם אז אלע זאָלן אים פארשטיין און שעצן אזוי ווי

זי, וואָלט ער נישט באדארפט אָפּגעבן אזויפיל גאָלדענע צײַט צו דער דרוקערײַ, וואָס גיט זיי קוים־קוים צום לעבן. די וועלט זאָל זײַן א ביסל מער מייוון, — אזוי דענקט ראָזע, — וואָלט זיך שוין לאנג געפונען א פארלעגער, וואָס וואָלט ארויסגעגעבן אלע זײַנע לידער, וואָס ער האָט ווען געשריבן פון זינט ער איז פאר איר א כאָסן געוואָרן. די וועלט זאָל זײַן א ביסעלע מער מייוון, — דענקט ווײַטער ראָזע, — וואָלט זיך שוין לאנג געפונען א באַלן, וואָס וואָלט אוועקגעקויפט אָט די אלע בילדער, וואָס ער מאָלט און מאָלט פון זינט זי קען אים.
און ראָזע כאַפּט א קוק אף די ווענט, וואָס זײַנען פארהאנגען מיט עטיודן און מיט בילדער, מערסטנטייל, נישט־געענדיקטע, און זי דערמאָנט זיך, אז אפן בוידעם ליגן בילדער נאָך דרײַ מאָל אזויפיל, אויך נישט־געענדיקטע... און זי דערמאָנט זיך, וויפל לידער, פּאָעמעס און נישט־געענדיקטע ראָמאנען עס ליגן אין אלע שאפעס און אין אלע טישקעסטלעך, און אפילע אין די „קאָרזינעס" פון דעם גרעט ליגן גאנצע פּעק מיט מאנוסקריפּטן. גאָט זאָל היטן פון אויסראמען, ארויסוואַרפן אָדער פארברענען! וואָס איז? איר האָט מוירע, אז ראָזע איז נישט באקאנט מיט די אלע אומשטערבלעכע ווערק? צי איר מיינט, אז ראָזע האָט נישט געלייענט די אלע פּאָעמעס, מיט די באלאדעס, מיט די סקיצן, מיט די דערציילונגען און ראָמאנען? דאָס הייסט, זי אליין האָט זיי ניט געלייענט: ער, דער מאן, האָט זיי איר געלייענט, און ניט איין מאָל — א סאך מאָל! ס'איז א סוואָרע, אז ראָזע איז אין איר מאנס ווערק מער קלאָר, ווי ער, דער פארפאסער אליין. וויפל מאָל מאכט זיך, אז אבראם מארקאָוויטש פרעגט בא ראָזען, וויאזוי הייסט בא אים דער און דער העלד פון דעם און דעם ראָמאן? איאָ, זיל־בערשטיין? — „ניין, נעשאָמע מײַנע! — ענטפערט אים ראָזע. — דו האָסט א טאָעס!.."
בא אבראם מארקאָוויטשן איז ראָזעס אווטאָריטעט און ראָזעס קריטיק די בעסטע, די קליגסטע און די אופריכטיקסטע. פאר די אלע אנדערע קריטיקער טאָר מען קיין ווערק ניט ווײַזן; די בעסטע זאך מאכן זיי אײַך צו נישט, געוויינלעך מאכמעס קינע; זיי פארגינען נישט!.. ווי קאָן מען פארגלײַכן א פרעמדן צו אן אייגן ווײַב? לעמאָשל, ווער זיך א פרעמדער אוועקזעצן טרייסטן א מענטשן, אים אויסרעדן דאָס הארץ, ער זאָל זיך ניט זאָרגן, וואָס די וועלט אנערקענט אים ניט?
— ווארט צו, מײַן לעבן, עס וועט נאָך קומען א צײַט, וואָס די וועלט וועט זיך ארומקוקן אף דיר אויך! — אזוי האָט אים ראָזע אויסגערעדט דאָס הארץ. — אָט האָבן זיי איצטער צו טאָן מיט טאָלסטאָיען, מיט גאָרקין, עס קערט די וועלט! זאָלן נאָר ארויס די ערשטע לידער דײַנע אף דער וועלט — ווו האלטסטו מיט זיי? ביסט נאָך ניט פארטיק? וויפל ביכלעך דרוקסטו? אינגאנצן צוויי טויזנט? לעכערלעך! צוויי הונדערט טויזנט, צום ווינציקסטן!
און ביידע זעצן זיך אוועק, מאכן א כעזשבן, וויפל קאָנען זיי פארדינען, ווען זיי זאָלן, צום בײַשפּיל, ארויסלאָזן אף דער וועלט די „זעמטלעכע לידער" פון אבראם מארקאָוויטש? דער כעזשבן איז אויבנוף, ווי אף א טעלער: די באפעלקערונג פונעם לאנד איז הונדערט פערציק מיליאָן. ווערן מיר זאָגן, אז נאָר א צענטכיילעק קאָן לעזן — אלזאָ, האָבן מיר פערצן מיליאָן לעזער. וועלן מיר זאָגן, אז ניט אלע קאָנען קויפן ביכער, דאָס הייסט, איינער וועט קויפן און צען וועלן לייענען, — האָבן מיר, אלזאָ, אריבער א מיליאָן קויפערס? וויפל עס דארף קאָסטן אָפּדרוקן א ביכל — דאָס ווייסט שוין אבראם מארקאָוויטש: ער האָט דאָך א דרוקערײַ... נאָר דאָס אליין איז בלאָטע. דער איקער איז דאָך דער קאָוועד, דער נאָמען!..
און דאָס גליקלעכע פּאָר טראָגט זיך אוועק אף די גרינגע פליגלען פון דער רײַכער פאנטאזיע אין אוילעם האדימיען, אין גאניידן, וואָס זיי אליין האָבן אים אויסגעבויט... און דערווײַל האָט אבראם מארקאָוויטש גענומען דרוקן בא זיך אין דער אייגענער טיפּאָגראפיע די „ערשטע לידער" זײַנע אין א ביכל מיטן נאָמען „די יונגע הארפע", געהאט צו טאָן קודעם מיטן צענזאָר, וואָס האָט אים געגעבן מאטעריאל צו רעדן און שרײַען אף אנדערהאלבן יאָר נאָכאנאנד, ביז גאָט האָט ראכמאָנעס געהאט, דער צענזאָר האָט דאָס דורכגעלאָזט בעשאָלעם, און די „יונגע הארפע" איז ארויס פון דרוק, גאנץ שיין אילוסטרירט מיט א הארפע און מיט א האנט, וואָס שפּילט אף דער הארפע, — נאָר אז ס'איז ניטאָ קיין מאזל, העלפט נישט קיין כאָכמע! טאָלסטאָי און גאָרקי און טשעכאָוו און די איבעריקע אלע

גייען אין די צענער הונדערטער טויזנטער, און די „יונגע הארפע״ פון אבראם מארקאָוויטש ליגט אף א בוידעם (פון 2.000 ליגן נישט געריירט 1.941!). נו, קאָן ניט צעזעצט ווערן די גאל? זאָל אבראם מארקאָוויטש ניט ברענען, ניט פייַערן? א גליק, וואָס ער האָט אזא ווייַב, ווי ראָזע, און וואָס זיי האָבן אזא קינד א צאצקע, ווי זיוזיע.

— וואָס זאָגט איר אף אונדזער זיוזיען? — רופט זיך אָן אבראם מארקאָוויטש צו זייער גאסט, צו מאשען.

דערזעען דאָס ערשטע מאָל זיוזיען, האָט זי אים שיר ניט אופגעגעסן. נישט נאָר ער האָט זי געגומען מיט זייַן ווייַס מארמאָר מאלאָכיש פּנעמל, לאנגע זייַדן־קאָלירענע לאָקן, טיפע הימל־בלויע אויגן, אויסגעטעאָקט נעזל, קליין מייַלכל, אנטיש מאָרדעלע, קלאסיש געשטאלט און אויסערגעוויינלעכע גראציע; ער האָט זי באצויבערט מיט זייַן באנעמען זיך, מיט זייַן האלטן זיך, מיט זייַן רעדן און מיט זייַן שפּראך. ער האָט איר פארגעבן אזעלכע פראגן און האָט איר געענטפערט אזוי קלוג און שארף, אז מאשע איז ארויס פון די קיילים. זי איז צום קינד צוגעזאָטן געוואָרן, און איר ליבשאפט צום קינד איז נאָכדעם געוואקסן פון שאָ צו שאָ, פון טאָג צו טאָג, ביז זי האָט זיך איינמאָל מודע געווען פאר טאמארען, אז זי פילט זיך צום קינד צוגעבונדן מער, ווי צו אירע אייגענע שוועסטערלעך און ברידערלעך, און אז זי קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אז זי זאָל זיך ווען קאָנען שיידן מיט דעם זיוזיען, וואָס האָט פארנומען בא איר אין הארצן גאָר אומגעריכט אזא גרויסן פלאץ! ווו זי האָט געהאט ערגעץ א פרייַע מינוט, האָט זי דאָס אוועקגעגעבן זיוזיען. מיט זיוזיען לערנען, מיט זיוזיען רעדן, מיט זיוזיען פארברענגען, מיט זיוזיען שפּילן זיך — איז בא איר געווען איינער פון די גרעסטע פארגעניגנס. איז מאשע געקומען אהיים, איז דאָס ערשטע געווען זיוזיע! איז מאשע אופגעשטאנען פון שלאָף — איז זיוזיע! אינעם גרעסטן פאָליטישן שמועס איז געווען זיוזיע! א טייַנעג איז געווען בא מאשען אוועקזעצן זיך דערציילן זיוזיען מייַסעס. אף מייַסעס דערציילן איז מאשע געווען א בעריע, און מייַסעס איז געווען בא זיוזיען דאָס כּיעס, דאָס לעבן! און מאשע האָט זיך אוועקגעזעצט דערציילן אים איין מייַסע נאָך דער אנדערער, און זיוזיע האָט אופגעעפנט זייַנע אויסגעטעאָקטע ליפּעלעך, זייַנע הימל־בלויע אייגעלעך, און האָט געקוקט אף מאשען מיט גרויס פארשטאנד, ווי אן עמעסער בארדאס, און ווי אן עמעסער בארדאס געשטעלט אָפּטמאָל א פראגע, און ווי אן עמעסער בארדאס געלאכט דאָרט, ווו מע דארף לאכן, און געוויינט דאָרט, ווו מע דארף וויינען.

קוקנדיק אף דעם יונגן באשעפעניש, אף דעם געראָטן נעפעשל, וואָס איז פול מיט לעבן, האָט קיינער ניט געקאָנט זיך ריכטן, אז דאָס וועט זייַן דער ערשטער קאָרבן אינעם אויסגוס פונעם גרויסן שטורעם...

* * *

אין דער קורצער צייַט, וואָס מאשע האָט פארבראכט מיט טאמארע שאָסטעפּאל אלס גאסט, האָט זי טאמארע ליב געקריגן, ווי אן אייגענע שוועסטער, און איז צוגעבונדן געוואָרן צו איר מיט לייַב און לעבן. מאשע האָט נישט געדארפט ווארטן ביז איר כאווערטע וועט „אנטפּלעקן״ פאר איר איר געשאָמע, אויסגיסן איר הארץ; זי איז געווען קלאָר אין טאמארעס לעבן, מע קאָן זאָגן, אף אויסווייניק. טאמארע איז געווען איבעראשט, ווען זי האָט דערפארן, אז מאשע ווייסט פון איר ראָמאן מיטן יונגן ראָמאנענקאָ... דאָס איז געווען אפן אנדערן טאָג נאָך מאשעס באזעצן זיך בא טאמארען. זי האָט דערזען בא טאמארען אפן טיש א פאָרטרעטל אין א קליין זילבערן רעמל.

— אָ! — האָט א זאָג געגעבן מאשע, נאָר א קוק געטאָן אפן פאָרטרעט. — דאָס איז ער, ראָמאנענקאָ. ער וועט הייַנט רעדן אין גרויסן מאניעזש... א שאָד, וואָס איך קאָן דאָרט הייַנט ניט זייַן, איך בין פארנומען אין אן אנדער אָרט... ער ווייסט, אז איך וועל ניט זייַן...

— דו האָסט זיך געזען מיט ראָמאנענקאָן? — האָט טאמארע א זאָג געטאָן, און סע האָט זיך ניט־ווילנדיק ארויסגעריסן פון אירע ווערטער א געפיל פון... אייפערזוכט? ניין! צו היי־

ליק איז בײַ איר ראָמאַנענקאָ, צו גרויס איז בײַ איר מאַשע!.. וואָס דען איז דאָס געווען?.. מאַשע האָט זי אָבער גיך ארויסגעפירט פון פאַרלעגנהײַט. זי האָט צו איר אַזוי געזאָגט:

— דאַרפסט זיך ניט וווּנדערן. איך קען ראָמאַנענקאָן פריִער פון דיר און בעסער פון דיר... אַז ער האָט דיך ליב — איז אַ פאַקט... דו פאַרגעטערסט אים, און ער פאַרדינט דאָס... אָבער איך מוז דיר זאָגן אָפּריכטיק — דו ווייסט, אַז אַנדערש קאָן איך ניט זאָגן: גליקלעך וועט איר קיינמאָל ניט זײַן, ניט דו, ניט ער... דו ווילסט וויסן, פאַרוואָס? דו פאַרגעסט, אַז ער געפינט זיך אויף אַ „ווּלקאַן״, און דו ביסט באַשאַפן געוואָרן צו אַן אַנדער לעבן...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אַזוי ערנסט און מיט אַזאַ ווייכן צערטלעכן טאָן, אַז טאַמאַרע שאָסטעפּאַל האָט זיך נישט געקאָנט געפינען באַליידיקט. זי האָט רויִק געזאָגט:

— דו ווילסט מיר זאָגן, אַז איך בין ניט קיין העלדין און בין נישט ווערט, אַז...

— האָסט אַ טאָעס! נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן! — שלאָגט איר איבער מאַשע די רייד. — איך האָב דיר נישט געוואָלט דערנידעריקן. אַדרבה, איך האָב ליב אַזעלכע, ווי דו; ביסט דאָס לעבן אַליין, און צום לעבן ביסטו באַשאַפן. איך וואָלט אויך גע־וואָלט זײַן דאָס, וואָס דו... איך וועל דאָס אָבער ניט זײַן קיינמאָל; שולדיק איז אין דעם די צײַט. אין אַ ביטערער צײַט לעבן מיר... און די אומשטאַנדן האָבן זיך פאַר מיר צונויפגע־לייגט אַזוי, אַז איך ווייס ניט הײַנט, ווו איך וועל מאָרגן זײַן... דאָס זעלבע איז אויך מיט אים, מיט ראָמאַנענקאָן. האָלעוויַ איך זאָל האָבן אַ טאָעס, נאָר איך זע אים ווײַט־ווײַט פון־דאַנען!..

— פאַר מיר איז ניטאָ קיין ווײַט! — זאָגט טאַמאַרע מיט היץ. — ווו ער, דאָרט בין איך! נישטאָ די קראַפט אין דער וועלט, וועלכע זאָל מיך אָפּהאַלטן און קאָנען צעשיידן מיט דעם מענטשן, סײַדן דער טויט...

— יעדע אַנדערע אויף דײַן אָרט וואָלט אויך אַזוי געזאָגט. עס מאַכט דיך נאָר הויך אין מײַנע אויגן, — זאָגט איר מאַשע. — איך קאָן מיך אָבער ניט אײַנהאַלטן און מוז דיר זאָגן גאַנץ אָפן דאָס, וואָס איך מיין: איך באַדויער דיך, טאַמאַרע, און נישט אַזוי דיך, ווי דײַנע עלטערן.

— מײַנע עלטערן? (טאַמאַרעס אויגן צינדן זיך אָן מיט פײַער.) לעבן מיר דען צוליב די עלטערן? פאַרוואָס באַדויערסטו ניט דײַנע עלטערן?

— פונוואַנען ווייסטו, אַז נײן?..

בײַ די ווערטער קומט אָן אַבראַם מאַרקאָוויטש, און זייער שמועס ווערט איבערגע־ריסן אינמיטן.

(פאָרזעצונג קומט)

# אין ווינטער־פאַרנאַכטן...

(פונעם בוך „דערציילונגען וועגן שרײַבער״)

איך מוז זיך פאַר אײַך מודה זײַן, אז סײַ איך, סײַ מײַן שאָכן לייזער מילשטאָק, מיט וועלכן מיר זײַנען אין שול געזעסן אף איין באַנק, האָבן אַמאָל ניט שטאַרק געהאַלטן פון פּאָעזיע, פון דיכטער.

און שולדיק זײַנען געווען ניט אַזוי מיר, ווי אונדזער לערער סימכע זילבערקראַנץ, וואָס האָט אונדז אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אונטערגערוקט לאַנגע, ווי דער ייִדישער גאָלעס, האַמעטנע לידער, ווו עס האָט זיך ניט געקלעפּט א וואָרט צו א וואָרט, און ער האָט אונדז געצוווּנגען זיי אויסלערנען אף אויסווייניק און זיי „רעציטירן״ פאַרן גאַנצן קלאַס...

דאָס זײַנען געווען ניט, כאַלילע, פון יענע לידער, וואָס מע דרוקט אין די בלעטער, זשורנאַלן, נאָר געשריבן מיט קאָטשערעס און לאַפּעטעס אף באַזונדערע זײַטלעך פּאַפּיר, און מע האָט געדאַרפט האָבן א קאָפּ פון א מיניסטער, מע זאָל קאָנען עפּעס פאַנאַנדערקלײַבן און פאַרגעדענקען.

לאָזט זיך אויס, אז דאָס אַלץ איז געווען פאַרפאַסט טאַקע פון אונדזער כאָשעוון לערער אַליין, און טאָמער האָבן מיר געקנייטשט מיט דער נאָז, האָט ער זיך אף אונדז געבייזערט, ווי א גאַזלען, און טאַקע געצוווּנגען לייענען זײַנע פּאָעטישע פּערל.

מיר האָבן זיך געסטאַרעט אף זײַנע לימודים ווערן „קראַנק״, ווי־ניט־איז געפינען טע־רוצים אף אויספילן פאַרשיידענע שליכעס פון אַנדערע לערער, נאָר ניט שטענדיק האָט דאָס געהאָלפן.

וואָלט כאָטש דער פאַרשוין געווען א פריילעכער, גוטמוטיקער, איז כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער. איז ער אָבער, ווי אַפּצולאָכעס, געווען א בייזער, טאָמיד אַן אָנגעכמורעטער, א נידעריק־וווּקסיק מענטשל מיט א שאַרף לענגלעך פּאָנעם, אף וועלכן עס האָט קיינמאָל ניט געטאָגט און געוועכטיקט א גוטע מינע, א שמייכל. זײַן געדיכטע אומגעלומפּערטע קוטשמע האָר האָט זעלטן געפילט דעם טאַם פון א קאַמל, די אויגן זײַנען געווען שטענדיק רויטלעך קאַלט, זעט אויס, פון שלאָפלאָזע נעכט, דאָס אָנטאָן איז אף זײַן דאַרלעכן גוף געהאַנגען לעפּיש, צעכראַסטעט.

אַלעמאָל, נאָכן גלעקל, ווען מיר האָבן זיך געריסן אף דער פרײַ, פלעג ער אונדז פאַר־האַלטן, פאַרשליסן די טיר אַפּן קייטל און אָנהייבן לייענען זײַנע שפּאָגל־נײַע לידער, און דערבײַ נאָך צווינגען, מיר זאָלן טרעפן, וואָס איז ער געווען אויסן מיט זײַנע ווערק...

מיר האָבן אים שטילערהייט פאַרשאָלטן די ביינער, לעמײַ ער מוטשעט אונדז און לאָזט ניט זען די לעבעדיקע שײַן.

ער האָט בא אונדז, דאַכט זיך, אף שטענדיק אָפּגעשלאָגן דעם כיישעק צו פּאָעזיע.

און אָט, אין א גאָלדענעם האַרבסטיקן פרימאָרגן, ווען עס האָט געצויגן ווי מיט א מאַגנעט אף גאַס וועלטל, אף דער פרישער לופט, אין וואַלד, אין פעלד, האָט מען אונדז אָנגעזאָגט די בסורע, אז מיר דאַרפן גיין אין גרויסן זאַל. עס איז געקומען א גרויססטאָ־



די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק דעם שרײַבער הערשל פּאָליאַנקער אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אריכות־יאָמים און נײַע שעפֿערישע דערפֿאָלגן.

---

טישער דיכטער און וועט פֿאַר אונדז לייענען זײַנע לידער, וועט אונדז דערציילן אינטערעסאַנטע זאַכן...

אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעוו! ווער זשע וועט אין אַזאַ טאָג קאָנען זיצן אין זאַל און הערן אַ פּאָעט, אַ דיכטער? ווייניק האָט מען זיך, נעבעך, אָנגעליטן פֿון אונדזער סימכע זילבערקראַנצן?..

איך האָב זיך איבערגעזעגנט מיט מײַן שאָכן, לייזער מילשטאָקן, און גלײַך געקומען צום געדאַנק, אַז מיר רוקן זיך פֿאַוואָליע אַרויס פֿונעם קלאָס און לאָזן זיך אַוועק שטילערהייט אין סאָפּיעווקע, אין אונדזער באַרימטן פּאַרק, וווּ עס בושעוועט דער וואַסערפֿאַל, דערנאָך וועלן מיר זיך אופֿהייבן מיט די אָנגעוואַלגערטע פֿעלדזן צום „אינדזל פֿון ליבע", צו דער גרויסער אָזערע, דאָרטן וועלן מיר זיך באָדן, זיך וואַרעמען אונטער דער מעכײַעדיקער זון, געניסן פֿון דער שיינער וועלט. קורץ גערעדט — לעבן זאָל די פּאָעזיע, דער דיכטער, נאָר אונדז זאָל מען לאָזן צורו! מירן זיך שוין יאַקאָס אונדזער שטעטל באַשטיין.

אונדזער דרייסטער אײַנפֿאַל איז געפֿעלן געוואָרן נאָך עטלעכע אונדזערע כעווירע, און מיר האָבן זיך פֿאַוואָליע און ניט געכאַפּט אָנגעהויבן גאַנווענען צום גרויסן טויער און פֿון דאָרטן — אין סאָפּיעווקע!

אַלץ איז געגאַן פֿײַן, מיר האָבן זיך שוין דערנעענטערט צו אונדזער ציל. פֿונדאַנען פֿירט דער באַרג־אַראָפּ צום גרויסאַרטיקן פּאַרק. קיין בילעטן דאַרפֿן מיר ניט — מיר ווייסן דעם וועג מיט דער „דווויוקע". און אַלץ וועט זײַן שיין און פֿײַן!

נאָר פּלוצעם איז אונדז געקומען אַנטקעגן אַ פֿעסטגעבויטער אימפּאָזאַנטער מיטליעריקער מענטש אין אַ לײַכטן קורצן מאַנטל מיט אַ ווייכן קאַפּעליוש, וואָס איז ווויליונגעריש געזעסן אויף זײַן קאָפּ עטוואָס אויף אַ זײַט. דאָס גוטמוטיקע פּאַרברוינטע פּנים פֿון דער זון פּאָנעם האָט כיינעוודיק געשמייכלט, די שוואַרצע אויגן האָבן אונדז מיט כשאַד אָנגעקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעשטויסן, וואָס מיר האָבן פֿאַרטראַכט, און ער האָט זיך מיט זײַן ווייכער, האַרציקער שטים אָנגערופֿן:

— קאַזאַקן, ווּהין האַלט איר וועג, אויב דאָס איז ניט קיין סאָד?..

מיר האָבן זיך פֿאַרלוירן, אָפּגעקערעוועט די קעפּ, ניט ווייסנדיק, וואָס מיר דאַרפֿן ענטפֿערן.

ער האָט אונדז אויפֿמערקזאַם באַטראַכט און פֿאַרגעזעצט:

— און איך גיי צו אײַך... פאר װעמען זשע װעל איך לייענען מײַנע לידער?..

ער האָט זיך פאנאנדערגעלאכט און דערמיט אונדז אינגאנצן פריטשמעליעט. מיר האָבן גיט געװוּסט, װוּהין זיך אהינטאָן פון בושע. נאָר לייזער מילשטאָק איז ארויס מיט לאָשן און עטװאָס שעמעװדיק געזאָגט:

— מיר זײַנען שוין זאט מיט לידער... אונדזער סימכע זילבערקראַנץ האָט אונדז שוין פארמוטשעט מיט זײַנע לידער...

דער אומבאקאנטער האָט געמאכט א פארװוּנדערט פּאָנעם, זיך צעשמייכלט, ניט פאר־שטאנען, װער האָט אונדז פארמוטשעט, װאָס זײַנען דאָס פאר א לידער, װאָס איז דאָס פאר א מײַסע? ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט און געזאָגט:

— נו, װיבאלד אזוי, איז קומט מיט מיר. איך װעל אײַך ניט לאנג מאטערן, און איר װעט נאָך הײַנט קענען שפּאצירן... קומט, כעװרע, געגאַן...

מיר האָבן זיך א פּאָר װײַלעס איבערגעװוּנקען, געװען אין פארלעגנהײַט, ניט װיסנדיק, װאָס צו טאָן. אין דעם מענטשנס ענערגישן שטעל, אין זײַנע פּאָשעטע װערטער, אין שמייכל, אין זײַנע גרױסע גוטע, אופמערקזאמע אויגן איז געװען אזא קישעף, אז מיר זײַנען, ניט װאקלענדיק, אװעקגעגאַן נאָך אים.

ער האָט אונטערגעבאָמקעט א גוט באקאנט ניגנדל, זיך ארומגעקוקט, ניט אנדערש, װי ער איז געװען צופרידן דערמיט, װאָס מיר האָבן אים געפאָלגט. נאָר אָט האָט ער דערזען, װי אפן ספּאָרטיװן פּלאץ שפּילן עטלעכע יאטלעך פוטבאָל, יאָגן זיך נאָך א גרויסער פּילקע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט א פּאָר װײַלעס געשפּירט נאָך די פארפּאליעטע, פארשװיצטע כעװרעלײַט, און װען די פּילקע איז צוגעפלויגן נאָענט צו אים, האָט ער אויך א קלאָפּ געטאָן מיטן פוס — און גראדע גאנץ געניט א קלאָפּ געטאָן — און די שפּילער האָבן זיך צופרידן פאנאנדערגעלאכט.

ער האָט אראָפּגעװאָרפן פון זיך דעם מאנטל, אװעקגעלייגט אף א זײַטיקער באנק, אויסגעטאָן דעם קאפּעליוש און אין א רעגע ארום זיך געשטעלט באנאנד מיט די שפּילער אין קרײַז און גענומען יאָגן נאָך דער פּילקע, װי אן עכטער שפּילער. אלע האָבן מיר גע־קליבן פארגעניגן, װאָס דער מענטש שפּילט און שעמט זיך גאָרניט, װאָס ער לויפט צוזאמען מיטן קליינװארג. מיר האָבן ניט באמערקט, װי מיר האָבן זיך אויך ארײַנגעצויגן אין דעם קרײַז און אין אלץ אף דער װעלט פארגעסן, זיך געיאָגט איבערן פּלאץ, באמיִענדיק זיך אונטערכאפּן די פּילקע און זי אָפּקלאפּן װאָס װײַטער פונעם „טויער".

אונדזער אומבאקאנטער האָט געװאָרפן א בליק אף זײַן האנטזייגער און זיך געכאפּט, אז ער דארף שוין אײַלן. פון דער שול הערט זיך א קינדערשער טומל, א געפּילדער. ער האָט מיט א טיכל אָפּגעװישט דאָס פארשװיצטע, פארברוינטע פּאָנעם, גענומען אף די אקסל זײַן מאנטל, אָנגעטאָן אף דער סאָלידער ליסענע דעם קאפּעליוש, און, שװער אָפּגעאָטעמט, זיך ענערגיש געלאָזט צו דער שול־געבײַדע.

און מיר אלע — נאָך אים. אפילע די פארשײַטע פוטבאָל־שפּילער מיט זייער פּילקע אונטער דער האנט.

מיר האָבן מיט אָפּשײַ געקוקט אף דעם מענטשן. זײַן פּראָסטקײַט און דאָס, װאָס ער האָט זיך ניט געשעמט לויפן מיט אונדז איבערן ספּאָרט־פּלאץ און שפּילן, האָט אונדז אינ־גאנצן צעװאָרעמט און געמאכט אונדז היימישער.

װען ער האָט אריבערגעטראָטן די שװעל פונעם גרויסן זאל, האָט זיך אופגעהויבן א שטורעם, א מוירעדיקער געפּילדער. אייניקע לערער האָבן זיך שײַנענדיקע א לאָז געטאָן צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט, געײַלט דעם מענטשן באגריסן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט א ביסל א פארלוירענער פונעם הילכיקן קאבאָלעס־פּאָנעם. ער האָט זיך געגייגט פארן אוי־לעם, געדאנקט פאר די בלומען, װאָס מע האָט אים אונטערגעטראָגן, זיך ארומגעקוקט, געזוכט, װעמען זיי איבערגעבן. ער איז געשטאנען אין דער ענגער ארומרינגלונג, זיך גע־װיצלט, געלאכט, געפרוּװט אויסדריקן זײַן דאנקבארקײַט דעם טומלענדיקן אוילעם.

מיט זײַן ענערגיש גענגל האָט ער זיך לײַכט אופגעהויבן אף די הויכע טרעפּלעך צו דער בינע, אװעקגעלייגט אף א זײַטיק בענקל זײַן מאנטל, דעם קאפּעליוש, מיט דער האנט

פארגלעט די שיטערע האָר אויפן קאָפּ און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטול לעבן טיש, איינקוקנ־דיק זיך אויפמערקזאם מיט זײַן גוטמוטיקן שמייכל אויפן פולגעפּאַקטן זאַל, אויף די טומלענ־דיקע קינדער.

דער דיכטער איז געווען אומגעדולדיק און אומרויִק, נאָר פאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די מינוט, ווען ער דאַרף אַרויסטרעטן. און בעעמעס, עס האָט זיך אויפגע־שטעלט אַ באַיאָרטע כיינעוודיקע פרוי, די דירעקטאָרן פון דער שול. אָט די פרוי, פאַר וועלכער אַלע האָבן דאָ געהאַט ניט בלויז דרעכערעץ, נאָר אפילו מוירע, איז איצט גע־שטאַנען ווי אַן איבערגעשראָקענע שילערן פאַר אַן עקזאַמען, אַ באַומרויִקטע, אַ ביסל אַ פאַרלוירענע. קוים קומענדיק צו־זיך דערפון, וואָס לעבן איר זיצט אַזאַ באַרימטער מענטש, אַ גרויסער דיכטער, האָט זי אָנגעהויבן:

— טײַערע קינדער, טײַערע כאַווײרים פּעדאַגאָגן! מיר זײַנען גליקלעך, העכסט צו־פרידן, וואָס צו אונדז איז געקומען אַזאַ טײַערער גאַסט פון קיִעוו, דער באַרימטער דיכטער דאַוויד האָפשטיין... לאָמיר אים הארציק באַגריסן!..

און דער ערשט ניט לאַנג אײַנגעשטילטער זאַל האָט זיך ווי אויפגעריסן פון אַ פּליעס־קערײַ, פרייִלעכע אויסגעשרייען, און עס איז שוין געווען דער אויפגערעגטער רעדנערן גאַנץ שווער ווידער אײַנשטילן דעם אוילעם.

כאָטש ניט אַלע, וואָס זײַנען דאָ געזעסן, דעריקער, קליינוואַרג, האָבן געקענט דעם דיכטער און זײַנע לידער, נאָר, קוקנדיק אויף אים, האָבן אַלע געשײַנט, ניט אָפּגעריסן פון אים די באַגײַסטערטע בליקן.

און ער, דער דיכטער, איז געזעסן באַשיידן, זיך געקימערט, געמאַכט צום זאַל מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: וואָס איז דער ראַש? עס איז געקומען אַ פּאַשעטער מענטש, אַ געוויינלעכער דיכטער און מע דאַרף זיך באַציִען רויִק, אָן טומל... מע וועט זיך באַלד דורכשמועסן, איבערלייענען עטלעכע לידער און מע וועט זיך פאַנאַנדערגיין... אַ געוויינ־לעכער איניען...

אַ־אַ, אַ געוויינלעכער איניען! אַ פּראָסטער מענטש, ווי אַלע, געקומען אין שול.

מיר האָבן געזען פאַר זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן אַן עכטן, אַן עמעסן, אַ לעבעדיקן שרײַבער, אַ דיכטער! דערצו נאָך, אַזאַ באַשיידענער. אין אונדזער פאַרשטעלונג האָט אַ שרײַבער געדאַרפט אויסזען ווי עפּעס אַ גאָט און ניט ווי קיין געוויינלעכער מענטש, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אויפן פּלאַץ געשפּילט מיט אונדז פוטבאָל, געלאָפן נאָך דער פּילקע און זיך געשטויסן, געטומלט...

דאַוויד האָפשטיין... אַזאַ טײַערער נאָמען. די עלטערע שילער האָבן אויף אים געקוקט מיט באַגײַסטערטע אויגן. זיי האָבן שוין געהערט אַ סאַך מאָל זײַן נאָמען, געלייענט און דערלערנט זײַנע לידער, זײַן לעבנסוועג. פאַר זיי איז ער געווען ווי אַ צעעפנטער בוך. די קלענערע כעווורע האָבן נאָך מיט פאַרלוירנקײַט און נײַגעריקײַט זיך צוגעקוקט צו אים, באַלד וועלן זיי זיך צוהערן צו זײַן וואָרט, צו זײַנע לידער. נײן, דאָס איז ניט דער נודניק און אָנגעדראָלענער, שטענדיק בייזער אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט סימכע זילבער־קראַנץ... דאָס איז אַן עמעסער, אַן עכטער דיכטער, אַ מענטש...

אָט שטייט ער שוין, דער גאַסט, באַם ראַנד פון דער קליינער בינע, זײַנע שאַרפע, קלוגע עטוואָס פאַרזשמורעטע אויגן קוקן מיט ליבשאַפט אויפן אומגעוויינלעכן אוילעם. דער הויכער סאָקראַטישער שטערן זײַנער איז איבערגעשניטן מיט אָן אַ שיר טיפע קנייטשן. ער טראַכט. ער קלײַבט צו די נייטיקע ווערטער. ניט העכערנדיק די שטים, דאָס קאָל, ניט געײַלט, אָן איבעריקן ראַש און פּאַטאָס, הייבט ער אָן זײַן געשפּרעך מיטן אײַנגעשטילטן זאַל:

— טײַערע קינדער, כעווורע, הויכגעשעצטע לערער און אַלע, וואָס זײַנען געקומען אַהער. איך שאַץ הויך דעם קאָוועד, וואָס איר האָט מיר פאַרשאַפט: אָפּגעלייגט אַלע וויַטיקע אַרבעטן, אַלע איניאָנים און געקומען אויף דער באַגעגעניש...

ער האָט זיך פּלוצעם צעשמייכלט און פאַרגעזעצט:

— כאָטש איך האָב דאָ געהערט זאָגן, אַז אייניקע קינדער האַלטן ניט שטאַרק פון פּאָעזיע און האַלטן זיך פון איר אין אַ זײַט...

איך האָב א טשיפּע געטאָן מײַן לײזערן, פֿאַרשטאַנען, אין וועמענס גאָרטן דער גאַסט האָט דעם שטיין געוואָרפן, און מיר האָבן זיך שטאַרק פֿאַרויטלט, זיך פֿאַרשעמט און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

— איך מוז אײַך זאָגן, אַז די דיכטונג האָט אין זיך אַזאַ קויער, וואָס קאָן צוציִען צו זיך, פֿאַנגען יעדן מענטשן, — האָט ער פֿאָרגעזעצט, העכערנדיק דאָס קאָל, — אַ סימען האָט איר, וואָס אין אַזאַ וווּנדערלעכן פֿרימאָרגן, ווען עס וואַרעמט אַזוי גרויסאַרטיק די זון, ווי עס רופֿט צו זיך דער גאָלדענער האַרבסט, די אַרומיקע אײַערע וועלדער און פֿעלדער, אײַער גרויסאַרטיקער פּאַרק סאָפּיִעווקע, זײַט איר געקומען זיך באַגעגענען מיט דער פּאָעזיע... און איך דאַנק אײַך דערפֿאַר פֿון טיפֿן האַרצן. ווײַל וואָס איז אָן אײַך די פּאָעזיע? גאָרניט! וואָס איז אָן אײַך, מײַנע טײַערע, דער דיכטער? איך קוק אויף אײַך, טײַערע, און זע, אַז צווישן אײַך וואַקסן כוואַרע, וועלכע וועלן מיט דער צײַט אויך ווערן דיכטער, און גוטע, עכטע דיכטער, מיט וועלכע מענטשן וועלן זיך גרויסן...

אין זאַל האָט זיך דערהערט דאָ און דאָרט אַ געלעכטער. און דער דיכטער איז אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיל.

— נישטאָ וואָס צו לאַכן, — האָט ער אויפֿגעהויבן די האַנט. — גלייבט מיר, אַז דאָס איז ריינער עמעס. געוויס זײַנען פֿאַראַן צווישן אײַך קומענדיקע דיכטער... שרײַבער. עס איז אויסגעשלאָסן, אַז אין אַזאַ וווּנדערלעכן קאַנט, ווי אײַערער, זאָלן זיי ניט געבוירן ווערן. ווי זשע דען? און אויב איר גלייבט מיר ניט, אויב איר צווייפֿלט, וועלן מיר דאָ מיט אײַך מאַכן אַ קליינינקן כעזשבן. איז הערט.

ער האָט זיך ווידער אויף אַ פּאָר ווײַלעס פֿאַרטראַכט און געגאַנגען ווײַטער:

— דאָ, אין אומאַן, האָט געלעבט און געשאַפֿן, — דאָ אויפֿן אַלטן ייִדישן בעסוילעם האָט ער געפֿונען זײַן אייביקע רו — דער באַרימטער דענקער, פֿילאָסאָף, פּאָעט, באַרימט אין דער גאַנצער וועלט מיט זײַנע פֿאַנטאַסטישע מײַסעלעך, ביכער — נאַכמען בראַצלאַווער, דעם באַלשעמס אוריינִיקל... דאָ, בײַ אײַך, איז געבוירן געוואָרן דער ייִדישער קלאַסיקער, שאָלעם־אַלייכעמס גרויסער פֿרײַנט און מיטצײַטלער, דער ראָמאַניסט מאָרדכע ספּעקטאָר... ניט ווײַט פֿון אײַך, אין אָכרימאָווע, איז געבוירן געוואָרן אונדזער באַרימטער שרײַבער דאָוויד בערגעלסאָן. פֿונדאַנען שטאַמט אונדזער וווּנדערלעכער דיכטער לייב קוויטקאָ... דער באַרימטער אוקראַיִנישער שרײַבער מיקאָלאַ באַזשאַן... דער פּרעכטיקער ייִדישער דיכטער עזראָ פֿינינבערג... מוישע כאַשטשעוואַצקי... ניט ווײַט פֿון אײַך, אין שטעטעלע שפּאָלע, איז געבוירן געוואָרן אונדזער זינגער איציק פֿעפֿער... עס איז דען מעגלעך אַלעמען איבערעכענען? טויזנט מאָל איז גערעכט געווען יענער כאָכעם, וואָס האָט געזאָגט, אַז ניט קיין הייליקע בויען פֿאַלאַצן... פֿאַרוואָס זשע זאָלט איר ניט גלייבן, אַז דאָ, צווישן אײַך, וואַקסן דיכטער, אינזשעניערן, עכטע באַלמעלאָכעס און דאָקטוירים, דענקער און קאָמאַנדירן... עס זײַנען געקומען נײַע צײַטן. אַלע טירן זײַנען פֿאַר אײַך אָפֿן. אַ טרוים קאָן ווערן וואָר...

דער דיכטער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט:

— גאָט מײַנער, וואָס האָב איך זיך הײַנט צערעדט? דאָס אַלץ וועלן אײַך בעסער און גענויער דערציילן אײַערע לערער. איר ווילט דאָך געוויס הערן מײַנע לידער... וועלן מיר עס באַלד טאָן מיטן גרעסטן קאָוועד... אויב איר האָט כיישעק, וועלן מיר טאַקע באַלד אָנהייבן...

און ער האָט שנעל גענומען פֿונעם טישל אַ דיק, שיין ביכל, עס אָנגעהויבן בלעטערן, געשטאַנען אַ ביסל אין פֿאַרלעגנהײַט, טראַכטנדיק, וואָס ער זאָל לייענען.

— איר פֿאַרשטייט, מײַנע טײַערע, שטענדיק, ווען איך באַגעגן זיך מיט קינדער, פֿיל איך זיך עטוואָס הינטערשטעליק און בין אין קאַס אויף זיך, וואָס איך שרײַב ווייניק פֿאַר אײַך, קינדער... נאָר ניט געפֿערלעך! מע האָט אַמאָל געפֿרעגט אַ באַרימטן שרײַבער: וויִאַזוי דאַרף מען שרײַבן פֿאַר קינדער? האָט ער געענטפֿערט: פּונקט אַזוי, ווי פֿאַר עלטערע, נאָר אַ ביסל בעסער... וויבאַלד אַזוי, וועל איך אײַך דאָ באַלד איבערלייענען מײַנע אַן אַלטע ליד, וואָס איז, דאַכט מיר, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, סײַ פֿאַר גרויס, סײַ פֿאַר קליין... וועלן מיר אַ פּרוּוו טאָן?..

און ער האָט צוגעמאַכט דאָס ביכל. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן עטוואָס ווייכער, דער זיקאָרן אָנגעשטרענגט, צוגעמאַכט אַ ביסל די אויגן און רויִק, אויסדריקלעך, אָן קונצן, שטרענג אָנגעהויבן לייענען:

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער,
ווו קאָן מען זײַן עלנטער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער.

אַ פערדל אָן אַלטינקס, אַ סקריפּענדער שליטן,
אַ שליאַך אַ פאַרשנייטער, און איך בין אינמיטן,

פון אונטן, אין איינציקן ווינקל אין בלאָסן,
נאָך לעשן זיך טרויעריק טליִענדע פאָסן,

פון פאָרנט פאַרשפּרייט זיך אַ מידבער אַ ווײַסער,
און ווײַט דאָרט צעזייט איז אַ צענדליקל הײַזער.

דאָרט דרעמלט אַ כוטער פאַרזונקען אין שנייען...
צום ייִדישן הײַזל פיל סטעזשקעלעך גייען,

אַ הײַזל, ווי אַלע, נאָר גרעסער די פענצטער,
און צווישן די קינדער דאָרט בין איך דער עלטסטער...

און ענג איז מײַן וועלטל, און קליין איז מײַן רעדל:
אין צוויי וואָכן איין מאָל פון כוטער אין שטעטל.

אין בענקען, אין שווײַגן פון פעלדער פון ברייטע,
פון וועגן און וועגעלעך פאַרשנייטע, פאַרווייטע...

און טראָגן אין האַרצן פאַרבאָרגענע ווייען
פון זומען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף זייען...

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער,
ווו קאָן מען זײַן עלנטער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער?

דער דיכטער האָט געליִיענט מיט אַזויפיל האַרץ און נעשאָמע, אַז איבערן זאַל איז דורכגעגאַן אַ לײַכט ווינטל, אַלע זײַנען געזעסן, ווי פאַרקישעפט. עס האָט געהערשט אַ געטלעכע שטילקײַט ווי קיינער וואָלט ניט געאָטעמט, געגעסן מיט די אויגן דעם דיכטער, געשלונגען זײַנע ווערטער. אַזויפיל אָנגעשטרענגטע, שײַנענדיקע קינדערשע אויגן, פאַר־גאַפטע פּנעמער!

די ליד האָט זיך אויסגעלאָזט. דער גאַסט האָט געענדיקט לייענען. עטלעכע רעגעס האָט געהערשט אין זאַל דאָס שטילשווײַגן, און מיטאמאָל האָט אויסגעבראָכן אַ דונער, אַ גערויש, געשרייען, הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. דער גאַנצער עולם — קליין און גרויס — האָט באַגײַסטערט באַגריסט דעם דיכטער, געבעטן, געפּאָדערט, ער זאָל לייענען נאָך, נאָך.

און ער איז געשטאַנען אַ שײַנענדיקער און גליקלעכער, וואָס זײַן וואָרט האָט דער־גרייכט דעם ציל. ער האָט אופגעהויבן די האַנט, געבעטן אופהערן טומלען, ער וועט לייענען נאָך, ווײַל צוליב וועמען דען שאַפט ער, אויב ניט פאַר זיי?

מיר האָבן ניט באַמערקט, ווי די צײַט גייט. דער דיכטער האָט פאָרגעזעצט לייענען זײַנע לידער, און מיר האָבן געהערט מיט דער גרעסטער אופמערקזאַמקײַט, געווען פאַר־צויבערט. מײַן שאַכן לייזער מילשטאַק האָט פון מאָל צו מאָל אויף מיר געוואָרפן אַ שמייכ־

לענדיקן בליק, און איך אויף אים. מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אַז מיר האָבן זיך ביז איצט באַנאַרישט, וואָס מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר האָבן ניט ליב פּאָעזיע, דיכטער. עכטע, עמעסע פּאָעזיע און דיכטער — אָט אַזעלכע — וועלן מיר שוין, דאַכט זיך, שטענדיק ליב האָבן. שטענדיק...

פאַר מיר איז געווען אַן עמעסע איבעראַשונג, ווען מיר האָבן זיך מיט יאָרן שפּעטער ווידער באַגעגנט, דאָס מאָל — ווי קאָלעגן. געווען איז עס אין אַן ענגער מעסיבע פון ייִנ־גערע און עלטערע שרײַבער, און דאָוויד האָט זיך דערמאָנט אין יענעם ווײַטן האַרבסטיקן פרימאָרגן, אין אומאַן, בײַ אונדז אין שול... ער האָט פאַרגעדענקט אַלץ, ביז יעדער קלייני־קײַט, אַפילו דאָס, וואָס מיר האָבן געשפּילט פוטבאָל...

אין די ענגע צימערן פון אונדזער ייִדישן פאַרלאַג, פונעם „גראַבן" זשורנאַל, ווו מיר פלעגן זיך קימאַט אַלע טאָג צונויפקומען, שמועסן, דיסקוטירן, אָנעמען און אָפּוואַרפן שרײַ־בעריש מאַנוסקריפּטן, אויסהערן פרעמדע און אייגענע ווערק, זיצן אויף פאַרשיידנאַרטיקע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, האָבן מיר זיך דערנעענטערט און אַפילו באַפרײַנדעט.

וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט זײַן אַנדערש, אַז גאָר אינגיכן האָט דער גורל אונדז צו־נויפגעפירט אַפילו אונטער איין דאַך, אין איין הויז, קימאַט, ווי מע זאָגט, טיר בײַ טיר, און עס איז ניט געווען דער טאָג, מיר זאָלן ניט קומען צוגאַסט איינער צום אַנדערן, זיך ניט טיילן מיט די נײַס, זיך ניט בײַטן מיט ביכער, ניט שפּאַצירן איבער די גרינע קיִעווער גאַסן, אויף די קרוטשעס פונעם דניעפּער...

אָפּט, גאָר אָפּט זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, גרויסע בויונ־גען, ייִדישע קאָלאָניעס, אַרויסגעטראָטן פאַר לייענער.

און דאָ האָט ניט געשפּילט קיין ראָליע די עלטער. מיר האָבן דאָס, קאָן מען זאָגן, ניט באַמערקט. נאָר שטענדיק, אומבאַמערקט, האָב איך אַלץ געטאָן, דער דיכטער זאָל פילן מײַן אָפּשײַ פאַר דעם באַשיידענעם און האַרציקן גרויסן וואָרט־מײַסטער, וועלכער האָט מיר באַוויזן די קראַפט פון שאַפונג, פון עכטער פּאָעזיע. כאָטש איך אַליין האָב זיך קיינמאָל ניט אײַנגעשטעלט צו שרײַבן לידער...

דער דיכטער האָט געהאַלטן פון די יונגע קאָלעגן און זיך באַציִגן צו זיי און צו זייער שאַפונג מיטן גרעסטן אָפּשײַ, געלייענט זייערע ווערק, און ווען ער האָט איבערגעלייענט עפּעס רעכטס, פרישס, באַדײַטנדיקס, האָט ער עס פון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן און איז געווען אויפן זיבעטן הימל.

ער האָט געזאָרגט און געוויייטיקט פאַר דער ליטעראַטור, אין שפּיץ פון וועלכער ער איז מיט זײַן טאַלאַנט און גוט האַרץ געשטאַנען.

מיר האָבן זיך געלערנט בײַ דעם מײַסטער. מיר זײַנען געווען אין אים פאַרליבט ווי אין אַן אייגענעם פאָטער.

די גרעסטע פרייד איז געווען אַרויספאָרן מיט אים אין שטעטלעך אויף ליטעראַרישע אָוונטן, אַרויסטרעטן פאַר פאָלקספאַקנ'ע זאַלן, פאַר אַ גרויסן עולם. ער האָט זיך געפרייט, ווען זײַן קאָלעגע איז אַרויסגעטראָטן מיט דערפאָלג, און געווען פאַרומערט, ווען עס האָט זיך בײַ יענעם עפּעס ניט באַקומען...

און וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכן אויטעם צוהערער האָבן מיר געהאַט אין די פאַרמיל־כאָמע־יאָרן! און וואָס פאַר אַ יאָמטעוו איז בײַ אים געווען, ווען ער האָט זיך אין וועג באַ־געגנט און באַקענט מיט גוטע מענטשן!

ער איז די גאַנצע צײַט געווען אין באַוועגונג, אין פלוג און אַלץ באַוויזן. עס איז גע־ווען צו באַוווּנדערן זײַן אַרבעטזאַמקײַט. ווען האָט ער באַוויזן שאַפן צענדליקער ביכער לידער, פּאָעמעס, איבערדיכטן ווערק פון די וועלט־קלאַסיקער און שרײַבער פון פאַרשיידענע פעלקער, איבערזעצן אויף מאַמע־לשון פּושקינען און שעווטשענקאָן, טיוטשעוון און רילסקין, טאַבידזען און טומאַניאַנען, סערוואַנטעסן און בערנאַרד שאָוּ?..

ווען האָט ער באַוויזן איבערלייענען אַ שיר קסאַוויאַדן פון יונגע שרײַבער, אָנפאַנ־גער, לייענען לעקציעס, אָנטיילנעמען אין דיסקוסיעס אויף פאַרשיידענע וויסנשאַפט־טעמעס

און פּראָבלעמען, זיך באַגעגענען מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין זײַנע אייצעס, אין זײַן הילף?..

זײַן שטוב איז געווען שטענדיק אָפֿן פֿאַר יעדן. ניט געווען יענער טאָג, עס זאָלן בײַ אים ניט זײַן קיין אָרחים. איז עמעצער פֿון אויסרײַסעניש — די פֿינפֿטער ספּיצע אין וואָגן — געקומען קיין קיִעוו און ניט געקראָגן קיין האָטעל, איז מען פֿאַרפֿאָרן צו דאַווידן. און דאָ האָט מען גלײַך געקראָגן אַן אַכסאַניע, אַ בעטל, אַ דיוואַן און מע האָט זיך געפֿילט, ווי בײַ זיך אינדערהיים. די שטוב איז געווען ניט קיין גרויסע, אַ באַשיידענע, און שטענדיק פֿלעגן דאָ טאָגן און נעכטיקן נאָענטע און ווײַטע באַקאַנטע. פֿייגע, זײַן האַרציקע גוטמוטיקע פֿרוי, האָט געהאַט גרויסע צאָרעס. זי האָט ניט געקענט באַדינען אַזויפֿיל געסט, וואָס זײַנען דאָ געזעסן גאַנצע טעג און נעכט און געשטערט דאַווידן אַרבעטן.

און ער איז געווען אַן איידעלער, דעליקאַטער מענטש, מוירע געהאַט עמעצן פֿון די געבעטענע און אומגעבעטענע געסט, כאַלילע, אָנרירן, דערמאָנען, אַז מע דאַרף האָבן גאָט אין האַרצן.

אָפּטמאָל האָבן די אָרחים אויף לאַנגע טעג פֿאַרנומען דעם דיכטערס קאַבינעט, און ער, נעבעך, האָט זיך געמוזט אַריבערקלײַבן אויף דער קיך און זיך צוטוליען אין אַ ווינקל מיט זײַנע פּאַפּירן, מיט דער שרײַבמאַשינקע.

כּוֹח שרײַבן, לייענען, האָט דאַוויד געהאַט אַ כּאָלאָס — מײַסטערווערק. אַ זײַטיקן צימער האָט ער פֿאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצן צעך. אַוועקגעשטעלט אַ סטאָליאַר־ווערקשטעל, ווי מע האָט געקאָנט זעגן ברעטער, הובלעווען, צונויפֿשלאָגן טאַבורעטלעך, שלײַפֿן פֿאַרשיידענערליי זשעלעזיאַקעס. טאָמער האָט ער ערגעץ געפּאַקט אַן אַלטן זייגער, אַ פֿאַרזשאַווערטן מעכאַניזם, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, אַ פֿאַרפּוצטער אין אַ לאַנגן פֿאַרטעך, און אַלץ צעשרויפֿט, צענעמען אויף שטיקלעך און שפּעטער גאַנצע טעג געזעסן און זיך באַמיט עס צונויפֿשרײַפֿן...

זײַן „צעך" איז געווען פֿאַרוואַלגערט מיט פֿאַרשיידענע שטיקער אײַזן, דראָט, געהילץ, בלעך און שאָענלאַנג האָט ער דאָ געקאָנט אַרבעטן, פֿאַרגעסן אין זײַנע מאַנוסקריפּטן.

איז בײַ אײַך אין שטוב קאַליע געוואָרן די עלעקטריע, די ראַדיאָ און דאַוויד האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, פֿלעג ער גלײַך צו אײַך אַרײַנקומען מיט זײַן קעסטעלע קלאַפּער־געצײַג און ניט אַוועקגעגאַנגען, קאָלזמאַן ער האָט אַלץ ניט פֿאַריכט.

קוקנדיק אויף דעם איידעלן מענטשן מיט די גרויסע שיינע, שוואַרצע אויגן, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל פֿונעם פֿרישן העמדל, אײַנעם לאַנגן פֿאַרפֿלעקטן און ערטערווײַז צוגעברענטן פֿאַרטעך, ווי אַ פֿאַרשוויצטער, אַ פֿאַרסאַזשעטער ער האָרעוועט, שניצט אָדער קלאַפּט עפּעס, האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָס זעט איר פֿאַר זיך ניט קיין באַרימטן שרײַבער, אַ צאַרטן ליריקער, נאָר אַן עכטן האָרעפּאַשניק, אַ שלאָסער, אַ סטאָליאַר...

ער האָט זיך געקאָנט פֿרייען, ווי אַ קינד, זײַן אָפֿן זיבעטן הימל, אַז איר האָט אים געבראַכט אַן אַלטע מאַשינקע, וואָס ער האָט געקאָנט צעשרויפֿן אויף הונדערטער טיילעכלעך, און דערנאָך זיך ברעכן דעם קאָפּ, באַמיִענדיק זיך דאָס אַלץ צונויפֿשטעלן ווידער.

אָט האָט אים דער אייבערשטער צוגעשיקט אַ „דימענט", מיט וועלכן מע שנײַדט גלאָז. פֿון גליק האָט ער זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. ער האָט זיך בײַ אַלעמען נאָכגעפֿרעגט, צי בײַ עמעצן איז ניט צעבראָכן אַ טאַפֿליע, וועט ער עס גלײַך פֿאַריכטן.

איינמאָל אין אַ שטילן פֿרימאָרגן, זיך דערוווּסט, אַז דער ווינט האָט בײַ מיר אין צימער צעבראָכן אַ פֿאָרטקע, איז ער גלײַך געקומען מיט זײַן „דימענט" און אַ קעסטל מיט שטיקער גלאָז, זיך אָנגעמאַטערט אַ האַלבן טאָג, אָנגעשניטן און קאַליע געמאַכט אַ באַרג מיט גלאָז, אײַנגעאַקשנט געאַרבעט — און דאָך אַרײַנגעשטעלט די פֿאָרטקע. דערבײַ האָט ער זיך געפֿרייט, גלײַך ער וואָלט געפֿונען אַן אוצר.

אונדזערע גוטע שכיינים האָבן שוין געוווּסט, אַז אויב אין שטוב ווערט עפּעס קאַליע — דער קראַן איז איבערגעדרייט און עס לויפֿט די וואַסער, צי דאָס עלעקטרישע פּרעסל האָט אויפֿגעהערט אַרבעטן, האָט מען געדאַרפֿט אָנקלינגען דאַווידן, און דעמלט האָט ער גע־וואָרפֿן אַלע אַרבעטן, אַלע געסט און געײַלט מיט זײַן ביסל קלאַפּערגעצײַג העלפֿן. אַז ער האָט עמעצן געקענט באַהילפֿיק זײַן, עפּעס פֿאַריכטן, האָט ער זיך געפֿילט גליקלעך!

דײַגעס האָט ער געהאט איבערן קאָפּ. ווי עפּעס א פארשלעפּטע קרענק, איז ער געקו־מען צו אים, און ער האָט אים געפירט אין שטאַטראַט, מע זאָל יענעם אײַנאָרדענען צו א גוטן דאָקטער, א פּראָפעסאָר, דעם צווייטן באַשטאַטן אויף ארבעט, בא אַן אדוואָקאַט פויעלן, ער זאָל גיין אין געריכט, שרײַבן פאר אַן אַלטיטשקן פענסיאָנער אַן אַנקלאַגע אויף א בייזן שאָכן...

און אז מע פלעג איבער אים א שפּאס טאָן, האָט ער געקנייטשט מיט די אַקסל און שולדיק צעפּירן מיט די הענט:

— וואָס קאָן מען מאכן? דאָס זײַנען לעבעדיקע מענטשן און מע דאַרף זיי העלפן... ווער, אויב ניט מיר?..

בא ווערמען איז געשען עפּעס אַן אומגליק, האָט מען גלײַך געטראָפן צו אים, צו דאָ־ווידן. און ער האָט שאַפּלאַנג אויסגעהערט מענטשן, געגאַנגען מיט זיי אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן, געבעטן פאר זיי, געגעבן אייצעס, געשריבן מעלדונגען, באַקאַשעס, און אויב עס האָט ניט געהאָלפן, האָט ער זיך ניט געפּוילט אַרײַנקומען צו א כאַשעווען שרײַבער א דעפּוטאַט צי א לאַוראַט, יענער זאָל זיך אײַנשטעלן פאר א באַאוולטן מענטשן...

דעם האַרציקן וווּנדערלעכן דיכטער האָט מען ניט געקאָנט אָפּזאָגן.

צו אַלץ האָט ער ליב געהאט צולייגן א האַנט, אַלעמען העלפן, עפענען די טיר פון זײַן שטוב פאר יעדן איינעם, און די האַרציקע פּרוי זײַנע, פּייגע, וואָס איז געווען זײַן גרעסטע באַהעלפערן, זײַן סעקרעטאַר און באַלעבאַסטע, האָט אָפט געהאט גרויסע צאָרעס פון זײַן מײַסטרעווען, פון די אַנצאָליקע אייביקע געסט און אָרכים, וואָס האָבן דערקוטשעט, ניט געלאָזט ארבעטן, רוען.

זי האָט שוין קיין קויעך ניט געהאט גאַנצע טעג שטיין באם אויוון און גרייטן עסן, קאַווע און טיי פאר די אַרײַנגייער, איר איז שווער געווען צו ראַמען, רייניקן די דילן נאָך די געסט און באַזוכער, וואַשן לײַלעכער, גיין אַלעמאָל אין מאַרק אַרײַן שלעפּן אויף זיך קוישן מיט קאַרטאָפליעס, קרויט, בוריט, אוגערקעס, צוקער...

נאָר אַן אַנדער ברירע האָט זי געהאט? אז עס גייען אָן א סאַך צו דאָווידן מענטשן, דאַרף מען דאָך זיי אָנהאָדעווען, מעכאַבעד זײַן...

באַזונדערס איז דאָוויד באַפרײַנדעט געווען מיט די קינדער פון אונדזער גרויסן פּיל־שטאָקיקן הויז.

האָט עמעצער ניט געקאָנט לייזן אַן אויפגאַבע, פלעג ער לויפן „צום פעטער דאָוויד" און יענער וועט זיך מוטשען איבער דער אויפגאַבע שאַפּלאַנג און ענדלעך זי לייזן.

אין הויף זײַנען געגאַן אייביקע שלאַכטן צווישן פאַרשיידענע מאַכנעס, און טשאַטעס כעווראַלײַט זײַנען געקומען, דער „פעטער דאָוויד" זאָל זיך מאַטריעך זײַן און אויסשניצן פאר זיי הילצערנע שווערדן, קינזשאַלן, ביקסלעך. און מע האָט בא אים גלײַך געפּויעלט. איין כאַפּטע ייִנגלעך איז אַרויס פון זײַן „צער" און א צווייטע איז אַרײַן. און די באַשטע־לונגען זײַנען אויסגעפּילט געוואָרן שנעל.

אייך זאָך איז געווען שלעכט — אין שטוב איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט א קינדער־געפּילדער, א טומל, אַלץ איז געגאַן כאָדאָראָם. און אין דעם שטענדיקן טומל, געלעכטער, גערויש, הו־הא האָט אַנטיילגענומען אַליין דער מײַסטער מיט זײַנע אומזיסטע „באַשטעלער"...

קיין איין שרײַבער בא אונדז אין הויז האָט ניט געהאט אַזויפיל גוטע פרײַנט — קינ־דער, ווי דאָוויד. פאר א ווערסט האָבן זיי אים באַגעגנט און מיט פרייד, געלעכטער באַגלייט ביז דער טיר, דערציילט אַלע הויף־נײַעס.

און דעריקער האָבן די כעווראַ זיך פאַרקלאָגט אויפן אַלטיטשקן טאַטער מוסטאַפאַ, דעם דוואָרניק, וואָס לאָזט ניט שפּילן פוטבאָל און מאָלן אויפן אַספאַלט מיט קרײַד. און קיינער פון אונדז האָט ניט געקאָנט אַזוי גוט ליקווידירן א קאָנפליקט צווישן מוסטאַפאַ און די כעווראַלײַט. עמעס, שאַלעם האָט זיך צווישן זיי אײַנגעשטעלט ניט אויף לאַנג. אַפּסנײַ איז די

פוטבאָל־פּילקע אַרײַנגעפֿלויגן דורכן פֿענצטער אין אַ שאָכנס הויז, און אַלץ האָט זיך אָנגע־הויבן פֿון סאַמע אָנהייב. און ווידער איז מען געלאָפֿן רופֿן דאַווידן.

מוסטאפֿאַ האָט פֿאַר דעם דיכטער געהאַט גרויסן אָפּשײַ, ווײַל יענער האָט אים ניט ווייניק געהאָלפֿן אונטער אַ נויט. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָס האָט דאַוויד אײַנגעאָרדנט צוריק מיט עטלעכע יאָר דעם טאַטער מיט זײַן ווײַב אויף אַרבעט פֿאַר אַ דוואָרניק. מע האָט זיך צופֿעליק באַגעגנט לעבן דער שטוב. מוסטאפֿאַ איז דער מענטש מיטאַמאָל געפֿעלן געוואָרן און ער האָט פֿאַר אים גלײַך אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ, אַז ער האָט ניט קיין אַרבעט און קיין דאַך איבערן קאָפּ. און דאַוויד, לאַנג ניט געטראַכט, איז מיט דעם טאַטער אַוועקגעגאַנגען צום אופּראַוודאָם, זיך דורכגערעדט, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מוסטאפֿאַ באַקומען די שטעלע פֿון אַ דוואָרניק, אַ פֿײַן צימערל מיט אַ קיך, אַ לאָפּעטע מיט אַ בעזעם, און עס איז אַוועק אַ גאַנג!

דאַרף טרעפֿן אַ מײַסע!

דאַוויד איז אַמאָל געגאַנגען גלאַט אַזוי — עפּשער וועט ער עפּעס קריגן — אָפּן טאָל־טשאָק און דערזען, ווי עפּעס אַן אַלטיטשקער האָט געהאַלטן צו פֿאַרקויפֿן אַ לאַנגע גומענע קישקע. די אויגן האָבן זיך באַ אים צעשײַנט: אַ גאָלדענע קישקע! ווען מוסטאפֿאַ קריגט זי, וואָלט ער זיך מאַמעש מעכײַע געווען. מיט דער קישקע וואָלט ער געקאָנט באַגיסן דעם הויף, די ביימער, די גראָזן. ניט לאַנג געטראַכט, איז דאַוויד צוגעגאַנגען צום אַלטיטשקן, באַטראַכט די קישקע פֿון אַלע זײַטן און באַשטימט, אַז פֿאַרן דוואָרניק וואָלט עס געווען די בעסטע מתּנה. אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן, וויפֿל וויל דער אַלטער פֿאַר דער קישקע, זיך אַ דינג געטאָן, און דאַוויד האָט אויסגעלײדיקט ביז אַ גראָשן די קעשענע, אײַנגעהאַנדלט די מעציע און זיך געלאָזט מיט איר צום טראַמוויי. נאָר אַ נעכטיקער טאָג! אין טראַמוויי לאָזט מען ניט אַרײַן מיט אַזעלכע קויטיקע קישקעס. געפּרוּווט אָפּשטעלן אַ טאַקסי — ווידער דאָס זעלבע! דאַוויד איז געפֿאַלן באַ זיך: וואָס טוט מען? עפּשער אַ שפּײַ טאָן אויף דער קישקע און אַוועקגיין? נאָר זיך דערמאָנט, אַז מוסטאפֿאַ וועט זיך מעכײַע זײַן מיט דער קישקע, קאָנען באַשפּריצן אַלע טאָג דעם הויף, דעם טראָטואַר, די גראָזן, האָט ער צוגעוואַרט, ביז עס איז אין דרויסן טונקל געוואָרן, גענומען אויף די אַקסל די שווערע קישקע און זיך גע־לאָזט אַהיים, סטאַרענדיק זיך, קיין באַקאַנטע זאָלן אים איצט ניט באַגעגענען.

מיט דער קישקע האָט ער זיך דערשלעפּט, נאָר וואָס זשע, ער האָט זיך אויסגעשמירט, דערבײַ קאַליע געמאַכט אַ שפּאָגל־נײַ רעקל, אַ פּאָר ווײַסע הויזן און אַליין זיך אויסגעשמירט, ווי אַ רוער.

פֿון דער פּרוּוי האָט ער, עמעס, אָפּגעלייזט אַ גוטן פּעטשאַטעק, נאָר מוסטאפֿאַ האָט זיך דערפֿרייט איבער דער קישקע, גלײַך ווי ער וואָלט געפֿונען אַ מאַיאָנטעק!

צוויי טעג האָבן דאַוויד און מוסטאפֿאַ געהאָרעוועט, אָפּגעגאַן מיט שווייס, ביז מע האָט ווי־ניט־איז צוגעפּראַוועט די קישקע צו דער וואַסערלייטונג. און מע האָט באַגאָסן דעם הויף און די אַרומיקע גראָזן. סאַראַ פֿריידן!

פֿון אַלע דירעס איז דער אוילעם געלאָפֿן קוקן, ווי די קישקע אַרבעט. מע האָט גע־קליבן נאַכעס. מע האָט געקוקט מיט דאַנקבאַרע אויגן אויף דעם דיכטער, אים שיין אָפּגע־דאַנקט פֿאַר זײַן גאָלדענער מעציע, און אַלע אינדערפֿרי איז מען געלאָפֿן אין הויף כאַפּן אַ קוק, צי די קישקע אַרבעט נאָך...

און, דאַכט זיך, מער פֿון אַלע איז געווען צופֿרידן דאַוויד. דאַכט זיך, ווען ער שרײַבט אָן עטלעכע גוטע לידער, אַ פּאָעמע, וואָלט ער זיך אַזוי ניט געפֿרייט, ווי איצט!

מענטשן זײַנען געווען פֿאַרליבט אין דעם באַשיידענעם, האַרציקן, גוטמוטיקן דיכטער. זײַן פּראַקטיקײַט, צוגענגלעכקײַט האָט באַצויבערט. זײַן ליבע צו אַרבעט האָט ניט געוווּסט פֿון קיין גרענעצן. און ליב געהאַט אים האָבן, דאַכט זיך, אַלע. קיין סאָנים האָט ער ניט געהאַט, אויב ניט רעכענען ניט־פֿאַרגינער. אַלציינס האָבן זיך צו אים ווונדערלעך באַצויגן מענטשן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, געשלעכט, כאַראַקטער, נאַציאָנאַליטעט. ער האָט גע־

קענט א סאך שפּראכן, א יאם מיט לידער, מײַסעס, לעגענדעס. און ער איז געווען פֿארליבט אין מענטשן, מיט ליבשאפֿט און אכטונג זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צו זיי און צו זייער וואָרט.

ער האָט לאנג ניט געקאָנט אײַנזיצן אף איין אָרט. עס האָט אים געצויגן צו מענטשן, צו שטעט, לענדער, קאָנטינענטן. וווהין מע האָט אים ניט גערופֿן, אהין האָט ער געאײַלט. ווי ער זאָל ניט געווען זײַן פֿארנומען, איבערגעלאָדן מיט ארבעט, איז קעדײַ געווען, עמעצער זאָל אים א רוף טאָן, ווי ער איז גרייט צו פֿאָרן, גיין, פֿליִען. ער איז אויסגעפֿאָרן דאָס לאנד אין דער לענג און אין דער ברייט. האָט מען אים א רוף געטאָן קיין ביראָבידזשאן — איז מיטן גרעסטן פֿארגעניגן. מע דארף פֿאָרן צו די בויער פֿון דניעפּראָהעס, בײַזײַן בא דער עפֿענונג פֿון דער בארימטער עלעקטראָסטאנציע — דארף מען אים לאנג ניט בעטן. זיך דורכפֿאָרן קיין ארמעניע, צום אראראט, ווו נויעכס טייווע האָט זיך אָפּגעשטעלט, — פֿארוואָס טאקע ניט? ער איז באגײַסטערט פֿון יענעם קאנט. ער האָט געדינט דאָרטן נאָך בייס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע... ער האָט דאָרטן אָן א שיר פֿרײַנט — שרײַבער, קינסטלער.

וועגן זײַנע אָנצאָליקע רײַזעס, באגעגענישן מיט מענטשן שרײַבט ער נײַע לידער.

איר האָט אים געקאָנט אופֿוועקן אינמיטן נאכט און זאָגן, אז מע לאדט אים ערגעץ אײַן, מע ווארט אף אים, איז ער גרייט געווען צו פֿאָרן, פֿליִען. ער איז געווען זשעדנע — אלץ דארף ער זען מיט זײַנע אויגן, הערן מיט זײַנע אויערן.

ניט ווייניק אונדזערע רײַזעס אין פֿארשיידענע עקן לאנד האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן אפֿן גאנצן לעבן.

...געווען איז עס אין אָנהייב הארבסט, ווען די טרויבן אף די ווײַנגערטנער האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט וווּנדערלעכן זאפֿט און געוואָרן צײַטיק, פֿארשיקערנדיק. אונדזער וועג מיט דאָווידן און איציק פֿעפֿערן איז געלעגן אף דאָרעם, צום דניעסטער־טײַך. ערגעץ דאָרטן אפֿן הויכן טײַך־ברעג, וואָס טיילט אָפּ בעסאראביע פֿון אוקראַיִנע, האָט זיך פֿארטײַעט אן אלטער, דוירעסלאנגער יִדישער יִשעוו יארוגע, ווו עס לעבן ווײַנגאָרטן־ציכטלער, יאָרשים פֿון די געטריבענע און געיאָגטע פֿון דער שפּאנישער אינקוויזיציע.

אפֿן שיפּוי פֿונעם הויכן בארג, וואָס דערגרייכט שיר ניט ביז די כמארעס, האָט זיך צעשפּרייט אן אורא‌לטער בעסוילעם, ווו מע קאָן נאָך געפֿינען מאציידועס, וואָס זײַנען אלט פֿינף דוירעס. הײַנט שטעלט איר זיך פֿאָר, וויפֿל דער ארומיקער יִשעוו איז אלט!

אינדרײַען זײַנען מיר געווען. אין וואגאָן איז געווען טומלדיק — עס איז געפֿאָרן א פֿריילעכע קאָמפּאניע, די גאנצע צײַט זײַנען געגאן לעבהאפֿטע געשפּרעכן, כאָכמעס, וויצן, און די צײַט איז געלאָפֿן גאנץ שנעל.

שלאָפֿן לאנג איז אונדז ניט אויסגעקומען. ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך פֿון יענער זײַט וואגאָן־פֿענצטער באוויזן דער געשלענגלטער דניעסטער מיט זײַנע קרומע און הויכע ברעגן, און אהין, ווײַטער פֿון יענער זײַט טײַך, — די האָרבאטע קורגאנען פֿון בעסאראביע, די ווײַסע קאלך־בערג.

די סטאנציע מאָלעוו־פּאָדאָלסק, וואָס פֿלעג שטענדיק אין די דאָזיקע באגינענס שטיין שטיל, רויִק, סטאטעטשנע, האָט גראדע הײַנט געטומלט שטארק: לאָזט זיך אויס, די יארוגער טוישווים האָבן אונדז אײַנגעאָרדנט א ראשיקן קאבאָלעס־פּאָנעם, געקומען אהער אונדז באגעגענען אף עטלעכע גרוזאָוויקעס, פֿארפֿולטע מיט פֿארברוינטע פֿון דער זון און ווינטן אלטע און יונגע, באָכערים און מיידלעך. פֿון די לעבנסלוסטיקע יִשוּווניקעס, קאָלאָניסטן האָט געווייט מיט קראפֿט, מיט ווײַנטרויבן און יונגן ווײַן.

אן אומפֿארגעסלעכע הארציקע באגעגעניש.

פֿונדאנען ביז יארוגע איז אויסגעקומען צו פֿאָרן א קילאָמעטער צוואנציק מיטן געדרייטן דניעסטער־ברעג, אראָפּ א בארג און ארוף א בארג. נאָר אָנשטאָט פֿאָרן גלײַך אין

יִשעוו האָבן די באַלעבאַטים פאַרקערעוועט אין א זײַטיקער גרינער גאַס, צום גרויסן ווײַנ־קעלער, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט פאַרשיקערנדיקע רייכעס פון ווײַן.

אין גלײַכע רייען האָבן זיך געהויבן ביז אונטער דער סטעליע גרויסע דייזשעס ווײַן, אַרום וועלכע עס האָבן געקישעפּט די באַרימטע ווינאַדעלן, באַלמעלאָכעס, וואָס ווייסן די סוידעס פון אויסאַרבעטן גוטן ווײַן, געיאַרשנט פון זייערע זיידעס און עלטערזיידעס.

און כאָטש גאַנצפרי מיט דער ראַשטשישינע איז ניט אײַנגעפירט, מע זאָל זיך זעצן דע־גוסטירן די יאַרוגער ווײַנען, נאָר וואָס האָבן מיר געקאָנט מאַכן, אז קאָמאַנדעוועט מיטן באַל האָבן די יאַרוגער באַלעבאַטים. און אַלץ אַרום — סײַ דער טיפער, קאַלטער ווײַנקעלער, סײַ די אופגעלעבטע פעסטע מענטשן, האָבן אויסגעזען ביבליש, אויסטערליש. דאָ איז אויס־געקומען זיך לאַנג צו פאַרהאַלטן.

מיר האָבן פּאַוואָליע און ניט געכאַפּט פאַרזוכט, דעגוסטירט די מעכײַעדיקע יאַרוגער ווײַנען. איציק פעפער האָט אונטערגעהאַלטן די גאַנצע צײַט „דעם גראַדוס" מיט זײַנע שאַרפזיניקע פריילעכע וויצן און כאָכמעס. זיי האָבן אונטערגעוואָרעמט דער אוילעם, און עס איז דאָ די גאַנצע צײַט געשטאַנען א שטאַרקער געלעכטער. ניט אָפּגעשטאַנען פון אים איז דאַוויד האָפשטיין. דער דיכטער האָט זיך געהאַלטן נעענטער צו דער געשיכטע פון ווײַנגערטנער, לאָזעס, ווײַן — אויסאַרבעטונג פון די אוראַלטע צײַטן ביז אונדזערע טעג. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, ווי דער מענטש איז באַהאַוונט אין די איידעלע זאַכן. ער האָט גערעדט ווי א מענטש, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן די לאָזעס און דאָס גאַנצע לעבן פאַרבראַכט אַף די ווײַנגערטנער פון יִסראָעל, שפּאַניע, מאַלאַגע, פראַנקרײַך, גריכנלאַנד. די ווײַנטרויבן־מײַסטערס האָבן געהערט זײַנע דערציילונגען מיט ברייט צעעפנטע מײַלער. מע האָט זיך געוווּנדערט:

— גוואַלד, דאַוויד, ווו האָט איר דאָס אַלץ דערלערנט, פונוואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?

און דער דיכטער, אוועקשטעלנדיק אַפן טיש זײַן קווערטל ווײַן, האָט זיך צעלאַכט:

— אויסכאָוועט ווײַנגערטנער, לאָזעס, מאַכן גוטן ווײַן איז שטענדיק געווען אַן איידעלער איניען, פול מיט סוידעס... זיי גייען איבער פון דאָר צו דאָר... זאָגט מיר, מײַנע טײַערע פרײַנט, איר גיט אַרויס אײַערע סוידעס? ניין? וואָס זשע ווילט איר, איך זאָל אַרויסגעבן מײַנע סוידעס?.. — האָט דער דיכטער געענטפערט. און גלײַך פאַרגעזעצט: — נאָר דאָס איז, פאַרשטייט זיך, א שפּאַס. א מענטש, וואָס טרינקט דאָס קווערטל ווײַן, געניסט פונעם הענגל ווײַנטרויבן, מוז וויסן, פונוואַנען דאָס נעמט זיך... דאַרף מען זיך סטאַרען זיך אַלץ דערוויסן, זיך דערגרונטעוועו צו די טיפן. און ווי איר ווייסט, איז ווײַן, ווײַנגערטנער א יִדישע, א ביבלישע זאַך. — און גלײַך האָט ער אַרויסגעזאָגט זײַן דעפיניציע, אז אַפן ברעג פונעם דניעסטער, האָבן זיך באַזעצט די אָוועס פון יאַרוגע מיט הונדערטער יאָר צוריק און די לאָזעס געבראַכט אַהער, נאָך דער שפּאַנישער אינקוויזיציע...

מיר האָבן זיך לאַנג פאַרעדט, פאַרגעסן, אז די צײַט גייט און אין יאַרוגע האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אַף אונדז דער נײַגעריקער אוילעם, ניט געוווּסט, וואָס איבער־טראַכטן, — ווו זײַנען אַהינגעקומען די געסט מיט די באַלעבאַטים.

*

די הייסע דיסקוסיע אין ווײַנקעלער, ווי אויך דאָס, וואָס מיר האָבן זיך נאָך א פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט אין וועג, אין די וועלדער, האָט געבראַכט דערצו, אז מיר זײַנען אָרײַנ־געפאָרן אין יִשעוו גאַנץ שפּעטלעך, דערוואָרעמטע און גאַנץ פריילעכע, און וועגן אויסרועו זיך פון וועג האָט ניט געקאָנט גיין קיין רייד.

דער גרויסער קלוב איז שוין געווען איבערפולט מיט אוילעם און עס האָט זיך שוין לאַנג געדאַרפט אָנהייבן אונדזער באַגעגעניש.

דערזעען אזא טײַערן, האַרציקן אוילעם, וואָס האָט, זעט אויס, פאַרשטאַנען די סיבע, פאַרוואָס מיר האָבן זיך אזוי פאַרהאַלטן, האָבן מיר גלײַך פאַרגעסן אין דער מידקײַט און פאַרפאָרן גלײַך אין קלוב.

דער גאַנצער אוילעם איז שוין געווען דאָ. מע איז געשטאַנען און געזעסן, ווי עס האָט זיך געלאָזט. דאָ איז געווען קליין און גרויס.

איציק פעפער האָט דער ערשטער גענומען דאָס וואָרט. דער אוילעם האָט זיך גלייך צעשמייכלט, און עס איז די גאַנצע צייט, ווען ער האָט גערעדט, געווען פריילעך, לעבעדיק. דער דיכטער איז ערשט ניט לאַנג געקומען פון אַ ווייטער רייזע קיין ביראָבידזשאַן, פונוואַנען ער האָט די יאַרוגער טוישווים געבראַכט אַ האַרציקן גרוס און אַ פּעקל וווּנדער־שיינע, פריילעכע לידער. און אין זאַל האָט אַ קלינג געטאָן זיין שאַרפזיניקע פּאָעזיע. מע האָט מיט פרייד געהערט די לידער און געשעפּטשעט שטילערהייט נאָך אים:

שפּילט אַ פריילעכס, שפּילט אַ פריילעכס!
אין דער ראָד אַריין געשווינד,
אַלע פּאָלעס און פּאַטשיילעס,
ווי די זעגלען אויפן ווינט!
זאָלן טאַנצן אַלע גאַסן,
זאָלן דונערן טרומייטן,
און די גרינסן אויף די בייטן
זאָלן זאַפטיק זיין און גוט —
פידלען, פלייטן, ניט גערוט!

דער דיכטער האָט געלייענט מיט באַזונדערן עקסטאַז זיינע נייע לידער, און כאָטש אַלע האָבן געזען, ווי ער איז פאַרמאַטערט, האָט מען אים לאַנג ניט אָפּגעלאָזט פון דער בינע, און ער האָט געמוזט לייענען נאָך און נאָך.

דאַוויד האָפשטיין האָט געהאַט ראַכמאָנעס אויף זיין יינגערן פריינט און זיך געבעטן באַם אוילעם, מע זאָל האָבן גאָט אין האַרצן: מע איז דאָך געקומען אַהער ניט אויף איין טאָג און מע וועט זיך נאָך באַגעגענען מאָרגן און איבערמאָרגן. נאָר די אויפגערודערטע יאַרוגער האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן: נישקאָשע, ניט אַלע מאָל טיק און דאַנערשטעק קומען צו זיי אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט, טאָ זאָלן זיי אַרבעטן! מע וועט זיך שפּעטער אָפּרוען.

און קיין אַנדער ברייירע איז ניט געווען. מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען, ווי נעמען זיך קויכעס באַ איציקן, נאָך אַזאַ רייזע, לייענען, ריידן, שיטן מיט כאָכמעס און וויצן, פון וועלכע קליין און גרויס האָט אָנגעקוועלט, געלאַכט, באַדאַנקט.

קיינער האָט ניט געקוקט אויף די זייגערס. קיינער האָט ניט געאייַלט פאַרלאָזן דעם זאַל. מע האָט צעעפנט אַלע פענצטער און טירן, עס זאָל זיין מער לופט.

אָט איז שוין אויף איציקס אָרט געשטאַנען אַ שיינענדיקער און אומרויִקער דאַוויד האָפשטיין. דער אוילעם איז געווען פאַרגאַפט. דער דיכטער איז דאָ אין יִשעוו געווען דאָס ערשטע מאָל, און פונוואַנען, האָט מען ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווייסט ער אַזוי גוט די געשיכטע פון דעם קאַנט, זיינע לעגענדעס. פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ הי־געבוירענער. מיט וואָס פאַר אַ קענטעניש האָט ער גערעדט וועגן די ווייַנגערטנער, וועגן די לאָזעס! דערפאַר איז ער פון זיינע ערשטע ווערטער טאַקע געוואָרן באַליבט פון דעם באַגייסטערטן אוילעם. זיינע פּראָסטע האַרציקע רייד האָבן אַלעמען געפאַנגען. מיט דער זעלבער ליבשאַפט האָבן אים געהערט אַלט און יונג, קליין און גרויס.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל, ווען האָפשטיין האָט אָנגעהויבן לייענען זיינע האַרציקע לידער. מע האָט זיי אויסגעהערט מיט גרויסן אָפּשײַ. ניט אַלע זיינען דערגאַנגען. אייניקע לידער האָבן געדאַרפט אַן אַנדער אוילעם, מענטשן, וועלכע קלייבן זיך מער פאַנאַנדער אין איידעלער ליריק, אין פילאָסאָפישע שורעס. מע איז געווען מער אָנגעשטרענגט, ווי פריִער. און דאַוויד האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך פאַרטראַכט אַ לאַנגע רעגע און גענומען לייענען זיין קרוין־ליד:

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער...

ער האָט געענדיקט לייענען און ווידער האָט דער זאַל געשטורעמט, אַפּלאָדירט, גע־שריגן, געבעטן לייענען נאָך. און פון אַלע זײַטן האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען פון על־טערע כעווערע, שילער: „מיר בעטן לייענען „מיר שטאַמען פון פעלדזן"!, „אָקטאָבער"!, „לי־דער וועגן ליבע"!"

דער דיכטער איז געשטאַנען א צופרידענער, זיך אײַנגעהערט אין די געשרייען. און כאָטש ער איז געווען פאַרשוויצט און דאָס העמדל צוגעקלעפּט צום לײַב, נאָר דער אוילעם האָט אים ניט אָפּגעלאָזט:

— לייענט נאָך, כאַווער האָפּשטיין! מיר האָבן אויף דעם טאָג זייער לאַנג געוואַרט!

דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט און פרישע קויכעס. ער האָט געלייענט ווײַטער, און דער זאַל האָט געשטורעמט.

דער דיכטער האָט געענדיקט לייענען, און מע האָט געזען, ווי ער איז שוין געווען אָן קויכעס. מע האָט אים געדאַרפט ראַכמאָנעס האָבן. נאָר מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָך ניט דער סאָף. דורך די צעעפנטע פענצטער האָבן מיר דערזען דאָס גאַסט־הויז, וואָס איז געשטאַנען א באַלויכטנס פון א סאַך עלעקטראָ־פײַערן. דאָרטן, ארום געדעקטע טישן, באַשטעלטע מיט קרוגן שפּילנדיקן ווײַן, האָבן געהאַוועט די פרויען און געוואַרט אויף די מענטשן, וואָס וועלן באַלד אהער קומען און דער יאָמטעוו וועט פאַרגעזעצט ווערן. דער רועך זאָל דאָס נעמען, דאָס איז דאָך דער רײַכסטער אין קאַנט אַרטעל, א מיליאָנער, און אַז אהער קומען גוטע געסט קאָן מען זיי גוט אופנעמען!

און מיר דרײַען האָבן פאַרשטאַנען, אַז הײַנט וועט ניט אויסקומען אָפּרוען. אָט די האַרציקע, שטאַרקע האָרעפּאַשניקעס, די באַרימטע ווײַנגערטנער און ווײַנמאַכער וועלן אײַך אַזוי גיך ניט אָפּלאָזן.

עס איז שוין געווען באַגינען. ווען מיר האָבן זיך אופגעהויבן פון די טישן און אַרויס־געגאַן אויף דער פרישער לופט. א לײַכט קיל ווינטל, וואָס האָט געצויגן פון דעם דניעסטער, האָט אָפּגעפרישט דאָס לײַב. ערגעץ אין די בערג האָט שוין א שפּראַץ געטאָן דער ערשטער שטראַל פון דער אופגייענדיקער זון און באַשײַנט מיט גינגאָלד די רײַכע ווײַנגערטנער, וואָס האָבן מיט אקוראַטע טעראַסעס זיך געצויגן אַרויף־באַרג, ווו עס הייבן זיך אָן די פּעל־דער מיט די ערשטע ברויט־שפּראָצונגען.

מיר האָבן האַרציק גענומען אָפּדאַנקען אונדזערע באַלעבאַטים פאַרן שיינעם אופנאַם, פאַר דער באַגעגעניש, און זיי האָבן געגומען אָפּדאַנקען די געסט פאַרן פאַרגעניגן, וואָס מע האָט הײַנט פאַרשאַפט דעם יִשוּו. מיר זײַנען שוין קוים געשטאַנען אויף די פיס און געטראַכט, אַז אָט־אָט פאַלן מיר אַרײַן אין דער גרעאַמער כאַטע, וואָס מע האָט אונדז צו־געטיילט, און ציִען זיך אויס אויף אונדזערע בעטן נאָך אַזא שווערער האָרעוואַניע, וואָס מיר האָבן געהאַט. נאָר די באַלעבאַטים אונדזערע האָבן זיך נאָך ניט געקליבן אונדז אָפּלאָזן.

זיי האָבן אָנגעוויזן אויפן רײַכן זון־אופגאַנג און געזאָגט, אַז מירן א סאַך פאַרלירן, אויב מיר וועלן זיך איצט ניט אופהייבן אויף א פּאָר מינוט כאַפּן א קוק אויפן ווײַנגאָרטן, ווי די זאַפטיקע טרויבן זײַנען באַשאָטן מיט טוי... מיר וועלן דאָך, האָבן זיי געזאָגט, אין שטאָט אַזא שיינקײַט ניט זען...

מיר האָבן לאַנג ניט` געטראַכט און גענומען קלעטערן אַרויף־באַרג, צו די שפּאַליערן, באַהאַנגענע מיט צײַטיקע ווײַנטרויבן, אַלטע לאָזעס...

און ווירקלעך, מיר האָבן אַזא שיינקײַט, אַזא פּראַכט נאָך קיינמאָל ניט געזען! דאָוויד האָט געשפּאַנט אַלץ העכער, באַטראַכט די פּולע, זאַפטיקע הענגלעך, וואָס האָבן אַראָפּגע־קוקט פון די אָנגעצויגענע דראָטן. זיי זײַנען אים געווען געפעלן, נאָר מער געפעלן זײַנען אים געווען די באַלעבאַטים, אָט יענע, וואָס האָבן דאָס גאַנצע לעבן — זיי און זייערע טאַטעס, מאַמעס, קינדער, אייניקלעך — אָפּגעגעבן דעם וווּנדערלעכן ווײַנגאָרטן, וואָס האָבן באַדעקט דעם גרענעצלאָזן באַרג־שיפּוע, וואָס האָט זיך געצויגן שיר ניט פונעם ברעג טײַך ביז אַרויף, צו די כמאַרעס.

— אזא פראכט, אזא שיינקײַט, גאָט מײַנער! — האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט טרוימעריש דאָוויד, — איך טרוים געפינען צײַט, קעדיי קאָנען אָט דעם ארום און זײַנע שעפער באשרײַבן, די געשיכטע פונעם קאנט, די פריידן און לײדן פון די ייִשעוּוניקעס...

— און וואָס זשע איז די מעניע? — האָט זיך עמעצער פון די באַלעבאַטים אַרײַנגעמישט.

— קעדיי אָנשרײַבן א גרעסער ווערק, דארף מען דאָ כאָטש אף א שטיק צײַט זיך באזעצן, אָטעמען מיט דער דאָזיקער לופט, לעבן צווישן די מענטשן, — האָט דער דיכטער איבערגעשלאָגן.

— מיטן גרעסטן קאָוועד וועלן מיר אײַך דאָ באגעגענען, אויסשטיילן א שטיבל, ווו איר וועט קאָנען לעבן, ארבעטן...

דאָוויד האָט זיך טיף פארטראכט און זיך געכאפּט:

— ווייסט איר וואָס? דאָס איז א געדאנק! איך זאָג עס גאנץ ערנסט. איך וועל זיך באמיִען אויסקלײַבן א שטיקל צײַט און זיך בא אײַך דאָ באזעצן... עס ווילט זיך זייער אָנשרײַבן א ווערק וועגן אײַערע מענטשן... אָט וועל איך זיך אינגיכן אָפּפּארטיקן מיט א גרעסערער ארבעט, וואָס ווארט בא מיר אינדערהיים, און איך וועל גלײַך אראָפּפאָרן אהער... איך שפּאס ניט.

לויט זײַן פּאָנעם, לויט זײַנע פינקלענדיקע אויגן האָבן מיר געזען, אז דאָס איז טאקע געווען זײַן טרוים...

ער איז שטענדיק געווען אין פלוג, פארוואלגערט מיט ארבעט, מיט אָן א שיר דײַגעס. איין זאך אָנגעהויבן, האָט ער זיך גלײַך גענומען פאר א צווייטער, ניט פארווירקלעכט איין פארטראכט, ווי עס איז געקומען א נײַער. נאָר אז איר האָט אים א רוף געטאָן אין וועג, צו מענטשן, האָט ער געוואָרפן אלע ארבעטן, גענומען דאָס סאקוואַיאזשל, די העפטלעך — און איז שוין גרייט צו פאָרן.

מיר האָבן אים געשאנעוועט. די יאָרן גייען, און ווי דו זאָלסט זיך ניט סטארען, ווערן די קויכעס קלענער, דער קאָפּ גראָוער. ניט אומזיסט האָט געזאָגט יענער כאָכעם: „קיין זאך עלטערט ניט אזוי דעם מענטשן, ווי די יאָרן...” מיר האָבן זיך ניט צונויפגערעדט און שטילערהייט באשטימט, מע זאָל דעם מײַסטער ווייניקער אָפּרײַסן פון זײַן שרײַבטיש, ער דארף נאָך אזויפיל שאפן. עס ווארט אף אים א בארג מיט ארבעט... הײַנט זײַן פּלאן זיך באזעצן אף א לענגערער צײַט אין יארוגע און אָנשרײַבן א גרעסער ווערק.

ער איז געווען פארקנאָטן אזוי, אז ער זאָל לעבן א הונדערט יאָר... אזוי האָבן מיר געטראכט. ער איז שטענדיק געווען אונטערגעצויגן, ענערגיש, אין באוועגונג, און דאָס אלץ גיט צו לעבן. ער האָט ניט צוגעלאָזט צו זיך די עלטער, זי אָפּגעשטויסן פון זיך, געקאָנט זיך פרייען, אײַנליבן, געניסן פון שיינקײַט, פארליבט געווען אין דער נאטור, אין גאָטס וועלטל, אין מוזיק, קונסט... אלץ האָט צו אים געהאט א שײַכעס, און ער האָט געפּרוווט אָפּשטויסן פון זיך דאָס שלעכטע, וואָס ער האָט אָפטלעך ארום געזען: פאלשקײַט, פּראָסט, וואָס האָט גענומען אונטערהאקן דאָס לעבן, אומגערעכטיקײַט, וואָס האָט אלץ שטארקער אָנגעהויבן געוועלטיקן. נאָר דאָס אלץ, האָט ער געטראכט, וועט אָפּגעווישט ווערן, און אלץ וועט זײַן גוט. עס וועט זיגן דאָס לעבן, יוישער, עמעס...

און דאָס האָט אים געהאָלפן אין זײַן אָנגעשטרענגטער ארבעט און שאפן.

ער איז געווען אָן אויסנעמלעכער לּיריקער, א פילאָסאָף, א דענקער, נאָר דאָס האָט אים ניט געשטערט צו האלטן פונעם וויץ, פון א פריילעך שפּיצל. און דאָס געפיל פון הומאָר איז אים ניט געווען פרעמד. ער האָט זיך אף אײַך לאכלוטן ניט באלײדיקט, ווען מע פלעג א שפּאס טאָן איבער זײַנער א שוואכקײַט. נו, אינדערעמעסן, וואָס האָט עס אים געארט, אז מע האָט געלאכט, ווען ער האָט זיך אנומלט ארײַנגעזעצט מיט אונדז אין צוג און אינדערהיים פארגעסן מיטנעמען אין וועג דעם בילעט, דעם פאספּאָרט און דאָס בײַטעלע? נישקאָשע, ניט געדײַגעט! מע וועט ניט פארפאלן ווערן. אומעטום זײַנען דאָ גוטע מענטשן,

עכטע פּריַנט. נו, וואָס וועסטו מאכן, געשען אזא פאַל, דער דיכטער איז געשטאַנען א פּאָרטראַכטער אפן קרעשטשאַטיק בײַם א רעגן, געוואַרט אפן טראָלייבוס. ער איז צוגע־פאָרן און דאָוויד האָט אופגעהויבן דעם בליק. דערזען זיצן אין סאַלאָן מענטשן, ריידן צווישן זיך, האָט ער אראָפּגעוואָרפן די קאַלאָשן און אַרײַן אין סאַלאָן... יאָ, געווען. ניט געפערלעך, מע וועט יאַקאָס געפינען אנדערע קאַלאָשן. מע איז אמאָל געפאָרן קיין כאַרקאָוו אף א שרײַבער־פּלענום. עס איז געווען א מוירעדיקע היץ, א ספּעקע. איז ער אַרײַן אין א קלייט, געקויפט א שטרויענעם קאַפּעליוש. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל, האָט ער איבערגעלאָזט באַם גאַרדעראָבשטשיק דעם קאַפּעליוש. דעם צווייטן טאָג איז ער ארויס פון האָטעל, דערפילט א היץ, איז ער אַרײַן אין קראָם און ווידער געקויפט א שטרויענעם קאַ־פּעליוש און זיך דערפילט גאַנץ גוט, די זון האָט ניט געפּאַליעט. זיך אומגעקערט פונעם פּלענום אין האָטעל, האָט ער איבערגעלאָזט דעם קאַפּעליוש באַם שווייצאַר. און אזוי עט־לעכע מאָל נאָכאַנאַנד. ווען דער דיכטער האָט פאַרלאָזט דעם האָטעל און זיך אַרײַנגעזעצט אין טאַקסי, קעדיי פאָרן צום וואָקזאַל, איז ארויסגעלאָפן דער שווייצאַר און אים דערלאַנגט פינף קאַפּעליושן, וואָס ער האָט אין גאַרדעראָב איבערגעלאָזט פאַר אָט די טעג. אַלע האָבן געשמאַק געלאַכט, נאָר דאָוויד האָט דערפון ניט געמאַכט קיין ווען. עס טרעפט, מע איז פאַרטראַכט און מע פאַרגעסט עפּעס... ניט געפערלעך... אָן סאַקאָנעס, — שמייכלט ער שולדיק אונטער.

בײַזע צינגער שרײַבן אים צו נאָך קליינקײַטן, נאָר ער נעמט זיך דערפון ניט צום האַרצן. דאָס האָט אים ניט געקימערט. עס וועט איבערגיין, אז מע ווערט א ביסל עלטער מיט א מיטוואָך, טשעפּען זיך צו צו מענטשן אייניקע שוואכקײַטן...

ער האָט צו זיך ניט צוגעלאָזט די עלטער. באַ סאָלידע יאָרן נאָך אויסגעזען גאַנץ יונג, פריש און ענערגיש. אָבער די עלטער האָט אים גענומען אין געפענקעניש אין איינעם א שווערן זומער באַגינען, ריכטיקער, דעם 22 יון איין־און־פערציקסטן יאָר, ווען אף אונדזער שטאָט איז אָנגעפלויגן א מוירעדיקע טשאַטע דײַטשישע באָמבאַרדירער און די ערשטע באָמבעס האָבן איבערגעריסן די שטילקײַט אין שטאָט. דאָוויד, וואָס האָט די גאַנצע נאכט געאַרבעט, איז אין איין העמד ארויסגעלאָפן אין הויף, ווו עס זײַנען זיך שוין צונויפגע־לאָפן אַלע שכיינים, און עס האָט א גרילץ געטאָן דאָס שרעקלעכע וואָרט: מילכאָמע...

פאַר עטלעכע רעגעס איז דער מענטש גראָו און אַלט געוואָרן, צעבראָכן, דערשיטערט, פאַרומערט. און מיר האָבן אים ניט דערקענט.

אין א פּאָר טעג ארום האָבן מיר אים ארויסבאַגלייט צום איבערפּולטן מיט בעזשענ־צעס, עוואַקויִרטע צום וואָקזאַל. ער איז געשטאַנען צווישן גערדיכטן איבערגעשראָקענעם אוילעם מיט א טשעמאָדאַנדל אין האַנט, ווו עס זײַנען געלעגן עטלעכע מאַנוסקריפּטן, א פּאָר ביכער. אף די אויגן האָבן געגלאַנצט טרערן. ער האָט זיך געבעטן, מע זאָל אים שיקן אפן פראָנט, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן, צוזאַמען מיט א גרופּע עלטערע שרײַבער האָט מען אים ארויסבאַגלייט אין טיפן טיל. מע האָט אים אײַנגערעדט, אז דאָס איז אף א קורצער צײַט, אָט וועט מען צעשמעטערן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס, וועט ער זיך אומקערן אהיים.

נאָר דער דיכטער האָט זיך אומגעקערט אין דרײַ יאָר ארום. א צעבראָכענער און צע־לאָמעטער דערפון, וואָס ער האָט געטראָפן אין שטאָט, אין די פאַרניכטעטע ארומיקע שטעט־לעך. דעם באַבי יאַר...

ער האָט אויך געטראָפן א כורווע אפן געביט פון קולטור. נישטאָ קיין שולן, קיין טעאַ־טער, קיין קלוב, קיין פאַרלאַג, קיין צײַטונג, זשורנאַל... אַלץ ווערט אופגעשטעלט, נאָר דאָס ניט. געגאַן אין די הויכע אנשטאַלטן, פרעגן, ווען וועט זיך עפּעס דערפון אומקערן? מע האָט געקוקט אף אים מיט בײַזע אויגן: ווער דאַרף דאָס האָבן?.. צײַט זיך אסימילירן... גענוג זיך פאַרנעמען מיט נאַציאָנאַליזם.

ער איז געווען אָנמעכטיק זיך אקעגנשטעלן. ווער האָט באַשטימט מעקאַבער זײַן דאָס ייִדישע וואָרט? דאָס איז דאָך דער טויט־אורטייל פאַרן פאָלק... ווי קאָן אזוינס זײַן? ווי איז אזוינס מעגלעך? ער האָט פּראָטעסטירט, אָפּגעוואָרפן. נאָר די געזעצגעבער האָבן געקוקט

אף אים קרום. עס בענקט נאָך אים די טורמע־קאמער, האָבן זיי בא זיך באשטימט. און דער אלטער דיכטער איז אריַנגעפאלן אין שווארצן צעטל...

ער איז געווען דערשיטערט און צעבראָכן. דאָס הארץ האָט געוויינט אין אים, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אז דאָ האָט מען איַנגעזעצט א שריַבער און דאָרטן געמאָלדן א צווייטן פאר א „סוינע פון פאָלק". ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס עס קומט פאָר אין לאנד. אזויפיל פאלשקייט, אומגעזעצלעכקייט, אומרעכט. און מע קאָן זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן. ווו איז דער אויסוועג? וואָס וועט זיַן?

ער איז אָפטלעך ארומגעגאן און געשעפּטשעט א טפילע, ניט אנדערש, ווי דאָס איז געווען עפּעס א מין ייִזקער נאָך א פאָלק, נאָך א קולטור... עס האָט זיך ניט געשריבן. פאר וועמען? צוליב וואָס? און ווו וועסטו דאָס דרוקן? ארום איז טויהו־וואָוויהו... סיַדן זיך זעצן שיווע...

...די גאנצע נאכט האָט געבושעוועט דער ווינט. עפּעס א מוירעדיקע נאכט, ווי עס זאָל קומען עק וועלט. פון יענער זיַט פענצטער האָט ניט אופגעהערט טראכקען איבער דער קראָווליע אן אָפּגעריסענער שטיק בלעך. ניט געלאָזט איַנשלאָפן. איך האָב זיך אופגעהויבן פונעם געלעגער, זיך אָנגעטאָן און ארויסגעגאן אין הויף א קוק טאָן, וואָס הערט זיך אף גאָטס וועלט. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואלגערט צוויַגן, היליאקעס, וואָס דער ווינט האָט אראָפּגעשמיסן פון די ביימער. אינמיטן הויף איז געלעגן אן איבערגעקערטע אלטע אקאציע, אן ארויסגעריסענע מיטן וואָרצל. אונטער די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט טעלע־פאָן־דראָטן, גלאָז פון אויסגעשלאָגענע טאפליעס. ווי עפּעס נאָך א פּאָגראָם...

איך האָב זיך ארומגעקוקט. א מאָדנע קעלט האָט מיך ארומגעכאפּט. איך האָב אָפּגע־שטעלט דעם בליק אפן גרויסן פענצטער, וואָס אנטקעגן, אפן ערשטן שטאָק. עס איז געווען אויסגעלאָשן די שיַן. דאָרטן פלעג שוין אין דער ציַט ברענען דער גרינבלעכער אבאזשור, און באַם טיש, אָנגעבויגן איבער א מאנוסקריפּט, פלעג שוין זיצן האָפּשטיין אין זיַן וואָ־רעמען ווייכן כאלאט מיט דער יארמעלקע אפן הוילן קאָפּ.

איצט איז דאָרטן געווען פינצטער. דאָס איז געווען דאָווידס קאבינעט. אָן שיַן. דאָס פענצטער צעפּראלט. טויט.

דאָס הארץ האָט א טיאָכקע געטאָן. וואָס איז געשען? צי דען האָט דער מיַסטער היַנט פארשפּעטיקט צו זיַן שריַבטיש? אומגעוויינלעך! איך האָב געמאכט עטלעכע טריט און דערזען אין ווינקל, ווו עס שטעקט דער וואסער־קראַן, אונדזער אלטיטשקן מוסטאפא. ער האָט זיך דאָרטן געפּאָרעט בא דער גומענער קישקע, וואָס דאָוויד האָט אמאָל איַנגעע־האנדלט א מעציִע אפן טאָלטשאָק און זי געבראכט מוסטאפאן א מאטאָנע, ער זאָל קענען באשפּריצן דעם הויף און די בייטן.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט לעבן דוואָרניק, א רעגע באטראכט, ווי ער פּאָרעט זיך מיט דער קישקע, קען ניט איַנשליסן דעם קראַן.

יענער האָט אף מיר אופגעהויבן א פארצאָרנטן בליק, און איך האָב אין זיַנע אויסגע־צוויטעטע אויגן דערזען טרערן.

וואָס איז געשען? פארוואָס איז ער אזוי צעבראָכן? ער האָט אפילע ניט געענטפערט אף מיַן „גוט־מאָרגן".

ער האָט אָפּגעשליַדערט אין א זיַט די קישקע, זיך אופגעהויבן פון די קני און מיט מוירע זיך א רעגע ארומגעקוקט, האָט ער מיט זיַן פארטויכטער שטים זיך אָנגערופן, ווינ־קענדיק אפן אויסגעלאָשענעם פענצטער:

— אונדזער נאומאָוויטשן האָבן די היצעלעס נאָרוואָס אריַנגעשטויסן אין זייער „שווארצן וואָראָן" און אוועקגעפירט... נישטאָ שוין דאָוויד... א גאנצע נאכט האָבן זיי בא אים אין שטוב געמאכט א פּאָגראָם, איבערגעקערט די שטוב, און וואָס האָבן זיי דאָרט געזוכט? וואָס האָבן זיי באַם מענטשן געקאָנט געפינען כוץ ביכער, פּאַפּירן... א מעשוגענע וועלט געוואָרן... נישטאָ קיין עמעס, קיין געוויסן, קיין געזעץ... ווען איך האָב אים דערזען

בייס זיי האָבן אים אריַינגעשטויסן אין זייער שטיַיג, האָט זיך באַ מיר אָפּגעריסן דאָס האַרץ... אַזאַ מענטש, אַזאַ גרויסער קאָפּ... פאַרוואָס? עק וועלט... נישטאָ קיין עמעס, און גאָר...

מוסטאַפאַ האָט אַ פּיר געטאָן דעם בליק איבער די הויכע שטאָקן:

— איר ווייסט, עס וועט שוין באַלד ניט זיַין, ווען מען זיי זאָלן אריַינוואַרפן אין זייער שטיַיג... עס וועט דאָ שוין באַלד ניט בליַיבן קיין איין שריַיבער אויף דער פריַי... וואָס טוט זיך אויף דער וועלט?

מוסטאַפאַ האָט בייז אַ שפּיַי געגעבן, אַ מאַך געטאָן מיט דער שווערער האַנט און זיך מיַיעס אויסגעזידלט.

איך בין געשטאַנען אַ דערשיטערטער און ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט, ניט געקאָנט עפּעס איבערפרעגן. דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויינט. עס האָט זיך ניט געגלייבט, אַז אַזאַ אומגליק איז געשען. ניין, דאָס קער זיַין אַ שרעקלעכער כאָלעם, עפּעס אַ מיספאַר־שטייעניש... ער וועט זיך אומקערן... אַזאַ מענטש, אַזאַ גאָען...

דער ווינט האָט געוואָיעט, נאָך אַלץ ניט געקאָנט איַינגעשטילט ווערן. איך האָב אויפגעהויבן דעם פּיַיכטן בליק אויפן אויסגעלאָשענעם פענצטער. אונטער אים האָבן זיך געוואַל־גערט עטלעכע אַרויסגעשליַידערטע ביכער, פּאַפּירן. דער ווינט האָט אונטערגעכאַפּט עטלעכע ציַיטלעך און זיי אַ דריי געטאָן איבערן הויף.

איך האָב אויפגעהויבן אַן אויסגעריסן בלעטל פון אַ בוך און דורכגעלאָפן עטלעכע שורעס:

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער,
ווו קאָן מען זיַין עלנטער, ווו קאָן מען זיַין עלנטער...

איך האָב צונויפגעלייגט דאָס ציַיטל, עס באַהאַלטן אין קעשענע, צוגעגאַנגען צום אַלטן און אים אַ טאָרע געטאָן פאַרן אַקסל:

— מוסטאַפאַ, עפּשער האָט דאָוויד עפּעס געזאָגט, איבערגעגעבן?

יענער האָט זיך אַ בייזער געטאָן:

— וואָס רעדט איר! וואָס האָט ער געקאָנט זאָגן, וואָס האָט ער געקאָנט איבערגעבן?.. זיי האָבן אים געשלעפּט צו דעם „וואָראָן", צו זייער בודע... דאָס זיַינען דען מענטשן? וועלף... ערגער פון וועלף...

בּאָריס מאָגילנער

# אז ס׳גייען אויס די יאָרן

לידער־קראַנץ

## אופגעוואכט און דערפרישט

דו קלאַפּסט צו מיר אין טיר —
איך ווייס די סיבע,
כ׳בין אי צופרידן, אי צעמישט,
ס׳איז מײַן נעשאָמע אופגעוואכט און איז דערפרישט.
זי פאַרפלט זיך צווישן געפילן טריבע,
אין ווייטיק האָסטו זי פארדרייט,
ווי שניי דער ווינט
אין וויוגע און געוויטער,
ווײַזט אויס, אז כ׳בין שוין איצט ניט גרייט
צו אײַנגיין אף איר שפּעטן ציטער.

## אדהײַעם

דער וועג האָט מיט דערנער
די פיס מיר געבלוטיקט,
געשטאָכן מיט הערנער,
געמיימעסט מיך מוטיק.
נאָר איך בין געגאנגען —
געפּענטעט, געפאנגען:

געהיט די פארלאנגען,
געטרייסט די געזאנגען.
אדהײַעם דעם טרוים מײַנעם
כ׳קאָן ניט דערלאנגען —
מיראזשן געדיכטע
אים האָבן פארהאנגען.

## ס׳קאָן זײַן

כ׳וואָלט געקומען צו דיר מיט א ביטע,
כ׳וואָלט זיך ווענדן צו דיר נאָך אן אייצע,
נאָר פיל יאָרן צוריק איז דײַן מיטע
אנטרונען אין א פארפלייצונג,
ס׳קאָן זײַן, אז זי שווימט אויך נאָך איצטער

׳אָן זעגלען און אָן א רודער
אונטער רוישיקע הימלען צעבליצטע.
קיין פאריבל ניט האָב, מײַן ברודער,
עפשער לאנג שוין עס שטייט דײַן קייווער
אפן ברעג דאָרטן יאם לעיוועך?

# אליין

צי ס׳שווייַגט דער גייַסט, צי העל ער ברענט,
איך נעם דעם בלייַשטיפט אין די הענט,
און יעדן טאָג, פון אָנהייב אָן —
עס בלייַבט דען עפּעס אנדערס טאָן?
מייַן האָפענונגספולער זיפץ איז טיף,
אפסניי, פאראקשנט, ווי סיזיף,
כ׳שלעפּ בארג-ארויף דעם שווערן שטיין,
נאָר כ׳קאָן צום בארג-שפּיץ ניט דערגיין,
איך קאטשע אָפּ זיך אלעמאָל
אראָפּ איניינעם מיט מייַן אָל.
פאר אָט דעם שטיין, פאר אָט דעם כעט
בא קיינעם ניט קיין ראכמים כ׳בעט,
ווייַל אָט דעם אָל — ווייַל אָט דעם שטיין
אף זיך גענומען כ׳האָב אליין.

# א קאַלט פייַערל

באם פולסירנדיקן זייגער אינעם שויס
עס טוט א פייַערל א בליץ — שוין קארג און קאלט,
אף איין אויגנבליק דאָס פייַער זיך פארהאלט,
בלויז איין רעגע לייכט עס זיך
און לעשט זיך אויס.
איין ווייַל —
איין פייַערל דאָס צווייטע
גלייַך פארבייַט
און אומדערבארעמדיק פארלירט זיך
אין דער ווייַט:
שטרענג, ווי א הארץ,
עס קלאפּט און קלאפּט די צייַט.
ווען ס׳קומט די שאָ —
דאָס הארץ דאן שטעלט זיך אָפּ.
די צייַט אָבער פארהאלט ניט איר גאלאָפּ.

# אייביק זייַן

די זון פון אויבן קוקט אף מיר פארכאַלעמט,
זי וויל ניט אנערקענען בעשום-אויפן,
אז דאָ באם יאם איך שטיי אפסניי בעשאָלעם,
אז ניט געוואָרן כ׳בין פון אש קיין הויפן.

כאַטש ס׳האָבן מיך געמיימעסט אירע שטראלן,
און ס׳האָבן מיך באגאָסן מאבלען סינע,
און ניט איין מאָל אין וועג האלבטויט כ׳פלעג פאלן —
און ניט איין מאָל מיט בלוט כ׳האָב זיך פארכלינעט.

עפּשער טאקע איז דער יאם אומשטערבלעך,
די ערד וועט אייביק זייַן און אויך דער הימל.
פאר מיר אָבער די צייַט שוין זוכט צוויי שערבלעך
אף צודעקן די אויגן אַן געווימל.

## איצט ווייס איך

ווען כ׳זאָל ניט קומען צו דעם יאַם,
ניט שפּאַנען דאָ אויף זײַנע ברעגן,
ניט זען, ווי ס׳שאַפט דער זונען־פלאַם
אויף כוואַליעס גינגאָלדענע שטעגן,
וואָלט איך ניט קאָנען איצט פאַרשטיין
און קיינעם ניט געקאָנט דערקלערן,
אַז ווען עס בלײַבט דער מענטש אַליין,
אים דראָט מיטאַמאָל ניט ווערן.

איצט ווייס איך שוין, וואָס הייסט ניט זײַן,
אין גענעם כ׳בין געווען אין טריבן,
גלײַך ווי אין וואַסער כ׳וואָלט אַרײַן
און גאָרניט איז פון מיר פאַרבליבן.

כ׳האָב דאַן זיך פּײַן אַרײַנגעפּאַקט —
גיי ווייס, פאַרוואָס אַזאַ נעקאָמע.
די וועלט פון מיר עס האָט פאַרהאַקט
דער לאַגער, זײַנע טיפע טהאָמען.

צו וועמען אויסשטרעקן אַ האַנט
און ברודערשאַפט בא וועמען מאָנען?
בלויז שרײַען קאָנסטו צו דער וואַנט,
עס שווײַגן אַלע טעלעפאָנען.

נאָר האַלטן אינעם בוזעם כ׳פּלעג
פון גרויסער האָפענונג אַ הויפן,
אַז כ׳וועל מיט אַ לעוואָנע־שטעג
פון אָט דער איינזאַמקײַט אַנטלויפן.

## סטײַטש

סאָרען

ס׳גייט אויס צוביסלעכווײַז מײַן שטרענגער דאָר
פון אַלטע וווּנדן און פון צאָרעס זײַע.
פאַרוואָס אַזוי פּריצײַטיק איז מיר קלאָר:
עס בלײַבט פון ווייטיק כײַוועקײַעם שרײַען.

אַ ליבן פרײַנט כ׳באַגלייט אין לעצטן וועג,
באַרויִקט ליגט זי אין דער שוואַרצער מיטע.
ווי אומגעריכט אַראָפּ פון לעבנס־שטעג! —
ניט ווייניקער פון מיר זי האָט געליטן.

פון גרויען הימל שיט אַ ווייכער שניי,
ער לייגט זיך אויף איר פּאָנעם, נאָר ניט טײַעט.
קוים וואָס איך שטיק אין זיך דעם ווייגעשריי.
אָ, וויפל נאָך וועל איך זיך דאָ פאַרהײַען?

ס׳דערנעענט זיך געוויסנלאָז די שוועל,
וואָס איין מאָל אַף דער ערד מע טרעט אריבער,
און דורכגעפלויגן איז דאָס לעבן שנעל,
איין אויגנבליק — און אָפּענע די גריבער.

מיט גלייַכגילט צייַלט די צייַט די לעצטע טריט,
און נאָך א ביסל איז ניטאָ ווו לייַען...
א שניי פון אומעטיקן הימל שיט און שיט,
גלייַך אפן הארץ,
און וויל, נאָר קאָן ניט טייַען.

## ווי ווייַן

יאָ, ביסט, ווי ווייַן:
וואָס עלטער,
נאָך שטארקער און זיסער,
כ׳טרינק —
און איך ווייס ניט אליין,
אז פארשיקערט כ׳וועל זייַן.
טכילעס די יוגנט־געפילן מייַנע
געלאָשן האָסט, ווי א געוויסער,
אין פענצטערל אָוונטיקן איצטער —
די איינציקע שייַן.

## דאָס ערגסטע

זי גייט אוועק —
צעריסן ווערט דער בונד,
די לעצטע טריט אירע
אַף זייַנע טרעפּ
שווער אָטעמענדיק ציילט ער.
דאָס סאמע ערגסטע איז —
ניט שטארבן פון א ווונד,
נאָר לעבן
מיט א ווונד א ניט־פארהיילטער.

## אומבאגרייַפלעך

אייביק דאָס געפיל איז צו דער פרוי,
מיר גייען פּופּציק יאָר באנאנד בעשאָלעם.
ס׳איז אומבאגרייַפלעך...
כ׳האָב אצינד זי ליב אזוי,
ווי אין דער יוגנט
האָט זיך ניט געכאָלעמט.

ש. אנ־סקי

# פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג

(פראַגמענטן)

## דער ערשטער ניט־געלונגענער באָלשעוויסטישער אופשטאנד

מיר איז אויסגעקומען צו זײַן א נאָענטער אײדעס פון די וויכטיקסטע געשעענישן, וועלכע האָבן געבראכט צו דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאנד. די ערשטע פון די געשעענישן איז געווען דער ניט־געלונגענער אופשטאנד דעם 3—4 (16—17) יול 1917.

אין אָנפאנג פון דער ערשטער פעווראל־רעוואָליוציע, איבערהויפּט, זינט עס האָבן זיך אומגעקערט פון אויסלאנד לענין, טראָצקי מיט זייערע כאווירים, האָט זיך אנטוויקלט א גוואלדיקע באָלשעוויסטישע אגיטאציע, די ארמיי איז געווען פארפלייצט מיט באָלשעוויסטישע צײַטונגען, בראשורן און אגיטאציאָנס־בלעטלעך. אין פעטערבורג זײַנען טעגלעך פאַרגעקומען אין די פאבריקן, קאזארמעס און אונטערן פרײַען הימל צענדליקער מיטינגען, אויף וועלכע עס האָבן געדונערט פלאַמפּײַערדיקע רעדעס אנטקעגן קערענסקיס צײַטווײַליקער רעגירונג. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס די גאנצע איבעריקע סאָציאַליסטישע און, פארשטייט זיך, בורזשואזע פרעסע, ווי אויך קימאט די גאנצע אינטעליגענץ, האָבן זיך אופגעטראָגן מיט דער גרעסטער פאראכטונג צום באָלשעוויזם און שארף קריטיקירט אים, איז די צאָל פון זײַנע אָנהענגער אין דער ארמיי און צווישן די ארבעטער שטארק געוואקסן. אָנהייב יול האָבן זיך די באָלשעוויקעס שוין געפילט אזוי שטארק, אז זיי האָבן זיך אנטשיידט אויף אן אָפענעם אופשטאנד קעגן דער צײַטווײַליקער רעגירונג, מיט דעם ציל צו פארכאַפּן די מאכט און איבערגעבן זי דעם ארבעטער־ און סאָלדאטן־ראט. דער אופשטאנד האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, איבערהויפּט דערפאר, ווײַל אין ארבעטער־ און סאָלדאטן־ראט איז די מערהײַט געווען אן אנטיבאָלשעוויסטישע און האָט בעשום־אויפן ניט אײַנגעשטימט איבערצונעמען די מאכט.

דעם 2 (15) יול איז פאָרגעקומען א מיניסטאָרן־קריזיס. איבער דעם קאָנפליקט וועגן דער פרײַהײַט פון אוקראַינע האָבן אָנגעגעבן אין דעמיסיע אלע מיניסטאָרן פון דער קאדעטישער פארטיי. דער קריזיס האָט ארויסגערופן א גרויסע אופרעגונג אין פעטערבורג. אויף מאָרגן, דעם 3 (16) יול, האָבן זיך אין אָוונט מיטאמאָל אָנגעהויבן ארומטראָגן איבער די גאסן לאסט־אווטאָמאָבילן מיט באוואָפנטע ארבעטער און סאָלדאטן. פון די אווטאָמאָבילן האָבן אויף אלע זײַטן דראָענד ארויסגעקוקט קוילנווארפערס. באלד האָט זיך אָנגעהויבן הערן א שיסערײַ. עס איז געוואָרן א פאניק, א מעהומע. עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די טראמווײַען, פארשווונדן געוואָרן פון די גאסן די עקיפּאזשן. באלד האָבן זיך באוויזן באוואָפנטע אָפּטיילונגען פון מיליטער. זיי האָבן זיך ארײַנגעריסן אין אייניקע אנשטאלטן, ארעסטירט די

---

ש. אנ־סקי (שלמה־זנוויל ראפּאָפּאָרט). געזאמלטע שריפטן. עלפטער באנד. ווארשע, פארלאג „אנ־סקי", 1925.

באַאמטע. שפּעטער זיינען סאָלדאַטישע אָפּטיילונגען, צוזאַמען מיט באַוואָפנטע אַוועק צום טאַווּרישן פּאַלאַץ, וווּ עס איז פאָרגעקומען א פאַראייניקטע זיצונג פון די אויספיר־קאָמיטעטן פון די אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן צו באַטראַכטן דעם מיניסטאָרן־קריזיס. די באַוואָפנטע האָבן אַרומגערינגלט דעם פּאַלאַץ און געשיקט די ראַטן א פאָדערונג, זיי זאָלן איבערנעמען די גאַנצע מאַכט אין זייערע הענט.

קיינער האָט ניט געוווּסט אָף קלאָר, וואָס עס קומט פאָר. פאַר דער רעגירונג, ווי פאַר די אָנפירער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, איז דער אויפשטאַנד געווען אומגעריכט, ווי פאַר דעם פּובליקום. עס האָבן ניט אויפגעהערט צו קלינגען די טעלעפאָנען, מע האָט זיך געוואָרפן אין אַלערליי רעגירונגס־אַנשטאַלטן צו דערגיין, וואָס קומט פאָר, — אָבער קיינער האָט ניט געקאָנט געבן קיין גענויעם ענטפער. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט געדויערט די מעהומע און די שיסעריי.

אָף מאָרגן פרי איז געווען שטיל און רויִק, מע האָט גערעכנט, אַז אַלץ האָט זיך געענדיקט. אַרום צען אַזייגער האָבן זיך ווײַטער באַוויזן די באַוואָפנטע אויטאָמאָבילן און אָנגעהויבן האָט זיך א שיסעריי נאָך א שטאַרקערע, ווי פאָריקן אָוונט. ניט קוקנדיק אָף דעם שטרענגן פאַרבאָט פון באַוואָפנטע אויפשטענדלער, האָבן זיך אָנגעהויבן ציִען איבער די גאַסן דעמאָנסטראַציעס פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן און אַרבעטער מיט פּלאַקאַטן און אויפשריפטן: „נידער מיט די צען מיינסטאָרן־קאַפּיטאַליסטן!”, „די גאַנצע מאַכט צו די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן!”, „א קאָנטראָל איבער די לעבנס־מיטלען!” און אַזוי ווײַטער.

צו האַלבן טאָג זיינען אָנגעקומען פון קראָנשטאַדט מאַטראָסן מיט סאָלדאַטן, באַוואָפנטע, אויפגערעגטע, און זיינען אַוועק צום טאַווּרישן פּאַלאַץ.

די באָלשעוויסטישע אָנפירער, צו וועלכע מע האָט זיך געווענדט, האָבן געענטפערט, אַז זיי האָבן קיין שײַכות ניט צום אויפשטאַנד. אין דער זעלבער צײַט איז אַרום קשעשינסקאַיאַס פּאַלאַץ, וווּ עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פון די באָלשעוויקעס, געשטאַנען אַן אוילעם פון צען טויזנט מענטשן, א יאַם קעפּ, א וואַלד פון ביקסן און שפּיזן, און לענין האָט פון דעם גאַנעק אין א הייסער רעדע, אונטער שטורמישע אויסגעשרייען, גערופן אַלעמען פאַראייניקן זיך און אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזע רעגירונג.

איך בין אַוועק אין קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן, וועלכער האָט זיך געפונען אין פּאַלאַץ פון געוועזענעם גרויספירשט אַנדריי וולאַדימיראָוויטש, בא דער ניעווא. דאָרט האָט אויך געוווינט דער לידער פון די סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן וויקטאָר טשערנאָוו, אַגראַר־מיניסטער אין קערענסקיס קאַבינעט. אין קאָמיטעט האָב איך געטראָפן א שרעקלעכע צעטומלונג. מע האָט מיר מיטגעטיילט, אַז עס קומט פאָר א פאָרמעלער באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד; אַז באַוואָפנטע מאַטראָסן און אַרבעטער האָבן אַרומגערינגלט דעם טאַווּרישן פּאַלאַץ, וווּ עס קומען פאָר די זיצונגען פונעם אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט, און וווּ עס געפינען זיך איצט קימאַט אַלע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, אויך טשערנאָוו צווישן זיי. טשערנאָוו האָט טעלעפאָנירט, אַז די לאַגע איז זייער ערנסט. די האַלטונג פון די מאַטראָסן איז א דראָענדע. יעדע מינוט קאָנען זיי זיך אַרײַנרײַסן אין פּאַלאַץ און אַלעמען אַרעסטירן. ער האָט געפאָדערט, מע זאָל וואָס גיכער ברענגען צום טאַווּרישן פּאַלאַץ זיכערע מיליטער־אָפּטיילונגען. אויך האָט ער געבעטן, מע זאָל פון קאָמיטעט קומען אַהין.

עטלעכע אָנגעזעענע אַגיטאַטאָרן זיינען אַוועק איבער די קאַזאַרמעס, נאָר זיי האָבן קיין דערפאָלג ניט געהאַט. די סאָלדאַטן פון פּעטערבורגער גאַרניזאָן זיינען מערסטנטייל געווען פאַר די באָלשעוויקעס. אפילו די, וואָס זיינען ניט געווען אײַנשטימיק מיט זיי, האָבן אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין שום ווילן אַרויסצוטרעטן קעגן די מאַטראָסן. אָפּגערופן, אַז דאָס זיך שפּעטער, האָבן זיך נאָר קאָזאַקן, און, דוכט זיך, איין מיליטערישער פּאָלק.

איך מיט נאָך צוויי מיטגלידער פון פּעטערבורגער קאָמיטעט זיינען אַוועק צום טאַווּרישן פּאַלאַץ. דאָס איז געווען זייער ווײַט. איבער דער שיסעניש האָט מען ניט געטראָפן קיין עקיפּאַזש. די, וואָס האָבן זיך אונדז באַגעגנט, האָבן ניט געוואָלט פאָרן צום טאַווּרישן פּאַלאַץ.

— דאָס לעבן איז אונדז טײַערער, — האָבן זיי געענטפערט.

ענדלעך האָט איינער אײַנגעשטימט צו פאָרן פאַר פינף און צוואַנציק רובל (דעמלט אַן אומגעהערטע פּרײַז), דעם גאַנצן וועג האָט ער געציילעמט דאָס פערד, ס'זאָל אים ניט טרעפן קיין קויל.

— פאַרוואָס ציילעמסטו זיך ניט? א קויל קאָן דאָך דיך אויך טרעפן, — האָב איך אים געפרעגט.

— איך האָב קיין מוירע ניט, איך בין געווען אַף דער מילכאָמע, — האָט ער מיר געענטפערט.

דער טאַווריִשער פּאַלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע מאַטראָסן און אַרבעטער. אין הויף, אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג, איז געשטאַנען אַ האַרמאַט. אין אַלע ווינקלען זײַנען געשטאַנען קוילנוואַרפערס. אין צוויי־דרײַ ערטער האָבן געהאַלטן אַגיטאַציע־רעדעס באָלשעוויקעס. די שטימונג איז געווען זייער אָן אָנגעשטרענגטע.

מיר זײַנען אַרײַן אין פּאַלאַץ (אַרײַנגעלאָזט האָט מען אַהין אַלעמען, נאָר קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט). אין גרויסן זיצונגס־זאַל האָט זיך געפונען דער גאַנצער אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט, מיט דעם פאָרזיצנדן טשכעידזע בעראָש. פון די מיניסטאָרן־סאָציאַליסטן האָבן זיך דאָרט געפונען טשערנאָוו, צערעטעלי, סקאָבעליעוו און, דוכט זיך, אַוקסענטיעוו. פון די סאָציאַליסטישע אָנפירער — מאַרטאָוו, דאַן, ליבער, גאָץ. דאָ האָבן זיך אויך געפונען די באָלשעוויסטישע פירער טראָצקי און אַנדערע. עס איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון ראַט וועגן דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן. עס זײַנען אַרויסגעטראָטן אָנגעקומענע פון שטאָט מיטגלידער פון ראַט מיט באַריכטן וועגן דער שטימונג אין די קאַזאַרמעס און אַף די פאַבריקן. די באַריכטן זײַנען מערסטנטייל געווען אָפּטימיסטישע, נאָר זיי האָבן קיינעם ניט באַרויִקט. די מיניסטאָרן און פאַרטיי־אָנפירער האָבן זיך געפונען אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט. די מאַטראָסן האָבן ווידער געשיקט דעם ראַט אַן אולטימאַטיווע פאָדערונג, ער זאָל גלײַך איבערנעמען די מאַכט און פראָקלאַמירן זיך ווי אַ רעגירונג. דער ראַט האָט אָפּגעוואָרפן די פאָדערונג, און קיינער האָט ניט געוווסט, ווי די מאַטראָסן וועלן אַף אים רעאַגירן.

עס זײַנען אַרײַן עטלעכע אַרבעטער און געבעטן טשערנאָוון אַרויסגיין און ווענדן זיך צו די מאַטראָסן מיט אַ רעדע, באַרויִקן זיי. טשערנאָווס פרײַנט האָבן כוישעד געווען, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע. פונדעסטוועגן איז ער אַרויסגעגאַנגען. איך האָב אים באַגלייט. טשערנאָוו האָט זיך אַרופגעקליבן אַף אַ טומבע בײַ די ברייטע גאַנעק־טרעפּ און גענומען ריידן. זײַן רעדע איז געווען ניט קיין מוטיקע און ניט קיין געלונגענע. ער האָט געוואָלט אָפּשטעלן זיך אַף די קאַדעטן, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן פון מיניסטעריום, און האָט געשאָטן אַף זיי פּעך און שוועבל, נאָר דאָס האָט אַף די מאַטראָסן קיין אײַנדרוק ניט געמאַכט. זיי האָבן אים צוגעהערט אָן צוטרוי, פאַרדעכטיק, און באַלד גענומען איבעררײַסן מיט פײַנטלעכע אויסגעשרייען: „באַזוכט אים! ער מוז האָבן בײַ זיך געווער!" — האָט אויסגעשריִען אופגערעגט אַ מאַטראָס. איינער פון די אַגיטאַטאָרן האָט אים אַ וואָרף געטאָן די פראַגע: „פאַרוואָס זשע זענט איר פאַרבליבן אין מיניסטעריום מיט די קאַדעטן?" — „ווײַל דער אַרבעטער־ראַט האָט מיך אַהין געשיקט", — האָט אָפּגעענטפערט טשערנאָוו. ענדלעך האָט ער געמוזט אונטערן ליאַרעם פון די מאַטראָסן איבעררײַסן זײַן רעדע. גלײַך נאָך אים איז אַף דער טומבע אַרופגעשפרונגען טראָצקי און אָנגעהויבן וואַרפן די שווערסטע באַשולדיקונגען קעגן דער צײַטווײַליקער רעגירונג און קעגן טשערנאָוון ביפראַט.

איך בין געשטאַנען בײַ דער טומבע, פונוואַנען טראָצקי האָט גערעדט. מיטאַמאָל דערהער איך הינטער זיך אַ ראַש. איך קוק זיך אום — צוויי שרעקלעך אופגערעגטע מאַטראָסן שלעפּן פאַר די הענט טשערנאָוון. דאָס העמד אַף דער ברוסט איז בײַ אים צעריסן. ער איז בלייך ווי קאַלך, קוקט זיך אום מיט אַ מעטושטעשן בליק, ווי ער וואָלט זוכן הילף. איך האָב אָנגעכאַפּט איינעם פון די מאַטראָסן בײַ דער האַנט און געפאָדערט, ער זאָל פרײַ לאָזן טשערנאָוון. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט הינטער מיר אַ מאַטראָס אָנגעכאַפּט מיך פאַרן קאַרק, אָפּגעשלעפּט אָן אַ זײַט און אויסגעשריִען:

— ווער ביסטו? אויך אַ מיניסטער? אַ בורזשוי?

איך האָב אים באַוויזן מײַן לעגיטימאַציע. ער האָט לאַנג, ניט אָפּלאָזנדיק מײַן קאָלנער, געקוקט אין פּאַפּיר און אָפּגעלאָזט מיך. דערווײַל האָט מען טשערנאָוון אָפּגעפירט אינמיטן הויף און אַרײַנגעזעצט אין אַן אַוטאָמאָביל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען. איך בין אַוועק אין פּאַלאַץ אָנזאָגן, אַז טשערנאָוו איז אַרעסטירט. אין טיר האָב איך זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט ריאַזאַנאָוון, סטעקלאָוון און ספּירידאָנאָווען. זיי זײַנען געווען צעדרודערט, דערשראָקן. ריאַזאַנאָוו האָט אופגערעגט אויסגעשריִען צו מיר:

— טשערנאָוון אַרעסטירט? וואָס פאַר אַ נעווייִלע!

און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַוטאָמאָביל. באַלד איז פאַרבײַ מיר דורכגעלאָפן אַהין טראָצקי, אויך אַ צעדרודערטער. אין אַ רעגע אַרום האָט זיך דערהערט זײַן אויסגעשריי:

— מאַטראָסן! שיינהייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע! זײַט איר דען געקומען אַהער צו באַגיין גוואַלדטאַטן? איך בין זיכער, אַז איר זײַט ניט פּעיִק אַף דעם! (קולעס: „ניין!

ניין!") האָט איר צוטרוי צו מיר? (קוילעס: „יאָ!") אויב אַזוי, פֿאָדער איך, אַז איר זאָלט מיר אַרויסגעבן דעם פֿאַרשטייער פֿון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן! איך נעם אים אױף מײַן פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט.

און גלײַך איז ער צוגעגאַנגען צום אויטאָמאָביל, אָנגענומען טשערנאָוון פֿאַר דער האַנט און אַ ביסל טעאַטראַליש געזאָגט: „כאַווער טשערנאָוו, איר זײַט פֿרײַ!", דורכגעפֿירט אים דורך די מאַטראָסן און אָפּגעפֿירט אין פּאַלאַץ.

אױף דעם זעלבן אויפֿן ווי טשערנאָוון האָט מען געוואָלט אַרויסרופֿן און אַרעסטירן צע־רעטעלין. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פֿאַבריקע נאַכט איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו אַרעסטירן קערענסקין אין פּאַלאַץ.

נאָך דעם אינצידענט מיט טשערנאָוון איז די שטימונג געוואָרן נאָך מער אָנגעשטרענגט. טשערנאָוו און סקאָבעליעוו, איבערגעקליידט ווי אַרבעטער, האָבן זיך דורך הינטערטירן און דורכן גאָרטן אַרויסגעגאַנווערט פֿון פּאַלאַץ. בלויז צום אָוונט איז אָנגעקומען אַ מיליטערישע אָפּטיילונג (דוכט זיך, דער סעמיאָנאָווער פּאָלק) און אַן עסקאַדראָן קאָזאַקן און מיט איין זאַלפּ אינדערלויפֿטן אָפּגערייניקט דעם הויף. נאָר אין די גאַסן זײַנען נאָך ביז שפּעט אין דער נאַכט געווען צוזאַמענשטויסן. עס זײַנען געווען פּופֿצן געהאַרגעטע און איבער זעכציק פֿאַרוווּנדעטע.

אַז איך בין געגאַנגען פֿון פּאַלאַץ אַרום אַכט אין אָוונט, האָט זיך געהערט אַרום אַ שיסערײַ און איך האָב באַגעגנט צוויי מאַטראָסן, וועלכע האָבן געפֿירט אַ בלייכן אױף טויט דערשראָקענעם קאָזאַק, צושטעלנדיק אים אַלע ווײַלע אַ רעוואָלווער צו דער ברוסט.

באַלד נאָך טשערנאָווס באַפֿרײַען האָט מיר איינער פֿונעם עסערישן קאָמיטעט מיטגע־טיילט בעסאָד, אַז עס זײַנען שוין דאָ דאָקומענטן, וואָס באַשטעטיקן, אַז לענין, טראָצקי און אַנדערע באָלשעוויקעס האָבן באַקומען פֿון דער דײַטשישער רעגירונג 1,5 מיליאָן (שפּעטער האָט מען גערעדט וועגן זעקס מיליאָן).

אױף מאָרגן האָט מען אַרעסטירט טראָצקין און נאָך עטלעכע באָלשעוויסטישע פֿירער (לענין האָט זיך באַהאַלטן). דער יוסטיץ־מיניסטער פּערעווערזעוו האָט פֿאַרפֿירט קעגן זיי אַ פּראָצעס איבער פֿאַראַט און צוגרייטן אַן אופֿשטאַנד. די דאָקומענטן, וועלכע זײַנען געווען פֿאַרעפֿנטלעכט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן טײלווײַז ניט־וויכטיקע, טײלווײַז גראָב־פֿאַלסיפֿיציר־טע. אַזוי ווי פּערעווערזעוו האָט זיי פֿאַרעפֿנטלעכט אָן דער האַסקאָמע פֿון מיניסטאָרן־ראַט, האָט ער געמוזט אָנגעבן אין דעמיסיע.

## קערענסקיס אָפּענזיווע

דער ניט־געלונגענער באָלשעוויסטישער אופֿשטאַנד פֿון 5—6 יול האָט אַרויסגעפֿירט די צײַטווײַליקע רעגירונג פֿון איר לעטאַרגישן צושטאַנד, און זי האָט אָנגעהויבן אַרויסצווײַזן סימאָנים פֿון ענערגיע. עס זײַנען געווען אַרעסטירט די אָנגעזעענסטע באָלשעוויסטישע פֿי־רער, כוץ לענינען, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן, ווי מע האָט געזאָגט, אױף דער קרייסער־שיף „אַוואָראַ"[1]. עס זײַנען געווען פֿאַרמאַכט אַלע באָלשעוויסטישע צײַטונגען, אָפּגערייניקט זייערע קלובן און פֿאַרווערט זייערע מיטינגען. און גלײַך איז אין פּעטערבורג געוואָרן גאָר אַן אַנדער שטימונג. אין די פֿאַבריקן און זאַוואָדן האָט מען אָנגעהויבן פֿאַרפֿאָלגן די באָל־שעוויקעס, אָפּטמאָל אַפֿילע שלאָגן זיי. אױף די גאַסן־מיטינגען איז געווען געפֿערלעך אויס־צודריקן סימפּאַטיע צום באָלשעוויזם. די בירגערלעכע צײַטונגען האָבן געפֿאָדערט, מע זאָל אויקער מין האַשוירעש זײַן דעם באָלשעוויזם. איבערהויפּט האָבן וועגן דעם געשריבן פֿײַער־דיקע אַרטיקלען די זשורנאַליסטן דאַן, זאַסלאַווסקי (האָמאָנקולוס) און אײַזמאַן. דער לעצטער האָט איין אַרטיקל אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „טרעט אָן מיטן אָפּצאַס אױפֿן פֿאַרכוואַטן לײַזיקן קאָפּ פֿון באָלשעוויזם!" די ערשטע צײַט האָט זיך געדוכט, אַז דער באָלשעוויזם האָט זיך אַזוי שטאַרק קאָמפּראָמעטירט מיט זײַן אַרויסטריט, אַז ער איז אינגאַנצן אַראָפּ פֿון דער סצענע.

---

[1] עס איז געווען פֿאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז לענין האָט די גאַנצע צײַט זיך באַהאַלטן אין ווינטער־פּאַלאַץ בא... קערענסקין, וועלכער האָט ריטעריש אים ניט אַרויסגעגעבן. שפּעטער, נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווען קערענסקי איז אַנטלאָפֿן, האָט מען אין פּאָלק גערעדט, אַז ער זיצט באַהאַלטן בא לענינען!

די רעגירונג האָט אין דער צייַט באשטימט אָנצוהייבן אַן אָפענזיווע אפן פראָנט. כוץ דעם, וואָס די פארבינדעטע מעלוכעס האָבן ניט אופגעהערט ענערגיש צו פאָדערן אַן ארויס־טריט פון דער רוסישער ארמיי, האָט מען געהאָפט דערמיט צו שאפן א פאטריאָטישע שטי־מונג אין לאנד. נאָר דאָ איז ארויסגעטראָטן די „סטאווקע” מיט אירע פאָדערונגען. דער העכסטער הויפט־קאָמאנדיר, געני. קאָרנילאָוו האָט זיך אין א שארפן טאָן געווענדט צו דער רעגירונג מיט דער פאָדערונג צוריק אייַנצופירן אפן פראָנט טויט־שטראָף פאר מיליטערישע פארברעכנס. די פאָדערונג האָבן אונטערגעהאלטן עטלעכע מיליטער־קאָמיסארן און איבער־הויפט דער באוווסטער אָנפירער פון דער אמאָליקער עסערישער קאמפס־אָרגאניזאציע וו. סאווינקאָוו, וועלכער האָט געשילדערט א שוידערהאפט בילד פון דער דעמאָראליזאציע, וואָס הערשט אין דער ארמיי. די רעגירונג האָט אייַנגעווויליקט אף דער פאָדערונג. שפעטער האָט קערענסקי פארזיכערט, אז טראָץ דעם אייַנפירן טויט־שטראָף, איז קיין איין טויט־עקזע־קוציע ניט אויסגעפירט געוואָרן אפן פראָנט. נאָר דער אקט פון דער רעגירונג האָט געגעבן אירע קעגנער א שארף אגיטאציע־געווער קעגן קערענסקין.

אין יענער צייַט האָט קערענסקי ארויסגעוויזן אן איבערמענטשלעכע ענערגיע. ער האָט זיך ארומגעטראָגן איבער אלע פראָנטן, אָרגאניזירט די אָפענזיווע, געהאלטן פייַערדיקע רעדעס, אופגעמונטערט בא די סאָלדאטן א קאמף־היסלייַוועס. וואָס פאר א גרויסע באדייַ־טונג קערענסקי האָט צוגעגעבן דער אָפענזיווע, קאָן מען זען פון פאָלגנדיקן פאקט: לויט דער באקאָשע פון דעם גרינדער פון מאָסקווער קינסטלערישן טעאטער ק. סטאניסלאווסקי, האָב איך זיך געווענדט צו קערענסקין מיט דער באקאָשע צו באפרייַען פון מיליטער־דינסט אייניקע פון די אָנגעזעענסטע ארטיסטן פון דעם טעאטער, ווי קאטשאלאָוו און אנדערע, אָן וועמען דער טעאטער וואָלט זיך געמוזט פארמאכן. קערענסקי האָט אף מייַן באקאָשע געענטפערט בוכשטעבלעך מיט די ווערטער:

— איך פארזיכער אייַך, אז די ארטיסטן וועט אלציינס ניט אויסקומען צו גיין אפן פראָנט. די טעג הייבן מיר אָן אן אלגעמיינע אָפענזיווע, וועלכע איז אזוי צוגעגרייט, אז זי מוז זיך אייַנגעבן, און דעמלט וועט אין עטלעכע וואָכן זיך ענדיקן די מילכאָמע. דער שאָלעם איז איצט זייער נאָענט. דאָס איז א פראגע ניט פון כאדאָשים, נאָר פון וואָכן.

דעם 18 יול האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף אף דעם גאליציאנער און צאָפן־מייַרעוו־פראָנטן. די רוסישע ארמיי האָט אָפגעהאלטן א גלענצנדיקן ניצאָכן. פארנומען אין גאליציע א גאנצע זיי שטעט און שטעטלעך (קאלישץ און אנדערע) און אפן צאָפן־פראָנט דערנעענ־טערט זיך צו ווילנע. דאָס האָט ארויסגערופן אין פעטערבורג אן ענטוזיאזם: עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאטריאָטישע דעמאָנסטראציעס, פראָצעסיעס, גאָטסדינסטן. גלייַכצייַטיק מיט דעם האָט גענומען וואקסן אן אנטיסעמיטישע שטימונג און עס האָבן זיך גענומען הערן אופרופן צו פאָגראָמען.

קערענסקי האָט דאַן דערגרייכט די העכסטע שטופע פון פאָפולערקייַט. די אינטעלי־גענץ און א טייל פון פאָלק האָבן אים פארגעטערט אלס דעם העלדישן רעטער פון רוסלאנד.

די געהויבענע שטימונג האָט אָבער ניט לאנג געדויערט. אויב קערענסקין האָט זיך מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אלע קויכעס אייַנגעגעבן אָנצוהייבן די אָפענזיווע און געבן דעם פייַנט דעם ערשטן קלאפ, האָט אָבער ניט געקלעקט קיין קאמפס־ענערגיע אף פאָרצוזעצן דעם אָנגריף ביז אן ענדגילטיקן רעזולטאט. פיל מיליטער־אָפטיילונגען האָבן זיך אָפגעזאָגט צו גיין אין שלאכט. אנדערע האָבן פארלאָזט די פאָזיציעס און געעפנט דעם פראָנט. פארן ארויסטרעטן אין שלאכט האָט מען אף מיטינגען גאנצע טעג דעבאטירט די פראגע, צי מע דארף ארויסטרעטן. בעקיצער, עס האָט זיך ארויסגעוויזן די גאנצע דעמאָ־ראליזאציע, וועלכע האָט זיך טיף אייַנגעוואָרצלט אין דער ארמיי. דער קעגנער האָט עס באלד אויסגענוצט און מיט א מעכטיקן קאָנטער־אָנגריף האָט ער אָפגעוואָרפן דאָס רוסישע כאיל, ארויסגעיאָגט פון די פארנומענע ערטער און אָנגעהויבן יאָגן ווייַטער. אין דער ארמיי האָט אויסגעבראָכן א שרעקלעכע פאניק. דער ריקצוג איז פאָרגעקומען אין דער העכסטער אומאָרדענונג, באגלייט מיט די שוידערהאפטסטע פאָגראָמען אף יידן אין די שטעט, פונוואַ־נען מע איז אָפגעטראָטן (קאלישץ, טערנאָפאָל און פיל אנדערע).

דע קאטאסטראָפע האָט ארויסגערופן א שטימונג פון פארצווייפלונג. קערענסקיס פאָ־פולערקייַט האָט באקומען א טויט־קלאפ. איצט איז מען אף אים פון אלע זייַטן אָנגעפאלן: ער האָט דאָך געדארפט וויסן די שטימונג אין דער ארמיי און ניט געטאָרט אָנהייבן די אָפענזיווע. זייַן לייַכטזיניקע אוואנטיור האָט געבראכט דערצו, אז כוץ די טויזנטער קאָר־באָנעס, וואָס זייַנען אומגעקומען אפן פראָנט, האָבן די דייַטשן באקומען די מעגלעכקייַט

אָנצוהייבן אַן אָנגריף. אין דער צײַט, ווען פריִער האָבן זיי ניט געוואַגט ארויסצוטרעטן קעגן דעם באַניײַטן רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד.

די געשעענישן אפן פראָנט האָבן געשאפן אין פעטערבורג אַן אפאטישע שטימונג. אין „סטאַווקע", בא די העכערע מיליטערלײַט, ווי אויך בא דער אינטעליגענץ און דער בורזשואַזיע, האָט זיך געשטארקט די רעאַקציאָנערע שטימונג. מע האָט געדורשט נאָך א שטארקער מאַכט, א דיקטאַטאָר, און אין דער זעלבער צײַט איז אין דער ארמיי און אין די ארבעטערשיכטן געוואַקסן דער באָלשעוויזם, ווען אפילע פארבאָרגן.

די רעאַקציאָנערע געפאר האָט זיך געשטארקט פון טאָג צו טאָג. אין דער לופט האָט זיך געפילט א פארשווערונג, א גרייטונג צו אַן איבערקערעניש. דאָס האָט ארויסגערופן א שטארקן אומרו ניט נאָר בא די באָלשעוויקעס, נאָר אויך בא די אנדערע סאָציאַליסטישע פארטייען. טשערנאָוו, וועלכער האָט בא יענער שטימונג געמוזט אָנגעבן אין דעמיסיע, האָט מיר איינמאָל מיט פארצווייפלונג געזאָגט:

— איבער אונדז הענגט א שרעקלעכע געפאר. א ליאַדע גענעראַל מיט צוויי פאָלקן סאָלדאטן קאָן גרינג פארכאַפּן די מאַכט און רעסטאַווריִרן די אַלטע אָרדענונג. איך בין זיכער, אַז די „סטאַווקע" גרייט אונדז צו אַזאַ סיורפּריז.

און ער האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. אין דער „סטאַווקע", ווו עס האָט פאַקטיש געהערשט דער צארישער גענעראַל אַלעקסייעוו, האָט זיך געגרייט אַן איבערקערעניש, נאָר צופעליק איז זי באַציַיטנס אנטדעקט געוואָרן.

## מײַן באגעגעניש מיט קאַמעניעוון

### א

אָנהייב אָקטיאַבער 1917 בין איך אָפּגעפאָרן פון פעטערבורג קיין מאָהיליאָוו, ווו עס איז געווען ארויסגעשטעלט מײַן קאנדידאַטור אין דער גרינדונגס־פארזאַמלונג. אַלס מיטגליד פון דער אומפּארטייִשער שטאָט־דומע און פון דעם נאָרוואָס צוניפגערופענעם פאָר־פארלאַמענט, האָב איך ניט געקאָנט פארבלײַבן א לענגערע צײַט אין מאָהיליאָוו און האָב אין א טאָג צען ארום זיך אומגעקערט צוריק. געקומען בין איך קיין פעטערבורג דעם 25־טן אָקטיאַבער, אַקוראַט אין דעם טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש.

איך בין געקומען באַטאָג אפן צארסקאָסעלסקער וואָקזאַל. די ערשטע נײַס, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט, איז געווען, אַז עס זײַנען ניטאָ קיין דראָזשקעס. פארוואָס? ווײַל מע שיסט אין די גאַסן. ווער שיסט? די באָלשעוויקעס.

איך בין אוועק אין שטאָט־דומע, האָפנדיק דאָרט צו דערוויסן זיך, וואָס עס קומט פאָר. אף די גאַסן, און איבערהויפּט אף ניעווסקי פּראָספּעקט, האָב איך באַגעגנט מאַסן אווטאָמאָבילן, אָנגעפילטע מיט מאַטראָסן, סאָלדאטן און ציווילע, באַוואָפנטע מיט ביקסן און פּולעמיאָטן. די אווטאָמאָבילן האָבן זיך געטראָגן מיט א גרויסער שנעלקייט, אָנווארפנדיק א פּאַכעד אף די דורכגייער.

אין שטאָט־דומע האָב איך געטראָפן די מיטגלידער אין פולן קאָמפּלעקט. אין גרויסן זאַל איז פאָרגעקומען א זיצונג, נאָר דער גרעסטער טייל ראַטמענער האָט ארומגעבלאָנדזשעט איבער די זײַטיקע זאַלן, צערודערט און מעטושטעש. קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט:

— מע זאָגט, אַז די באָלשעוויקעס, ניט דערוואַרטנדיק זיך ביז עס וועט זיך עפענען דער צוזאַמענפאָר פון די ראַטן, זײַנען ארויסגעטראָטן און ווילן פארכאַפּן די מאַכט.

וויאַזוי זיי זײַנען ארויסגעטראָטן און וואָסערע מיטלען עס האָט אָנגענומען די רעגירונג, קעדיי צו פארטיידיקן זיך, — האָט קיינער ניט געוווּסט.

מע האָט מיר דערציילט, אַז מיט א טאָג פריִער האָבן די באָלשעוויקעס פאַנאַנדערגעטריבן דעם פאָר־פארלאַמענט. ווי נאָר מע האָט אָנגעזאָגט, אַז מאַטראָסן האָבן ארומגערינגלט די געבײַדע פון פאָר־פארלאַמענט, זײַנען זיך די מיטגלידער פון דאָרט שנעל פאַנאַנדערגעגאַנגען, קימאַט צעלאָפן. געבליבן איז אין זאַל בלויז דער פאָרזיצנדער, אווקסענטיעוו, מיט

א קלײן הײַפֿל דעפּוטאטן, װאָס זײַנען אויך אָן א שום װידערשטאנד אװעקגעגאנגען, װי נאָר די מאטראָסן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין זאַל.

אין דומע איז אנטשטאַנען א שטארקער גערודער. אַלע װײַלע פֿלעגן קומען ראטמענער אָדער פּריװאטע מענטשן און ברענגען פֿון שטאָט נײַס: די באָלשעװיקעס האָבן ארומגערינגלט דעם װינטער־פּאַלאץ, װוּ עס געפֿינען זיך אַלע מיניסטאָרן. דאָרט קומט פֿאָר א שלאַכט. באַלד האָט זיך באקומען די ידיעה, אז קערענסקין איז געלונגען אָפּ אן אװטאָמאָביל ארויסצוכאַפּן זיך פֿון שטאָט און ער איז אָפּגעפֿאָרן ברענגען טרײַ מיליטער. פֿון דעם מאָמענט אָן זײַנען אַלע האָפֿענונגען געװען קאָנצענטרירט אָף קערענסקין.

פֿון די באָלשעװיסטישע ראטמענער איז אין דומע קײנער ניט געװען. רױקער פֿאַר אַלעמען האָבן זיך געהאַלטן די קאַדעטן. אין זײערע רעדעס האָט זיך געפֿילט א נעקאָמעשטימונג בענעגײע די סאָציאַליסטן: „אהא! איר האָט געהאָלפֿן אונטערדריקן קאָרנילאָװן. איצט געניסט פֿון אײַער ארבעט! רעכט אָף אײַך!“

די הויפּט־פֿראַגע איז געװען װעגן פּעטערבורגער גארניזאָן. אז ער איז געשטימט באָלשעװיסטיש — דאָס האָט מען געװוּסט. דאָך האָבן פֿאָרשטײער פֿון די סאָציאַליסטישע פֿאַרטײען פֿארזיכערט, אז אין אים זײַנען דאָ טײלן, װעלכע זײַנען פֿאַר דער רעגירונג, אז אײניקע פּאָלקן זײַנען געשטימט אנטיבאָלשעװיסטיש, געפֿינען זיך אונטערן אײַנפֿלוס פֿון די עסערן און זײַנען גרײט ארויסצוטרעטן קעגן די באָלשעװיקעס.

באַלד איז די לאַגע קלאָר געװאָרן. האָפֿן אָף אן ארויסטריט קעגן די באָלשעװיקעס האָט מען ניט געקאָנט. עמעס, אײן פּאָלק אָדער צװײ זײַנען ארויסגעטראָטן פֿון די קאַזארמעס און אװעק צום װינטער־פּאַלאץ פֿאַרטײדיקן די רעגירונג, נאָר אָפֿן װעג זײַנען זײ אָפּגעשטעלט געװאָרן דורך באָלשעװיסטישע אגיטאטאָרן, װעלכע האָבן געהאַלטן פֿײַערדיקע רעדעס. די שטימונג צװישן די סאָלדאטן האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. א טײל האָט זיך אומגעקערט צוריק אין די קאַזארמעס און אײניקע אָפּטײלונגען זײַנען אװעק צו די באָלשעװיקעס. דאָס האָט זיך אין מעשעך פֿון טאָג איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל.

די שטימונג אין שטאָט־דומע איז פֿונדעסטװעגן געװען אן אָפּטימיסטישע. װוּ זײַנען די קאַזאקן? עס קאָן דאָך ניט זײַן, אז אין שטאָט זאָלן זיך ניט געפֿינען קײן רעגירונגסטרײַע אָפּטײלונגען! פֿארװאָס פֿירט די רעגירונג זײ ניט ארויס קעגן די באָלשעװיקעס? און מע האָט װײַטער גענומען באַשולדיקן אין װײכקײַט און אומבאַשלאָסנקײַט די רעגירונג.

אזײגער זעקס אין אָװנט איז אין דומע געקומען א מיטגליד פֿון דער עסערישער פֿראַקציע, ביכאָװסקי, און האָט געמאָלדן, אז ער דאַרף מיטײלן דער דומע עטװאָס זײער װיכטיקס. ער איז ארוף אָף דער עסטראַדע און מיט א היסטעריש קאָל, מיט טרערן דערצײלט, אז נאָרװאָס האָט אים ארויסגערופֿן צום טעלעפֿאָן דער סאָציאַליסטישער מיניסטער מאַסלאָװ און דערצײלט, אז ער מיט אַלע אַנדערע מיניסטאָרן געפֿינען זיך אין װינטער־פּאַלאץ, װאָס איז ארומגערינגלט פֿון באָלשעװיסטיש מיליטער. די גאַנצע װאָך פֿון פּאַלאץ איז זיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן. זײ זיצן אין אײן צימער עלנט און הילפֿלאָז. יעדע מינוט קאָנען זיך אַרײַנרײַסן צו זײ די צעװילדעװעטע מאַטראָסן און זײ דערהארגענען.

— ער האָט מיר געזאָגט, — האָט געשריִען היסטעריש ביכאָװסקי, — אין מיניסטאָרן־ראט זײַנען מיר געגאַנגען ניט מיט דעם אײגענעם װילן, די פּאַרטײען האָבן אונדז אהין געשיקט! איצט לאָזט מען אונדז אָן הילף. גיט איבער אַלעמען, אז אויב מע װעט באַלד ניט קומען אונדז צו הילף און מיר װעלן דאָ אומקומען פֿארלאָזן פֿון אַלעמען, װעלן מיר שטאַרבן מיט א קלאָלע אָף די ליפּן, און די קלאָלע װעלן מיר שיקן אײַך, װי פֿאַרעטער.

די רעדע האָט געמאַכט א דערשיטערנדיקן אײַנדרוק אָף אַלעמען. מע האָט גענומען טראַכטן, װאָס צו טאָן, מיט װאָס צו העלפֿן די באַלאַגערטע מיניסטאָרן. ביכאָװסקי איז װידער ארוף אָף דער עסטראַדע און מיט דעם זעלבן היסטערישן טאָן, װי פֿריִער, אויסגעשריִען:

— מיר דאַרפֿן זיך ניט פֿארלאָזן אָף די פּאַרטײען! װי פֿאָרשטײער פֿון דער זעלבסטפֿארװאַלטונג, דאַרפֿן מיר אַלע גײן צום װינטער־פּאַלאץ, פֿאָדערן בא די באָלשעװיקעס, זײ זאָלן אופֿהערן צו באַשיסן דעם פּאַלאץ און באַפֿרײַען די מיניסטאָרן.

ביכאָװסקיס פֿאָרשלאָג האָט װידער געמאַכט אָף אַלעמען א שטאַרקן אײַנדרוק. אָן דעבאַטן איז אײנשטימיק אָנגענומען געװאָרן דער פֿאָרשלאָג, אז די שטאָט־דומע אין איר גאַנצן צוזאַמענשטעל זאָל גײן צום װינטער־פּאַלאץ אויסלײזן די מיניסטאָרן. עטלעכע רעדנער האָבן אונטערגעשטראָכן, אז מע טאָר זיך ניט אָפּשטעלן אָף דעם, װאָס די באָלשעװיקעס װעלן שיסן אין דער פֿרידלעכער דומע־דעפּוטאַציע. זאָלן זײ שיסן! מיר זײַנען מעכוּיעװ צו אָפּפֿערן מיטן לעבן, קעדײ צו ראַטעװען די מיניסטאָרן.

ווען מע האָט זיך שוין צוגעגרייט צום גיין, האָט עמעצער פאַרגעלייגט, מע זאָל אָנע־מען א באַשלוס מ׳טיילן די אָפּוועזנדע מיטגלידער פון דער דומע, איבערהויפּט די פּאַרטייען־אָנפירער, וועלכע געפינען זיך אף די זיצונגען פון זייערע צענטראַל־קאָמיטעטן, קעדיי זיי זאָלן אויך נעמען אן אָנטייל אין דער פּראָצעסיע, וועלכע וועט אף אזא אויפן ארויסקומען פיל אימפּאַזאַנטער. דער פּאַרשלאָג איז געווען אָנגענומען. מע האָט גלייך געשיקט שעליכים אין די צענטראַל־קאָמיטעטן. אָבער דער ענטפער פון דאָרט האָט זיך פאַרצויגן. די מיטגלידער פון דער דומע זײַנען געזעסן און געוואַרט א שאָ, נאָך א שאָ. גלײַכצײַטיק איז ביסלעכווײַז אָפּגעקילט געוואָרן דער ענטוזיאַזם. מ׳איז פּאַשעט מיד געוואָרן פון דער אָנשטרענגונג און פון דעם וואַרטן. עס איז געוואָרן צען, עלף אזייגער. אַלע ווײַלע קומען אָן נײַע שעליכים, טיילן מיט, פון איין זײַט, אז די צענטראַל־קאָמיטעטן וועלן באַלד געבן אן ענטפער, און, פון דער צווייטער זײַט, — אז די לאַגע באַם ווינטער־פּאַלאַץ האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט. מעגלעך, אז עס איז שוין שפּעט צו גיין, אז מע האָט שוין די מיניסטאָרן ארעסטירט אָדער עפּשער געהאַרגעט.

ארום צוועלף באַנאַכט איז געקומען אין דומע דער בונדיסטישער אָנפירער ליבער. ער האָט גענומען דאָס וואָרט און אין א הייסער רעדע דערוויזן, אז עס איז אן עמעסער מעשוגאַס צו גיין מיט א דעמאָנסטראַציע צום ווינטער־פּאַלאַץ. נאָך גוט, ווען עס וואָלט זײַן באַטאָג, וואָלט עס געקאָנט האָבן א וועלכע־עס־איז ווירקונג אף דער באַפעלקערונג. נאָך האַלבער נאַכט וועט דאָס אין דעם אויפן אויך קיין שום באַדײַטונג ניט האָבן... און וואָס קאָן מען האָפן פון דעם ארויסטרעטן? אויב די באַלשעוויקעס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר א גוואַלדטאַט קעגן דער גאַנצער רעגירונג, וועלן זיי, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּשטעלן זיך קעגן א הײַפל אומבאַוואָפנטע דומע־דעפּוטאַטן. נאָר גיכער פון אַלץ וועלן די דעמאָנ־סטראַנטן אפילע ניט דערגיין צום ווינטער־פּאַלאַץ און וועלן מיט ביזאָיען זיך מוזן אומקערן צוריק.

מיר אַלע האָבן געפילט, אז ליבער איז גערעכט, אז עס איז ניטאָ נאָך וואָס צו גיין. כאָץ דעם, האָט זיך באַ אַלע שוין אויסגעלאָשן די שטימונג. נאָר קיינער האָט ניט געהאַט דעם מוט אונטערצוהאַלטן ליבערן. יעדער האָט מוירע געהאַט, מע זאָל ניט אויסטײַטשן זײַן ארויסטריט ווי פּאַכדאָנעס, ווי א פאַראַט, און די עטלעכע רעדנער, וואָס זײַנען ארויסגע־טראָטן, האָבן געטײַנעט, אז מע מוז גיין, מע מוז זיך אָפּפערן, זאָל אפילע דערפון גאָרניט ארויס. די רעדעס זײַנען געווען זייער רעוואָליוציאָנערע, אָבער אָן דעם נייטיקן אינערלעכן פײַער. אין די רעדעס איז אוועק ווידער א שאָ־אָנדערהאַלבן. ענדלעך, שוין נאָך 1 אזייגער, האָט מען ווידער אָנגענומען א באַשלוס ארויסצוטרעטן. די ראַטמענער, וואָס האָבן זיך געפּו־נען אין דומע, זײַנען איינער נאָכן אנדערן לאַנגזאַם ארויסגעגאַנגען אין דרויסן, אפן ניעווסקי פּראָספּעקט. די נאַכט איז געווען א פינצטערע. מע האָט געבראַכט צו טראָגן א לאַמטערן און די גלאַסנע האָבן זיך געשטעלט אין רייען צו 4—5 פּערזאָן און זיך געלאָזן גיין איבער ניעווסקי צום ווינטער־פּאַלאַץ. די גאַס איז געווען פּוסט, די זעלבע פּוסטקײַט האָט זיך גע־פילט אין הארצן. פונדערווײַטן האָט זיך געהערט א שיסערײַ.

די פּראָצעסיע איז אָפּגעגאַנגען אומגעשטערט א קוואַרטאַל ביז דעם קאַזאַנער סאָבאָר. מיטאמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס? וואָס איז פאַרגעקומען? — האָט זיך געטראָגן די פראַגע פון איין ריי צו דער אנדערער.

— מע האָט אָפּגעשטעלט! מע לאָזט ווײַטער ניט גיין!

— ווער?

— א באַוואָפנטער פּאַטרול. ער דראָט צו שיסן, אויב מע וועט מאַכן א טריט ווײַטער.

באַ א מינוט שטייען אַלע אומבאַוועגט. עס גייט א לעבהאַפטע דיסקוסיע צווישן די אָנפירער מיטן פּאַטרול.

מיטאמאָל גיט זיך די פּראָצעסיע א קער אויס און הייבט אָן רויק גיין צוריק.

— וואָס? וואָס איז פאַרגעקומען? פאַרוואָס גייט מען צוריק? — הערן זיך פראַגעס פון אַלע זײַטן.

— מע לאָזט ניט גיין צום ווינטער־פּאַלאַץ...

אַלע פילן, אז עס איז פאַרגעקומען א נארישער און העסלעכער פאַרס: אָדער מע האָט ניט געדאַרפט ארויסטרעטן, אָדער, אז מע איז שוין ארויסגעטראָטן, האָט מען זיך מיט גאָר־

ניט געדאַרפט רעכענען און גיין פאַרויס. אַלע פילן דאָס, און אַלע גייען שווײַגנדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צוריק. אַלע שעמען זיך פאַר די הויכע ווערטער וועגן זעלבסטאָפּפערונג, וועגן וועלכער מע האָט נאַרוואָס גערעדט. אַלע פילן, אַז דער העלדישער אַקט, וועלכן מע האָט געוואָלט אויספירן, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נאַרישן פאַרס.

ווייניק-וועד פון די ראַטמענער האָט זיך די נאַכט אומגעקערט אַהיים. דאָסראָוו האָבן זיי געגעכטיקט אין דער דומע אויף בענק און אויף שטולן, ביזן העלן טאָג גערעדט צווישן זיך, געזידלט די אָנפירער, וואָס האָבן זיך אַזוי מיאוס אונטערגעגעבן דעם פּאַטרול. דערבײַ האָט מען זיך צוגעהערט צו די איינצלנע שאָסן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון גאַס.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי האָט מען זיך דערוווּסט, אַז באַנאַכט זײַנען אַלע מיניסטאָרן, כּוץ קערענסקין, אַרעסטירט און אַפּגעפירט געוואָרן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. עס זײַנען געגאַנגען מעשׂונעדיקע קלאַנגען, אַז מע האָט זיי שרעקלעך געשלאָגן, אַז מע האָט דעם אָדער יענעם מיינסטער געשאָסן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע מיניסטאָרן זײַנען געבליבן לעבן, נאָר עס האָט געהאַלטן זייער נאָענט דערצו, אַז מע זאָל זיי אַלע דערהאַרגענען, פרײַער אין פּאַלאַץ, בײַם דעם אַרעסט, און נאָכדעם אויף דער בריק, בעשאַס מע האָט זיי געפירט אין פעסטונג.

עס זײַנען געגאַנגען אַלערליי קלאַנגען וועגן די איינציקע פּאַרטייִדיקער פונעם ווינטער-פּאַלאַץ: די יונקערס און דער פרויען-באַטאַליאָן. מע האָט דערציילט, אַז מע האָט זיי אַלעמען אויסגעקוילעט, דערטרונקען. שפּעטער האָט מען איבערגעגעבן, אַז אייניקע פרויען פון באַ-טאַליאָן זײַנען געוווען געשענדעט, נאָר דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט ריכטיק.

דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך די ראַטמענער געפונען אין דער שטאָט-דומע און עס איז פאָרגעקומען אַ פּערמאַנענטע זיצונג. מע האָט ניט אַזויפיל באַטראַכט די לאַגע און וואָס מע האָט צו טאָן, ווי איבערגעגעבן פון דער עסטראַדע אַלערליי קלאַנגען און קאָמענטירט זיי. די דומע האָט אויסגעאַרבעט אַ פײַערדיקן פּראָטעסט קעגן די באָלשעוויקעס.

האַלבן טאָג האָבן זיך באַוויזן אין דומע דרײַ-פיר באָלשעוויסטישע ראַטמענער, צווישן זיי דער איצטיקער דיפּלאָמאַט יאָפע און אַ פרוי אַ ראַטמאַן, דוכט זיך, קאַלאַנטאַי. די איבעריקע ראַטמענער האָבן באַגעגנט די באָלשעוויקעס מיט אַ מוירעדיקן צאָרן און מיט אויסגעשרייען:

— מערדער! פאַרגוואַלטיקער! פרויען-שענדער! אַרויס! אין טורמע! אויף דער טליִע!

די באָלשעוויקעס זײַנען געזעסן רויִק אויף זייערע ערטער. אייניקע האָבן געשמייכלט. נאָר זיי זײַנען ניט לאַנג פאַרבליבן און אוועקגעגאַנגען. מער האָבן זיך די באָלשעוויסטישע ראַטמענער אין דער דומע ניט באַוויזן.

ניט קוקנדיק אויף די אַלע שרעקלעכע ידיעות, איז די שטימונג אין דומע ניט געווען קיין פּעסימיסטישע. מע האָט דערוואַרט פון מינוט צו מינוט די ידיעה, אַז קערענסקי קומט מיט אַן אַרמיי צו פּעטערבורג. די שטימונג האָבן נאָך אונטערגעהאַלטן אַ גאַנצע מאַכנע נײַס-בּרענגער, וועלכע האָבן פאַרזיכערט, אַז אַלץ גייט זייער גוט: די אַרבעטער זײַנען שטאַרק אויפגערעגט קעגן די באָלשעוויקעס און האָבן באַשטימט מער זיי ניט אונטערצו-שטיצן. די סאָלדאַטן זײַנען שטאַרק ניט צופרידן מיט דער איבערקערעניש. זיי טײַנען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיי אָפּגענאַרט און גרייטן זיך אַרויסצוטרעטן קעגן זיי. צווישן די באָל-שעוויקעס גופא קומען פאָר גרויסע מאַכלוקעס און די מערהײַט איז קעגן דער איבערקע-רעניש. בעקיצער, מע האָט געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן דער פאַרצווייפלטער לאַגע פון די באָלשעוויקעס און פאַרזיכערט, אַז מער ווי אַ פּאָר טעג וועלן זיי זיך ניט האַלטן.

אַ געוויסן מוט האָט צוגעגעבן דאָס, וואָס די טעלעפאָן-סטאַנציע האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אין די הענט בײַ די יונקערס, וועלכע האָבן זיך העלדיש פּאַרטייִדיקט פון באָלשע-וויסטישע אָנפאַלן.

פון דער עסערישער פראַקציע פון דער דומע איז דער גרעסטער טייל זיך פאַנאַנדער-געגאַנגען איבער די פאַבריקן און קאַזאַרמעס צו פירן דאָרט אַן אַנטיבאָלשעוויסטישע פּראָ-פּאַגאַנדע. דער סעקרעטאַר פון דער עסערישער פראַקציע, אַ יונג און רירעוודיק באָכער, פלעקעל (אַ ייִד), וועמען די באָלשעוויקעס האָבן שפּעטער דערשאָסן, האָט זיך אַרומגע-טראָגן איבער דער דומע און הייס געטײַנעט:

— צו די אַרבעטער! צו די סאָלדאַטן! מע מוז זיי דערקלערן די לאַגע, עפענען זיי די אויגן! דאָס איז איצט דעריקער. פון דעם הענגט אָפּ אַלץ.

# ב

די אומבאַשטימטע לאַגע, וואָס האָט געהערשט דעם ערשטן און צווייטן טאָג פֿון דער איבערקערעניש, האָט זיך פֿאַרצויגן אַף די ווײַטערדיקע צוויי־דרײַ טעג ביז דעם 29 אָקטיאַבער. פֿאַקטיש זײַנען די זיגער געווען די באָלשעוויקעס. אין זייערע הענט האָט זיך געפֿונען גאַנץ פּעטערבורג מיט אַלע זײַנע אַנשטאַלטן. די רעגירונג איז געזעסן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פֿעסטונג און די גאַנצע מיליטערישע מאַכט איז געווען אַף דער זײַט פֿון די זיגער. און פֿונדעסטוועגן האָט קיינער, און ווייניקער פֿאַר אַלעמען די באָלשעוויקעס, ניט געגלייבט אין דעם ענדגילטיקן ניצחון פֿון די, וואָס האָבן געמאַכט די איבערקערעניש. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז פּעטערבורג אַליין איז נאָך גאָרניט, מע האָט געוווּסט, אַז הינטער פּעטערבורג גרייטן זיך, אָדער עס קומען פֿאַר שלאַכטן צווישן קערענסקיס מיליטער מיט די באָלשעוויקעס און אַז דאָרט וועט אַנטשיידן ווערן דער גורל פֿונעם אופֿשטאַנד. כּוץ דעם, האָט מען געלייגט פֿיל האָפֿענונגען אַף מאָסקווע, ווו עס זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַרביטערטע גאַסןשלאַכטן צווישן די באָלשעוויקעס מיט די יונקערס און אַ טייל מיליטער.

די ידיעות, וואָס עס האָבן זיך באַקומען אין דער שטאָט־דומע סײַ פֿון קערענסקין, סײַ פֿון מאָסקווע, זײַנען געווען זייער אָפּטימיסטישע. מע האָט דערציילט, אַז קערענסקי האָט גרויסע מיליטער־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן צעשלאָגן די באָלשעוויקעס און געפֿינען זיך שוין הינטער פּעטערבורג. פֿון מאָסקווע האָבן זיך אויך באַקומען ידיעות וועגן די מאַפּאָלעס פֿון די באָלשעוויקעס. אין דער צײַט, ווען די קאַדעטן האָבן געטרײַנעט, אַז מ'דאַרף זײַן אומבעראַכמאָנעסדיק, הענגען און שיסן, זײַנען די עסערן געווען פֿאַר דעם, מע זאָל זיך באַגיין מילד מיט די באַזיגטע רעוואָליוציאָנערן.

אין די איבערגאַנגס־טעג האָט די פּעטערבורגער שטאָט־דומע געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָליע. אַזוי ווי די רעגירונג איז געווען אַרעסטירט, האָבן אַלע אַנטיבאָלשעוויסטישע עלעמענטן, סײַ ציווילע, סײַ מיליטערישע, זיך גענומען גרופּירן אַרום דער דומע, וועלכע האָט אַלס דעמאָקראַטישע פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון דער רעזידענץ, געשפּילט די ראָליע פֿון אַ פּאָליטישן צענטער. זי האָט זיך געפֿונען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע. די באָלשעוויקעס האָבן ניט געוואָגט אָנרירן זי, ווײַל אין אירע הענט האָט זיך געפֿונען דער גאַנצער אַפּאַראַט פֿון באַשפּײַזן די שטאָט, און נאָך אַ לאַנגע צײַט האָט די דומע געפֿירט אַן עפֿנטלעכע מילכאָמע מיט די באָלשעוויקעס, ביז זיי האָבן ענדלעך באַשלאָסן זי פֿאַנאַנדערצולאָזן.

דעם 27־טן און 28־טן זײַנען אין דער שטאָט־דומע פֿאָרגעקומען פּערמאַנענטע זיצונגען פֿון אינדערפֿרי ביז 12 באַנאַכט. אַף די זיצונגען זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַלע נײַס סײַ פֿון פּעטערבורג, סײַ פֿון מאָסקווע און דער פּראָווינץ, וואָס פֿלעגן זיך באַקומען (קיין צײַטונגען זײַנען אין די ערשטע פּאָר טעג ניט דערשינען). מע האָט געהאַלטן פֿײַערדיקע רעדעס און אָנגענומען פּראָטעסטן קעגן די גוואַלדטאַטן פֿון די באָלשעוויקעס. מע האָט צונויפֿגעשטעלט און געדרוקט אויפֿרופֿן צו דער אַרמיי, צו די אַרבעטער, צום פֿאָלק. ווען די טעלעפֿאָן־סטאַנציע איז געווען פֿאַרנומען דורך די באָלשעוויקעס, האָבן זיך באַקומען ידיעות, אַז פֿיל יונקערס, וואָס האָבן פֿאַרטיידיקט די סטאַנציע, זײַנען אַף אַ שרעקלעכן אויפֿן געהאַרגעט, דערשאָסן, אָדער אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן אין פֿאָנטאַנקע. די שטאָט־דומע האָט גלײַך אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע אויסצופֿאָרשן די גוואַלדטאַטן און באַשיצן די אַרעסטירטע יונקערס. די דומע האָט אויך אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע, וואָס בעראַש פֿון איר איז געשטאַנען די גרעפֿן פּאַנינאַ, אויסצופֿאָרשן, אַף וויפֿל ס'איז ריכטיק די באַשולדיקונג קעגן די באָלשעוויקעס, אַז זיי האָבן בײַסן פֿאַרנעמען דעם ווינטער־פּאַלאַץ געשענדעט פֿרויען פֿונעם פֿרויען־באַטאַליאָן.

איך געדענק, וואָס פֿאַר אַ מעהומע עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אין דער שטאָט־דומע, ווען עס האָט זיך באַקומען די ידיעה, אַז די באָלשעוויקעס פֿאָדערן בײַם דירעקטאָר פֿונעם מעלוכע־באַנק די שליסלען פֿון דעם באַנק. מע האָט געשריִען, אַז זיי וועלן צוגאַנווענען און צערויבן דאָס מעלוכע־פֿאַרמעגן, אַז מע טאָר זיי בעשום־אויפֿן ניט געבן די שליסלען. און דער דירעקטאָר האָט טאַקע די שליסלען ניט אַרויסגעגעבן, ביז מע האָט אים ניט געדראָט מיט שיסן. אַף וויפֿל די באָלשעוויקעס זײַנען ניט געווען זיכער אין זייער מאַכט און אַף וויפֿל זיי האָבן אָנערקענט אין יענעם מאָמענט די רעכט פֿון דער שטאָט־דומע, קאָן מען זען דערפֿון, אַז, האָבנדיק די שליסלען אין האַנט, האָבן זיי ניט געוואָגט אַליין צו גיין אין מעלוכע־באַנק און געפֿאָדערט, אַז די שטאָט־דומע זאָל מיטשיקן אירע פֿאָרשטייער, וואָס זאָלן

זײַן דערבײַ, ווי זיי וועלן עפּענען דעם באַנק און וועלן דאָרט נעמען דרײַ מיליאָן אויף די
מעלוכע־היצטאַרכעס. נאָך שטורעמדיקע דעבאַטן האָט די שטאָט־דומע פֿונדעסטוועגן גע־
שיקט אירע פֿאָרשטייער, רעכענענדיק, אַז אויב זי וועט זיי ניט שיקן, וועלן די באָלשעוויקעס
נעמען פֿיל מער.

די הויפּט־פֿראַגע איז באַשטאַנען דערין, וואָס עס טוט זיך אויפֿן פֿראָנט, וואָס האָט זיך
געפֿונען בײַ צאַרסקאָיע סעלאָ און פּולקאָוואָ. פֿון דאָרט האָבן זיך באַקומען ידיעות, וואָס
זײַנען געווען אין סטירע איינע די אַנדערע. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך באַקומען אַ
ידיעה, אַז דער הויפּט־פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע אײַזנבאַנער האָט דערקלערט, אַז ער זאָגט
זיך אָפּ אַריבערצופֿירן מיליטער סײַ באָלשעוויסטיש, סײַ קערענסקיס, און ער פֿאָדערט, מע
זאָל אומבאַדינגט קומען צו אַ פּשרה. אין די אַנטיבאָלשעוויסטישע קרײַזן האָט מען פֿאַר־
זיכערט, אַז דאָס איז נאָר אַ מאַנעווער, אַז דער „וויקזשעל" שטייט אויפֿן צד פֿון די באָלשע־
וויקעס און מיטן אויסרייד פֿון נייטראַליטעט וויל ער געבן אַ קלאַפּ קערענסקיס צד, ווײַל
די באָלשעוויקעס נייטיקן זיך ניט אין אַריבערפֿירן זייער מיליטער, וואָס געפֿינט זיך אין
פּעטערבורג. דער פֿאָרשטייער פֿון „וויקזשעל" האָט זיך געווענדט צו אַלע סאָציאַליסטישע
פּאַרטייען און אויך צו דער שטאָט־דומע מיטן פֿאָרשלאָג אײַנצואָרדענען אַ באַראַטונג וועגן
אַ פֿאַרשטענדיקונג צווישן ביידע צדדים, קעדיי עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן דער בירגערקריג.
די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דה. די עסערן און מענשעוויקעס און די אינטערנאַציאָנאַליסטן
זײַנען אײַנגעגאַנגען אויף דעם. די מעסיקערע פּאַרטייען, ווי די נ. ס.[1] און די „פּלעכאַנאָווצעס",
זײַנען אָדער ניט אײַנגעלאַדן, אָדער האָבן ניט אײַנגעשטימט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער
באַראַטונג. אין דער שטאָט־דומע זײַנען פֿאָרגעקומען שטורמישע דעבאַטן וועגן דער פֿראַגע.
די קאַדעטן, וואָס זײַנען ניט געווען אײַנגעלאַדן, האָבן זיך אין די דעבאַטן ניט באַטייליקט און
זיך באַצויגן מיט אַ פֿאַראַכטנדיקער איראָניע צום גאַנצן פֿאָרשלאָג. די מעסיקערע עלעמענטן
פֿון דער שטאָט־דומע האָבן געשטורעמט, אַז עס איז אַ שאַנד און אַ שרעקלעכער פֿאַרברעכן
צו גיין אויף אַ באַראַטונג מיט מערדער און גוואַלד־טוער, פֿאַר וועמען עס איז אַן אָרט אין
טורמע אָדער אויף קאַטאָרגע. ענדלעך האָט די שטאָט־דומע באַשלאָסן צו שיקן אירע צוויי פֿאָר־
שטייער אויף דער באַראַטונג. אויסגעוויילט זײַנען געוואָרן אַלס פֿאָרשטייער איך און אַ ראַט־
מאַן טשיכאַטשעוו (עסער). די דומע האָט אונדז געגעבן אינסטרוקציעס: 1) עס זאָל געשאַפֿן
ווערן אַ נײַער פֿאָר־פּאַרלאַמענט, וווּהין עס זאָלן אַרײַן פֿאָרשטייער פֿון אַלע סאָציאַליסטישע
ריכטונגען און פֿון שטאָטישע זעלבסטפֿאַרוואַלטונגען. די לעצטע דאַרפֿן זײַן פֿאָרגעשטעלט
אין פֿאָר־פּאַרלאַמענט, ניט ווייניקער ווי אַ דריטל. 2) אַ מיניסטאָרן־ראַט דאַרף אויסגעוויילט
ווערן פֿון די מיטגלידער פֿון פֿאָר־פּאַרלאַמענט, נאָר אין אים, דה. אין מיניסטאָרן־ראַט, קאָן
ניט אַרײַן קיין איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון באָלשעוויסטישן אויפֿשטאַנד, איבערהויפּט, ניט
לענין און ניט טראָצקי. 3) איידער מע וועט נאָך צוטרעטן צו וועלכע־עס־איז דעבאַטן, מוזן
די באָלשעוויקעס באַפֿרײַען אַלע אַרעסטירטע און איבערהויפּט די מיניסטאָרן.

## ג

די ערשטע זיצונג פֿון דער באַראַטונג איז געווען באַשטימט אויף 8 אַזייגער אין אָוונט
דעם 28־טן. פֿאַרן אַהינגיין האָב איך אָנגעפֿרעגט אין עסעריש־מענשעוויסטישן צענטראַל־
קאָמיטעט, אויב זיי האָבן שוין אויסגעוויילט זייערע פֿאָרשטייער און געשיקט אויף דער באַראַ־
טונג. מע האָט מיר געענטפֿערט, אַז אין ביידע צענטראַל־קאָמיטעטן קומען נאָך פֿאָר דעבאַטן
וועגן דער פּראָגראַם פֿון דער באַראַטונג און מע האָט מיך מיט מײַן כאַווער געבעטן אָפּוואַרטן
און גיין צוזאַמען מיט די פֿאָרשטייער פֿון די קאָמיטעטן. וואַרטן איז אויסגעקומען גאַנץ לאַנג.
ערשט אַרום פֿיר אַזייגער אינדערפֿרי האָבן די צענטראַל־קאָמיטעטן פֿאַרענדיקט זייערע דע־
באַטן און אויסגעוויילט זייערע פֿאָרשטייער.

די באַראַטונג איז פֿאָרגעקומען אין דעם לאָקאַל פֿון אײַזנבאַן־פֿאַריין. ווען איך מיט מײַן
כאַווער זײַנען אַהין געקומען, האָבן מיר דאָרט געטראָפֿן אַ מאַן 40, פֿאָרשטייער פֿון אַלערליי
סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז פֿאַר דער צײַט האָט
מען שוין באַשטימט, אַז פֿריִער פֿון אַלץ זאָלן זיך צונויפֿרעדן די פֿאָרשטייער פֿון די גרעסערע
אָרגאַניזאַציעס און פֿאָרלייגן זייערע פּראָיעקטן דער גאַנצער באַראַטונג, קעדיי די אונטער־

[1] פֿאָלקס־סאָציאַליסטן.

האנדלונגען זאָלן ניט אָפּנעמען צופיל צײַט. אין דער קלענערער באראטונגס־קאָמיסיע זײַנען אריַין די פאַרשטייער פון די עסערן, מענשעוויקעס, באָלשעוויקעס, אײַזנבאַן־פארבאנד און פון דער שטאָט־דומע. ווען איך מיט מײַן כאַווער זײַנען אריַין אין צימער, ווו עס איז פאַר־געקומען די קלענערע באראטונג, האָבן מיר געטראָפן די פאָלגנדע פאַרשטייער: פון די באָלשעוויקעס — קאמעניעוו און ריאזאנאָוו, פון די אינטערנאציאָנאַליסטן — מארטאָוו, פון די מענשעוויקעס — דאן און ליבער, פון די עסערן — ראַכיטניקאָוו, פון אײַזנבאַן־פאַר־באנד — דער פאַרזיצער פונעם פארבאנד (איך האָב פאַרגעסן זײַן נאָמען) און איינער קרו־שינסקי. די זיצונג האָט זיך נאָך ניט געהאט אָנגעהויבן.

געעפנט די זיצונג האָט דער פאַרשטייער פונעם אײַזנבאַן־פארבאנד, אַן עלטערער מענטש מיט פארדעכטיקע מאַנירן. עס איז געווען צו זען, אַז ער פירט אַ פּאָליטיק און האָט זײַטיקע קוויכעס. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער נ. ס.־פארטיי און פאַר זײַן פארדעכטיקער אויפירונג איז ער מיט אַ סקאַנדאַל געווען פון איר אויסגעשלאָסן. געעפנט האָט ער די זיצונג מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיך באַמיט ארויסוויַיזן זײַן אָביעקטיוויקייט. ער שטעלט זיך ניט אויף דעם, אָדער יענעם צאַד, פאַר אים זײַנען אַי די, אַי יענע גוטע רעוואָלוציאָנערן. נאָר ער, אין נאָמען פון דעם פארבאנד, שטעלט מיט שרעק פעסט דעם פאַקט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בירגערקריג. מע מוז אָנעמען אַלע מיטלען, אַז די פאַרברעכערישע ברידערלעכע מילכאָמע זאָל טייקעף־אומיאַד אָפּגע־שטעלט ווערן. דאָס איז דער ציל פון דער באראטונג, און קאָלזמאַן מע וועט ניט קומען צו אַ פּשאָרע, וועט דער אײַזנבאַן־פארבאנד ניט דורכלאָזן, ניט פון דעם און ניט פון יענעם צאַד, קיין אײַן צוג מיט מיליטער אָדער אַמוניציע. אין זײַן רעדע האָט ער דערציילט, אַז ער איז מיטן העסקעם פון ביידע צדאָדים ארומגעפאָרן נעכטן איבערן פראָנט. גערעדט מיטן שטאַב פון דער באָלשעוויסטישער אַרמיי, דעסגלײַכן אויך מיט קערענסקין און אַז דאָרט זײַנען אַלע געווען איינשטימיק דערין, אַז מע מוז קומען צו אַ פּשאָרע און אָפּשטעלן די ברידערלעכע בלוט־פארגיסונג.

דערציילנדיק וועגן זײַן ארומפאָרן איבערן פראָנט, האָט ער, ווי פארבײַגייענדיק, מיט אַ שמייכעלע ארויסגעזאָגט:

— עס פארשטייט זיך, אַז איך דאַרף ניט דערציילן וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען אויפן פראָנט. נאָר איך מוז באַמערקן, אַז קערענסקיס סאָלדאַטן האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק פון פולשטענדיק דעמאָראַליזירטע, וואָס זײַנען גרייט פאַנאַנדערצולויפן זיך...

— וואָס זשע דערציילט איר זאַכן, וועלכע איר האָט ניט קיין רעכט צו דערציילן? — האָב איך אים שאַרף אָפּגעשטעלט.

— יאָ, יאָ! איר זײַט גערעכט, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן.

נאָך אים האָט גערעדט קאמעניעוו.

קאמעניעוו, אַ מאַן פון אַ יאָר 40, פון מיטעלן וווּקס, אַ דאַרער, נאָר אַ שטאַרק גע־בויטער, מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען, אַ קאַלטער, אַן אײַנגעהאַלטענער, רעדט געציילטע ווערטער, דאָס פּאָנעם אַ ראַזירטס, מיט שטאַרקע שטריכן, מיט קאַלטע, קלוגע, גרויע אויגן. ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע טוער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פארטיי, האָט זיך אַ לענגערע צײַט אויפגעהאַלטן אין אויסלאַנד, אין דער שווייץ, און דאָרט זיך באַשעפטיקט מיט שטרענג־קאָנספּיראַטיווע אָנגעלעגנהײַטן. אויף פאַרזאַמלונגען פלעגט ער קיינמאָל ניט ארויסטרעטן, האָט זיך געהאַלטן אָן דער זײַט און איז געווען ווײַ־ניק באַקאַנט די מיטגלידער פון דער עמיגראַנטישער סטודענטן־קאָלאָניע.

קאמעניעוו האָט גערעדט ניט לאַנג, אין קורצע און שאַרפע ווערטער האָט ער באַטאָנט, אַז מע דאַרף זיך קוידעמקאָל רעכענען דערמיט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן געזיגט, אַז די מאַכט איז בײַ זיי אין דער האַנט, אַז אויף זייער צאַד איז דאָס מיליטער און די אַרבעטער. זיי וואָלטן געקאָנט, אָנשטאָט צו באַראַטן זיך, דיקטירן זייער ווילן, נאָר אַזוי ווי זיי ווילן וואָס גיכער פאַרענדיקן דעם בירגערקריג און אַריבערגיין צו פּאָזיטיווער אַרבעט, זײַנען זיי גרייט צו מאַכן אייניקע האַנאָכעס, צונויפרעדן זיך מיט די איבעריקע סאָציאַליסטישע פארטייען. נאָר פון זייערע גרונט־פּרינציפּן וועלן זיי ניט אָפּטרעטן.

ווײַטער האָט גערעדט מאַרטאָוו־צעדערבוים, אַ ברונעט, אַן אײַנגעבויגענער, אַ קורצ־זיכטיקער, רעדט גיך און נערוועז, — אַ טיפּ פון אַ ייִדישן פּילפּל־מענטש. אין אַ לאַנגער און הייסער רעדע האָט ער אויפגעוויזן, אַז די באָלשעוויקעס פירן דאָס לאַנד און די רעוואָלוציע צום אָפּגרונט, אַז זיי זײַנען קיינמאָל ניט געגאַנגען אויף פּשאָרעס מיט די איבעריקע סאָציאַ־

ליסטישע פארטייען. איצט איז דער לעצטער מאָמענט צו געפינען אוועלכן־עס־איז געמיינזאַמען באַדן, קעדיי ארויסצופירן דאָס לאַנד פון שרעקלעכן קריזיס.

גערעדט האָט נאָך דאַן־גורעוויטש, און, דוכט זיך, ליבער. דער פאַרשטייער פון די עסערן ראכיטניקאָוו, א טעאָרעטיקער, א מענטש, א פארשלאָסענער אין זיך, א שטרענגער און אַן אַנגעבלאָזענער, האָט גאָרנישט ניט גערעדט. ער האָט נאָר פאַרגעלייגט די רעזאָליוציע פונעם עסערישן צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער האָט געפאָדערט, אז עס זאָל אײַנגעאָרדנט ווערן, אף דער צײַט ביז די גרינדונגס־פארזאמלונג וועט זיך צונויפקומען, א באַראַטונג פון פאַרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פארטייען און אז אין דער נײַער רעגירונג, וואָס וועט פאַרמירט ווערן, זאָלן זײַן נאָר פאַר־מענטשן, ניט קיין אויסגעשפּראָכענע פאַרשטייער פון די פארטייען.

דאָ איז ארויסגעשפרונגען מיט א הייסער היסטערישער רעדע ריאזאנאָוו־גאָלדענרײַך. ער איז אויך, ווי מארטאָוו, א טיפּ פון א יידישן וויל־לערנער. ניט קיין הויכער, א ברייטבייניקער, מיט א גרויסן שטערן און א ברייטער לאַנגער באָרד, וועלכע הייבט אָן גרוי ווערן. ווען איך האָב אים געקענט מיט צוואַנציק יאָר צוריק אין פאריזש, האָט ער זיך דאַן גערעכנט פאר אַן ענציקלאָפּעדיש געבילדעטן מענטשן. ער איז געווען א טעאָרעטיקער און איז זעלטן ווען ארויסגעטראָטן מיט רעפעראַטן. ער איז שטענדיק געווען צוזאמען מיט סטעקלאָוו־נאַכאַמקיסן. זײַענדיק סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זײַנען זיי שטענדיק געווען אין דער אָפּאָזיציע, האָבן געשאפן אייגענע גרופּעס און אויסגעארבעט אייגענע פּראָגראַמען. די לעצטע יאָרן איז צו זיי צוגעטראָטן טראָצקי. קומענדיק קיין רוסלאַנד, זײַנען זיי אַלע דרײַ, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, נאָך ניט געווען קיין באָלשעוויקעס. יעדנפאַל איז גאָלדענרײַך נאָך געוויס קיין באָלשעוויק דעמלט ניט געווען. אין א געשפּרעך, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט א כוידעש פריִער, האָט ער מיר געזאָגט, אז אים פארדריסט זייער, וואָס ער האָט זיך אָפּגעריסן פון זײַנע וויסנשאפטלעכע ארבעטן און איז געקומען קיין רוסלאַנד. אין דעם זעלבן געשפּרעך האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האַלט דאָס, וואָס סטעקלאָוו האָט זיך געשמאַדט, פאר אַן אומענטשישער נארישקײַט. בייס איך האָב אים אמאָל געקענט איז ער געווען זייער א רויִקער און אַן אײַנגעהאַלטענער. דאָ, אף דער באראטונג, האָט ער זיך ארויסגעוויזן ווי א היסטעריקער, וואָס קאָן זיך בעשום־אויפן ניט באהערשן. ער האָט זיך צעהיצט, געשריִען און געקלאַפּט איבערן טיש, האָט אונדז אלעמען אָנגערופן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן, האָט געטײַנעט, אז מיר ווילן די באָלשעוויקעס אָפּנארן, קעדיי נאָכדעם ארעסטירן זיי. אזוי היסטעריש האָט ער זיך געהאַלטן די גאנצע צײַט פון אונדזער באראטונג.

ווען איך האָב איינמאָל געפרעגט קאמעניעוון, וואָס איז עס געוואָרן מיט ריאזאנאָוון, וואָס מע קאָן מיט אים ניט רעדן, האָט ער מיר געענטפערט:

— ער איז זייער דענערווירט פון די איבערגעלעבטע געשעענישן. דערצו נאָך איז זײַן און מײַן לאַגע דאָ אף דער באראטונג זייער א שווערע. מיר ביידע זײַנען די מעסיקסטע, אונדזערע כאַווײרים זײַנען פיל לינקער פון אונדז און טײַנען, אז מע דארף ניט גיין אף קיין שום פשאָרעס. קומט אונדז אויס מילכאָמע צו האַלטן אף צוויי פראָנטן. ווען איר וואָלט הערן, ווי ריאזאנאָוו רעדט אף אונדזערע זיצונגען! דאָרט איז ער נאָך פיל שארפער.

צום סאָף האָב איך אין נאָמען פון דער שטאָט־דומע ארויסגעזאָגט די מיינונג, אף וועלכע פרינציפּן די שטאָט־דומע וואָלט געקאָנט אָנעמען די פשאָרע מיט די באָלשעוויקעס.

אף מײַן רעדע האָט זיך ווידער אָנגערופן ריאזאנאָוו מיט א פײַערדיקער רעפּליק. סטײַטש, אויסשליסן פון דער רעגירונג לענינען און טראָצקין די זיגער פון דער קאָנטער־רעוואָליוציע! סטײַטש, דערלאָזן אין נײַעם פאָר־פארלאמענט א גאנץ דריטל פאַרשטייער פון די שטאָט־דומעס, ווּהין ס'גייען ארײַן קאדעטן און שווארצמייעניקעס!

אונדזער זיצונג האָט זיך פארצויגן ביז אכט אינדערפרי.

די צווייטע זיצונג איז געווען באשטימט אף פינף אין אָוונט.

אין שטאָט־דומע האָט מען געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אף דעם רעזולטאַט פון די באראטונגען. ווען איך האָב געמאכט א פאַרטראַג און מיט אַלע פּראָטים דערציילט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אף דער ערשטער זיצונג, וואָס פאר א רעדעס עס זײַנען דאָרט געהאַלטן געוואָרן און וועלכע פאַרשלאָגן מע האָט דאָרט געמאכט, האָט זיך אין דער דומע אופגעהויבן אַן עמעסער שטורעם. די פאַרשטייער פון די מעסיקע פארטייען, אפילע די מעסיקע עסערן זײַנען געווען שטארק אופגעבראכט פון דער כוצפּע פון די באָלשעוויקעס און האָבן געשריִען, אז עס איז א שאנד און א פארברעכן, וואָס מע איז געגאנגען פירן מיט זיי אונטערהאנדלונגען. איבערהויפּט איז געווען אופגערעגט דער ראטמאַן שינגאַרעוו, וועלכער איז

מיט אַ פּאָר כאַדאָשים שפּעטער אַזוי אַכזאָריִעסדיק דערהאַרגעט געוואָרן דורך באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן צוזאַמען מיט זײַן כאַווער קאָקאָשקין אין טורמע־לאַזאַרעט, ווו זיי האָבן זיך געפונען. שינגאַרעוו האָט מיר געשטעלט אַ גאַנצע ריי פראַגן און איבערהויפּט געפאָדערט אַן ענטפער, מיט וואָס פאַר אַ רעכט בין איך פאַרבליבן אויף דער באַראַטונג, ווײַבאַלד די באָלשעוויקעס האָבן ניט אויסגעפילט די ערשטע פאָדערונג, וואָס די שטאָט־דומע האָט געשטעלט צו באַפרײַען די אַרעסטירטע מיניסטאָרן. איך האָב געענטפערט, אַז יעדנפאַלס האָב איך געהאַט דאָס רעכט צו בלײַבן צוליב אינפאָרמאַטיווע צוועקן.

# ד

די צווייטע זיצונג פון דער באַראַטונג איז פאָרגעקומען אויך מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. אַנשטאָט זעקס אין אָוונט, האָט זיך די באַראַטונג אָנגעהויבן אַרום צוועלף באַנאַכט. נאָך פיל דעבאַטן איז מען ענדלעך דורכגעקומען אויף דעם, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ נײַער פאָר־פאַרלאַמענט און אַ נײַער מיניסטאָרן־ראַט. די דעבאַטן האָבן זיך געפירט וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דעם פאָר־פאַרלאַמענט. דערבײַ זײַנען די וויקוכים געווען נאָך מער לײַדנשאַפטלעך, ווי דאָס פאָריקע מאָל. דעם טאָג זײַנען שוין אַרויס צײַטונגען. צווישן זיי אויך די צײַטונג „וואָליא נאַראָדאַ" פון די עקסט־רעכטע עסערן. אין דער צײַטונג זײַנען געווען זייער שאַרפע אָנפאַלן אויף די באָלשעוויקעס. ריאַזאַנאָוו, מיט אַ נומער פון דער צײַטונג אין דער האַנט, האָט אויף דער זיצונג געפאָכט מיט איר אינדערלופטן און געשריִען:

— אין זייערע צײַטונגען שרײַבן זיי וועגן אונדז די שרעקלעכסטע נעוואָלעס, רופן דאָס פאָלק צו אַן אַרויסטריט קעגן אונדז, שרײַען, אַז מיר זײַנען באַנדיטן און פאַרעטער, און אין דער זעלבער צײַט קומט מען אויף באַראַטונגען מיט אונדז און מע זוכט קלוימערשט אַ מעגלעכקײַט צו אַ פּשאָרע!

איך האָב אויפגעוויזן ריאַזאַנאָוון, אַז אין דעם זעלבן טאָג ריידן אויך זייערע צײַטונגען וועגן די עסערן און די מענשעוויקעס. אַזייגער דרײַ פאַרטאָג, ווען מיר האָבן זיך שוין געקליבן שליסן די זיצונג, האָט זיך אָפּגעשפּילט זייער אַ כאַראַקטעריסטישער אינצידענט. עס איז אַרײַנגעגאַנגען דער דינער פון לאָקאַל און געזאָגט, אַז עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון אַרבעטער פון פּוטילאָווער זאַוואָד און ווילן ניט אַנדערש זען זיך מיט אונדז פּערזענלעך. די באַראַטונג איז ניט געווען אויפגעלייגט אויפצונעמען דעלעגאַציעס און האָט געפּרוּווט אָפּווענדן דעם וויזיט, אויפווײַזנדיק, אַז די מיטגלידער פון דער באַראַטונג זײַנען שטאַרק פאַרנומען און קאָנען קיינעם ניט אויפנעמען. נאָר די דעלעגאַציע איז געווען זייער אײַנגעשפּאַרט און געפאָדערט ניט אַנדערש, אַז מע זאָל זי צולאָזן צו אונדז, ווען ניט, האָבן זיי געדראָט, וועלן זיי מיט גוואַלד אַרײַנגיין. ס'איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירע, ווי אַרײַנלאָזן די דעלעגאַציע.

עס זײַנען אַרײַן אין צימער אַ מאַן פופצן אַרבעטער, עלטערע און יונגעלײַט, מיט ערנסטע, אָנגעשטרענגטע געזיכטער. איינער פון זיי, אַ יונגערמאַן מיט אַן ענערגישן פּאָנעם און קלוגע קאַלטע אויגן, איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס און אָנגעהויבן אויפגערעגט מיט אַ דראָענדיק קאָל:

— שוין קימאַט אַ וואָך, ווי עס קומט פאָר אַ בלוט־פאַרגיסונג צווישן די ביידע רעוואָליוציאָנערע מאַכנעס, אַ פאַרברעכערישער בירגערקריג. מיר פאָדערן, אַז דערצו זאָל גלײַך נעמען אַ סאָף! גענוג! איר זיצט שוין צוויי טעג און באַטראַכט די פּשאָרע און עס זעט אויס, אַז איר אײַלט זיך ניט. מיר קאָנען ניט דערלאָזן, אַז דער בירגערקריג זאָל זיך ציִען ווײַטער! צו אַלדי שוואַרץ יאָר אי לענינען, אי טשערנאָוון! מע דאַרף זיי ביידן אויפהענגען... מיר פאָדערן פון אײַך, איר זאָלט מאַכן אַן עק צו דער מעהומע, ווען ניט, וועלן מיר זיך אַליין מיט אײַך אָפּרעכענען.

די רעדע און דאָס דראָענדיקע קאָל פון דעם אַרבעטער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף אַלע מיטגלידער פון דער באַראַטונג, איבערהויפּט אויף ריאַזאַנאָוון. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט אַן אויפגערעגטער און אָנגעהויבן שרײַען:

— איר זײַט זייער גערעכט!!! מיר, באָלשעוויקעס, זײַנען פון דער ערשטער מינוט גרייט צו אַ פּשאָרע. מיר מאַכן אַלערליי פאַרגרינגערונגען, נאָר די עסערן, מענשעוויקעס און איבערהויפּט די פאָרשטייער פון דער שטאָט־דומע טאָרמאָזירן די אַרבעט און לאָזן ניט קומען צו קיין שום פּשאָרע. ניט צו אונדז האָט איר געדאַרפט גיין, נאָר צו די צענטראַל־

קאַמיטעטן פון די מענשעוויקעס און עסערן און אין דומע. גייט אהין! פאַדערט פון זיי, זיי זאָלן מאכן א סאָף צום בירגערקריג.

— זייער גוט! מיר גייען גלייך צו זיי און מיר וועלן זיי ברענגען צו שלעפן אהער! — האָבן אופגערעגט אויסגעשריִען די ארבעטער.

ריאזאנאָווס רעדע, וועלכע מע האָט אנדערש ניט געקאָנט אָנרופן, ווי א נידערטרעכטיקע פּראָוואָקאציע, האָט אונדז אלעמען שטארק אופגערעגט און איבעראַשט. איך האָב דערקלערט די ארבעטער, אַז וויפל ריאזאנאָווס ווערטער זײַנען ניט ריכטיק און האָב זיי איבערגעגעבן, וואָס פאר א סיכסוכים עס זײַנען פאָרגעקומען בייס דער באַראטונג.

די ארבעטער האָבן מיך אויסגעהערט, און איינער פון זיי האָט אויסגעשריִען אופגערעגט:

— שיידים ווייסן אײַך, ווער פון אײַך איז גערעכט! איר זײַט אלע ניט ווערט, וואָס איר גייט אף דער־וועלט! מע דארף אײַך אלעמען אופהענגען אף איין בוים, וועט דעמלט מעמיילע ווערן רויִק אין לאַנד... קומט, ברידער! מיר האָבן דאָ ניט וואָס צו טאָן.

און זיי זײַנען אוועקגעגאנגען.

דער באַזוך פון דער דעלעגאציע האָט פונדעסטוועגן געהאט א ווירקונג אף אונדזער באַראטונג. אף דער זיצונג פון אנדערן טאָג, דעם 30 אָקטיאַבער, האָט מען געהאלטן קורצע רעדעס און ארויסגעוויזן א טענדענץ גיכער צו קומען צו א וועלכער־עס־איז פּשאָרע. די מענשעוויקעס האָבן ארויסגעשטעלט די פראגע וועגן א וואָפנשטילשטאַנד. זיי האָבן אופגעוויזן, אַז בא יעדער מילכאָמע, וויבאלד עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען וועגן א שאָלעם, מאכט מען א וואָפנשטילשטאַנד. די פאָרשטייער פון די עסערן און איך האָבן אונטערגעהאלטן דעם פאָרשלאָג און דערבײַ דערקלערט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די עסערן האָט באַקומען א טעלעגראַמע פון קערענסקין, וועלכער באַפולמעכטיקט אים שליסן שאָלעם אָדער א וואָפנשטילשטאַנד מיט די באָלשעוויקעס, אף וועלכע באַדינגען ער וועט געפינען פאר פּאַסיק. ער, קערענסקי, וועט אויספילן אלע פארפליכטונגען, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט אף זיך ארופלייגן. איך, אלס דער פאָרשטייער פון דער שטאָט־דומע, האָב אויך אונטערגעהאלטן דעם פאָרשלאָג וועגן א וואָפנשטילשטאַנד, נאָר דער פאָרשטייער פון די באָלשעוויקעס קאַמעניעוו האָט אין קורצע ווערטער דערקלערט, אַז דאָס איז קימאַט אַן אומעגלעכע זאַך. דער אויספיר־קאָמיטעט פון ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן וועט ניט אײַנגיין אף א וואָפנשטילשטאַנד, איידער עס וועט ניט באַשטימט אָנגענומען ווערן א היסכייַעס מיצאַד די אנטיבאָלשעוויקעס. „שליסן איצט וואָפנשטילשטאַנד — הייסט געבן קערענסקין די מעגלעכקײַט צו אָרגאַניזירן קעגן אונדז א נײַע ארמיי", — האָט ער געזאָגט. — כוץ דעם, — האָט ער דערקלערט, — הענגט אָפּ די זאַך נאָך פונעם שטאַב, וועלכער געפינט זיך אפּן פראָנט, און ער, קאַמעניעוו, מיט ריאזאנאָוון האָבן ניט קיין באַפולמעכטיקונג צו שליסן א וואָפנשטילשטאַנד דאָ, אף דער באַראטונג.

פון די ווײַטערדיקע דעבאַטן האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די ביידע באָלשעוויסטישע דעלעגאַטן האָבן ביכלאַל ניט קיין באַפולמעכטיקונג אָנצונעמען וועלכע־עס־איז באַשטימונגען. עס איז אויסגעקומען אזוי, ווי זיי וואָלטן געקומען אף דער באַראטונג בלויז צוליב אינפאָרמאַטיווע צוועקן, אָבער זיי האָבן דאָס ניט געוואָלט אנערקענען. ניין! זיי זײַנען געקומען מיט געוויסע באַפולמעכטיקונגען, נאָר באַגרענעצטע. בעקיצער, וויפל מיר האָבן מיט זיי ניט געטײַנעט, האָבן מיר ניט געקאָנט דערגיין, אין וואָס באַשטייען זייערע באַפולמעכטיקונגען. אונדז, די פאָרשטייער פון די אנטיבאָלשעוויסטישע פּארטייען, האָט זיך אלץ דײַטלעכער פאָרגעשטעלט, אַז די גאַנצע באַראטונג איז אָנגענומען געוואָרן מיצאַד די באָלשעוויקעס בלויז צוליב דעם, קעדיי צו גיין אקעגן דער פאָדערונג פונעם אײַזנבאַן־פאַרבאַנד און, איבערהויפּט, קעדיי צו געווינען צײַט און זען דערווײַל, מיט וואָס עס וועלן זיך ענדיקן די שלאַכטן בא פּעטערבורג און אין מאָסקווע.

אזויווי די פראגע וועגן וואָפנשטילשטאַנד איז געווען אראָפּגענומען פון דער טאָג־אָרדענונג, איז מען ווידער צוגעטראָטן צו דער פראגע וועגן א צײַטווײַליקן פאָלקס־ראַט. נאָך לאַנגע און הייסע דעבאַטן, וועלכע האָבן געדויערט גאַנצע צוויי זיצונגען, דעם 30 און 31 אָקטיאַבער, איז מען ענדלעך געקומען צו א פאַרשטענדיקונג, אַז דער צײַטווײַליקער פאָלקס־ראַט זאָל באַשטיין פון הונדערט מיטגלידער פונעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן, פינף און זיבעציק מיטגלידער פונעם פּויערים־ראַט, הונדערט

פאַרשטייער פון דער פעטערבורגער און מאָסקווער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פופציק אָדער מער פאָשטייער פון פארשיידענע אלרוסלענדישע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דער באַשלוס איז געווען אָנגענומען מיצאד די באָלשעוויקעס קימאַט איבער גוואַלד. ריאַזאַנאָוו האָט ניט געקאָנט פארטראָגן, וואָס אין ראַט וועט זײַן קימאַט א העלפט פאָרשטייער פון אזעלכע אנשטאַלטן, ווי די שטאָט־דומעס און פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וווהין עס גייען אריַין מיט־גלידער פון בורזשואזע פאַרטייען.

וואָס שייַך דער פראגע וועגן א נייַער רעגירונג, איז מען וועגן דעם פיל גרינגער דורכגעקומען. אלע זיַינען געווען איינשטימיק, אז די רעגירונג דאַרף זיַין אַן איינהייַטלעך־סאָציאַליסטישע. די פראגע איז נאָר געווען אין דעם, אז איינע פון די צוויי קעמפנדע פאַרטייען זאָל ניט האָבן קיין צו גרויסן איבערגעוויכט אין דער רעגירונג, און אויך וועגן די פּערזענלעכקייַטן. פון איין צאַד האָבן די עסערן, מענשעוויקעס און פאָרשטייער פון דער שטאָט־דומע געפאָדערט, אז אין דער רעגירונג זאָל נישט אריַינגיין ניט טראָצקי און ניט לענין. די באָלשעוויקעס, פון זייער זייַט, האָבן אויסגעקליבן קערענסקין און, דוכט זיך, אווקסענטיעוון, צו א פארשטענדיקונג איז מען געקומען דערמיט, וואָס מע האָט אָנגענומען א פאַרנעפּלטע באַשטימונג, אז אין מיניסטאָרן־ראַט זאָלן אריַינגיין פּאַכלייַט, אומאָפּהענגיק פון זייער פאַרטיי־אָנגעהעריקייַט. די נעמען פון לענין, טראָצקי און קערענסקי זיַינען ניט דערמאָנט געוואָרן אין דעם באַשלוס און דערמיט גופא האָט יעדער צאַד געגעבן א שטומע צושטימונג אף די קאַנדידאַטן פון דעם אַנדערן צאַד. מיר, די אַנטיבאָלשעוויקעס, האָבן גוט פארשטאַנען, אז די באָלשעוויקעס וועלן בעשום־אויפן ניט איַינשטימען אף אויסצושליסן לענינען און טראָצקין פון דער רעגירונג. אזוי ווי מיר האָבן גוט פארשטאַנען, אז די לאַגע פון קערענסקין אפן פראָנט איז ניט קיין זייער גלענצנדע (דאָס האָט מען געקאָנט דרינגען כאָטש פון זיַין טעלעגראַמע צו די עסערן), האָבן מיר געמוזט איַינגיין אף אלע האַנאָכעס, אבי נאָר דערגרייכן א פארשטענדיקונג און אָפּשטעלן דעם בירגערקריג. אָבער די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַן ענדגילטיקן ניצאָכן.

אונדזער פארשטענדיקונג איז פאַרגעקומען שפּעט באַנאַכט, דעם 31 אָקטיאַבער, נאָך א לאַנגער און א פייַנלעכער זיצונג פון פיר־פינף שאָ. באַלד ווי די פארשטענדיקונג איז פאַרגעקומען, האָט מען ווידער אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן א וואָפנשטילשטאַנד. די פאָרשטייער פון די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעוויזן, אז פריִער דאַרף די פארשטענדיקונג אָנגענומען ווערן דורך דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט. נאָר ווען מיר, די אַנטיבאָלשעוויקעס, האָבן ענערגיש גענומען פאָדערן, אז די בלוט־פאַרגיסונג זאָל טייקעף אומיאַד אָפּגעשטעלט ווערן, איז קאַמעניעוו איַינגעגאַנגען אף דעם. ער האָט דערקלערט, אז ער איז זיכער, אז די ארבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן וועלן מאַסקים זיַין אף די באַדינגען, וועלכע זיַינען אויסגעארבעט געוואָרן דורך דער באַראַטונג, און דערום רעכנט ער פאַר מעגלעך אָנעמען מיט־לען אָפּצושטעלן די קאַמפן אפן פעטערבורגער פראָנט.

עס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט א פּראָטאָקאָל פון דער לעצטער זיצונג מיט די אָנגענומענע טנאָים פון דער פארשטענדיקונג, און עס איז באַשטימט געוואָרן, גלייַך די זעלבע נאַכט אָפּפירן דעם פּראָטאָקאָל מיט א בריוו פון דער באַראַטונג אפן פראָנט צו די ביידע שטאַבן פון די קעמפנדיקע אַרמייען מיט דעם, זיי זאָלן שליסן א וואָפנשטילשטאַנד.

קעדיי צו באַקומען די מעגלעכקייַט צו פאָרן אומגעשטערט אפן פראָנט צו די שטאַבן, האָט מען געמוזט האָבן א דערלויבעניש דערויף פון פעטערבורגער מיליטער־שטאַב, וועלכער האָט זיך געפונען אין „סמאָלני אינסטיטוט". די באַראַטונג האָט אויסגעוויילט מיך און דעם צווייטן פאָרשטייער פון „וויגזשעל" אלס דעלעגאַטן צו פאָרן אפן פראָנט. די באָלשעוויסטישע פאָרשטייער האָבן אונדז געגעבן א צעטל אין שטאַב פון „סמאָלני", אז מע זאָל אונדז דאָרט ארויסגעבן א דערלויבעניש צו פאָרן אפן פראָנט.

עס איז שוין געווען נאָך צוויי אזייגער באַנאַכט. איך מיט דעם צווייטן דעלעגאַט זיַינען אף דעם אווטאָמאָביל פון „וויגזשעל" אוועקגעפאָרן אין „סמאָלני", גרייטנדיק זיך אין דעם זעלבן אווטאָמאָביל אָפּצופאָרן פון דאָרט אפן פראָנט מיט דער בסורע וועגן א פארשטענדיקונג.

ניט קוקנדיק אף דער שפּעטער צייַט, איז דער „סמאָלני אינסטיטוט" געווען שטאַרק באַלעבט. אלע צימערן אף אלע דריַי עטאַזשן זיַינען געווען באַלויכטן. אין טיר פון „סמאָלני" האָב איך זיך באַגעגנט מיט מייַן אלטן באַקאַנטן באָנטש־ברויעוויטש, א געוועזענעם טאָל־סטאָיעווען, וועלכער איז גאָר ניט לאַנג אריבער צו די באָלשעוויקעס. ווייסנדיק, אז איך בין א קעגנער פון באָלשעוויזם, האָט ער מיך די לעצטע צייַט אויסגעמיטן, ווען מיר פלעגן

זיך ווי צוזאַמענטרעפן. דערהערנדיק מיך איצט, שפּעט באַנאַכט, אין „סמאָלני", האָט ער זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, נאָר ער האָט עס אויסגעדריקט בלויז מיטן בליק און גאָרנישט ניט געפרעגט בא מיר. ווען דער סאָלדאַט, וועלכער איז געשטאַנען אַף דער וואַך בא דער טיר, האָט געפאָדערט בא מיר און בא מײַן כאַווער א „פּראָפּוסק", איז באַנטש-ברויעוויטש שנעל צוגעגאַנגען צו אים און שטרענג באַפוילן:

— לאָז זיי דורך! — און איז אַוועק מיט אונדז, צו באַגלייטן אונדז דורך די אַלע וואַכן, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין. ער האָט געפרעגט, וווּהין מיר גייען. ווען מיר האָבן אים מיטגעטיילט; וווּהין און וועגן וואָס מיר גייען, האָט ער אונדז אָפּגעפירט צום שטאַב, נאָר ער האָט דערבײַ באַמערקט:

— דוכט זיך, אַז דאָרט איז איצט נישטאָ קיינער פון די, וועמ ס'זאָל אײַך קאָנען ארויסגעבן אַזא דערלויבעניש.

באָנטש-ברויעוויטש האָט אונדז ארופגעפירט אַפן דריטן שטאָק און אָנגעוויזן, וווּהין ארײַנצוגיין. מיר זײַנען ארײַן אין זייער א גרויסן שטאַרק באַלויכטענעם צימער, ווי עטלעכע פּריילינס האָבן געאַרבעט אַף שרײַבמאַשינקעס. כויץ זיי, איז דאָרט קיינער ניט געווען, נאָר די פּאָדלאָגע איז געווען אינגאַנצן פול מיט פּאַפּיראָסן-מונדשטוקן, פּאַפּירלעך און צעריסענע צײַטונגען, וואָס עס האָט באַוויזן, אַז דאָ איז פאָרגעקומען א פאַרזאַמלונג פון פיל מענטשן. פון דעם צימער איז געווען נאָך א טיר אין א צווייטן צימער. מיר זײַנען ארײַן אהין. דאָ זײַנען בא א לאַנגן טיש געזעסן דרײַ יונגעלײַט, מיליטעריש געקליידעט, אַפן טיש איז געשטאַנען א בלעכענער טשײַניק און עטלעכע גלעזער, אָנגעפילט מיט אויסגערייכערטע פּאַפּיראָסן, און ס'האָבן זיך געוואַלגערט שטיקער שוואַרץ ברויט. אַף דער וואַנט איז געווען איינגעאָרדנט א פעלד-טעלעפאָן.

— מיר דאַרפן זען דעם הויפּט-אָנפירער פון שטאַב, — האָב איך זיך אָפּגערופן.

איינער פון די יונגעלײַט האָט מיך האָפערדיק באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס און א פרעג געטאָן:

— נאָך וואָס באַדאַרפט איר אים?

איך האָב אים דערציילט, ווער מיר זײַנען און נאָך וואָס מיר זײַנען געקומען אין שטאַב. ער האָט מיך אויסגעהערט מיט א גלײַכגילטיקן אויסדרוק און מיט א האַלב איראָנישן שמייכל.

— דער הויפּט-אָנפירער פון שטאַב איז איצט דאָ ניטאָ. איך פאַרטרעט אים.

און אין א ווײַלע ארום צוגעגעבן:

— איך קאָן אײַך קיין שום דערלויבענישן ניט ארויסגעבן אַף צו פאָרן צום פראָנט.

איך האָב גענומען אים דערקלערן, ווי וויכטיק דאָס איז, אַז מיר זאָלן וואָס גיכער זײַן אַפן פראָנט און אָפּשטעלן די בלוט-פאַרגיסונג. דער יונגערמאַן האָט זיך צעלייגט אַפן שטול, געקוקט אַף מיר מיט טיפער פאַראַכטונג און ארויסגערעדט רויִק און האָפערדיק:

— איר האָט שוין ניט וואָס צו פאָרן אַפן פראָנט... און עס איז שוין איבעריק ארײַנצוטרעטן אין א וועלכער-עס-איז פאַרשטענדיקונג מיט די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערן...

— פאַרוואָס?

— ווײַל קערענסקיס באַנדע איז פולשטענדיק צעשלאָגן: די קאָזאַקן האָבן זיך אונטערגעגעבן, און קערענסקי אַליין איז ארומגערינגלט. בא איצטיקן מאָמענט האָט מען אים שוין געווים גענומען אין פּלען און אין א פּאָר שאָ ארום וועט מען אים ברענגען אהער. ווי איר זעט, האָט איר א ביסל פאַרשפּעטיקט מיט אײַער פאַרשטענדיקונג.

איך און מײַן כאַווער האָבן פונדעסטוועגן געפּרוווט איבערצײַגן דעם יונגנמאַן, אַז מיר דאַרפן אויספירן די מיסיע, וועלכע איז אַף אונדז ארופגעלייגט, אַז דער צושטאַנד אַפן פראָנט קאָן ניט אָפּשאַפן די האַכלאָטעס, וואָס זײַנען אָפּיציעל אָנגענומען פון אַלע פּאַרטייען. נאָר ער האָט אונדז ניט געוואָלט אַפילע אויסהערן, און מיר זײַנען ארויס פון „סמאָלני" אין זייער א געדריקטער שטימונג.

## ה

אַף מאָרגן פרי האָט זיך באַקומען די באַשטעטיקונג וועגן דער מאַפּאָלע פון קערענסקיס אַרמיי. ווי ס'האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויזן, האָט קערענסקי געהאַט אינגאַנצן זעקס הונדערט קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אָן איבעריקער היסלײַוועס און לעסאָף ניט בלויז

זיך אונטערגעגעבן, נאָר אפילו באַשטימט אַרויסצוגעבן קערענסקין. אין דער לעצטער מינוט האָט זיך קערענסקין אײַנגעגעבן צו אַנטרונען פון זייערע הענט.

אין דער שטאָט־דומע האָט מען קיין שום גענויע ידיעות ניט געהאַט. עס האָבן זיך בלויז געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן קערענסקיס מאַפּאָלע און דאָסראָוו דעפּוטאַטן האָבן דעריין ניט געגלייבט. עס איז געווען אַ שטורעמדיקע זיצונג, בעשאַס וועלכער דער שטאָט־גאָלאָווא נ. שרעדער האָט דערקלערט די מאַפּאָלע מיט אַ פּאַראַט מיצאַד דעם „וויגזשעל" און האָט געטײַנעט, אַז די גאַנצע באַראַטונג איז געווען אײַנגעאָרדנט דורך דעם „וויגזשעל", בלויז קעדיי צו געווינען צײַט. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען איבערגעגעבן מיט אַלע פּראָטים די סצענע פון דעם פּאַראַט פון די קאָזאַקן מיט זייער גענעראַל קראַסנאָוו קעגן קערענסקין:

אַ דעלעגאַציע פון מאַטראָסן אונטער דער אָנפירונג פונעם באַוווּסטן דיבענקאָ איז אַרײַן אין אונטערהאַנדלונגען מיט די קאָזאַקן, וועלכע האָבן באַשלאָסן מיט דער איינשטימונג פון זייער גענעראַל קראַסנאָוו, אַרויסצוגעבן קערענסקין די באָלשעוויקעס. דאָס איז געווען דעם 1 נאָיאַבער.

„אַזייגער איינס באַטאָג, — האָט נאָכדעם דערציילט גענעראַל קראַסנאָוו, — האָט מיך אַרויסגערופן צו זיך דער הויפּט־קאָמאַנדיר (קערענסקי). ער איז געווען אויפגערעגט און זייער נערוועז.

— גענעראַל! — האָט קערענסקי געזאָגט, — איר האָט מיך פאַראַטן. אײַערע קאָזאַקן ריידן אָפן, אַז זיי ווילן מיך אַרעסטירן און איבערגעבן די מאַטראָסן.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט, — מע שמועסט וועגן דעם, און איך ווייס, אַז איר האָט פאַרלוירן בײַ אַלעמען דאָס מיטגעפיל.

— די אָפיצערן שמועסן אויך דאָס זעלבע?

— יאָ. די אָפיצערן זײַנען זייער אומצופרידן מיט אײַך.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן? עס קומט מיר אויס צו נעמען זיך דאָס לעבן.

— אויב איר זײַט אַן ערלעכער מאַן, וועט איר טייקעף פאָרן קיין פּעטערבורג מיט אַ ווײַסער פאָן. איר וועט זיך מעלדן צום רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט און אונטערהאַנדלען מיט אים, ווי אַ פאָרשטייער פון דער רעגירונג.

— יאָ, איך וועל עס טאָן, גענעראַל!

— איך וועל אײַך געבן אַ וואַך און וועל בעטן, אַז מיט אײַך זאָל מיטפאָרן אַ מאַטראָס.

— ניין! נאָר ניט קיין מאַטראָס! איר ווייסט, אַז דאָ געפינט זיך דיבענקאָ?

— איך ווייס ניט, ווער דאָס איז דיבענקאָ.

— דאָס איז מײַן סוינע.

— וואָס זאָל מען טאָן? פירט איר אַ גרויסע שפּיל, דאַרפט איר אויך קאָנען ענטפערן.

— גוט, נאָר איך וועל פאָרן בײַנאַכט.

— צו וואָס? דאָס וועט הייסן, אַז איר אַנטלויפט. פאָרט רויִק און אָפן, אַלע זאָלן זען, אַז איר אַנטלויפט ניט.

— גוט, נאָר גיט מיר אַ זיכערע וואַך.

איך האָב אַרויסגערופן אַ קאָזאַק פון צענטן דאָנער פּאָלק רוסאַנאָוו, און אים באַפוילן באַשטימען אַכט קאָזאַקן, וואָס זאָלן באַוואַכן דעם הויפּט־קאָמאַנדיר. אין אַ האַלבער שעה אַרום זײַנען געקומען די קאָזאַקן און דערציילט, אַז קערענסקי איז ניטאָ. ער איז אַנטלאָפן. איך האָב געהייסן אים זוכן. מע האָט אים געזוכט אין גאַטשינאַ און אין די אַרומיקע ערטער, נאָר מע האָט אים אין ערגעץ ניט געפונען.

ווען איך האָב אויף מאָרגן נאָך מײַן באַזוכן „סמאָלני" אָפּגעגעבן אין דומע אַ דין־וועכעזשבן וועגן די אונטערהאַנדלונגען און וועגן דעם ענטפער פון שטאַב, איז שוין קימאַט בײַ קיינעם קיין ספק ניט געווען, אַז פון דער באַראַטונג וועט גאָרניט אַרויסקומען. אין דומע זײַנען שוין אפילו געווען אומקלאָרע ידיעות וועגן קערענסקיס מאַפּאָלע, אין וועלכע דער גרעסטער טייל דעפּוטאַטן האָט פונדעסטוועגן ניט געגלייבט, מײַן באַריכט האָט אַרויסגערופן אַן עמעסן שטורעם. דער שטאָט־גאָלאָווא שרעדער האָט געשריִען, אַז די גאַנצע באַראַטונג האָט דער „וויגזשעל" אײַנגעאָרדנט מיט אַ פּראָוואָקאַטאָרישן ציל, קעדיי צו געבן די באָלשעוויקעס די מעגלעכקײַט אויסצוווארטן דעם רעזולטאַט פון די קאַמפן. ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט

די שטאַט־דומע פונדעסטוועגן באַשטימט ניט איבערצורײַסן די אונטערהאַנדלונגען און שיקן איר דעלעגאַט אַף דער זיצונג, וועלכע האָט געדאַרפט דעם טאָג אין אָוונט פאָרקומען. נאָר איך האָב שוין לאַכלוטן ניט געגלייבט, אַז די באַראַטונג זאָל ברענגען צו אַ וועלכן־עס־איז רעזולטאַט. דערצו בין איך געווען שרעקלעך מיד פון די ניט־דערשלאָפענע נעכט און האָב זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אַף דער באַראַטונג. די דומע האָט געשיקט אַף מײַן אָרט דעם דעפּוטאַט שירסקי (אַן עסער).

דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן אין סמאָלני אינסטיטוט.

דער פאָרשטייער פון „וויקזשעל", קרושינסקי, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ דערקלערונג, אַז אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפן טייקעף קומען צו אַן אויסגלײַך וועגן בילדן אַן איינהײַטלעך סאָציאַליסטיש מיניסטעריום. נאָר דער וויכטיקסטער אינטערעס פון דער זיצונג איז געווען ניט קרושינסקיס רעדע, נאָר די דעבאַטן וועגן אויסגלײַך בענעגייע אַ צײַטווײַליקן פאָלקס־ראַט.

אַ באַריכט וועגן דער אַרבעט פון דער באַראַטונג האָט געגעבן ריאַזאַנאָוו. ער האָט מיטגעטיילט, אַז די באַראַטונג האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ צײַטווײַליקן פאָלקס־ראַט, וועלכער דאַרף באַשטיין פון הונדערט מיטגלידער פון צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט, פינף און זיבעציק פאָרשטייער פון פּויערים־ראַט, הונדערט מיטגלידער פון מאָסקווער און פּעטערבורגער שטאָט־פאַרוואַלטונגען און אייניקע פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אַלרוסלענדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס ריאַזאַנאָוו איז אַליין געווען אַ דעלעגאַט אַף דער באַראַטונג און האָט צוזאַמען מיט קאַמעניעוון אָנגענומען די האַכלאָטע וועגן דעם צײַטווײַליקן ראַט אין דער אויבנדערמאָנטער צוזאַמענשטעלונג, איז ער דאָ, אין „סמאָלני", אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער קריטיק פון דער האַכלאָטע, אײַנגעפינענדיק, אַז דער אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַט איז שוואַך פאַרטראָטן אין דעם פאָלקס־ראַט און האָט אַרויסגעזאָגט די זיכערקײַט, אַז דער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט וועט דערויף ניט אײַנגיין.

דער פאָרשטייער פון די לינקע עסערן קאַמקאָוו האָט אויך אײַנגעפונען, אַז די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן דאַרפן זײַן פאָרגעשטעלט מיט הונדערט און פופציק מיטגלידער, אַז די פּויערים־ראַטן דאַרפן האָבן אַ פיל גרעסערע פאָרשטייערשאַפט, נאָר דערפאַר איז פאַר די שטאָט־פאַרוואַלטונגען גענוג פופציק ערטער. צוזאַמען מיט דעם האָט קאַמקאָוו זייער ענערגיש פאַרטיידיקט די אידיי פון אַן איינהײַטלעכן סאָציאַליסטישן מיניסטעריום און זיך אַרויסגעזאָגט, אַז נאָר בײַ דער מיטאַרבעטונג פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קאָן געראַטעוועט ווערן די רעוואָלוציע.

נאָכדעם טרעט אַרויס דער באָלשעוויק וואָלאָדאַרסקי און עפנט אויף די קאָרטן. ער דערקלערט אפילו, אַז אַף דער זיצונג זײַנען ניטאָ קיין קעגנער פון דעם אויסגלײַך, נאָר ער גיט באַלד צו, אַז די באָלשעוויקעס קאָנען ניט מאַסקים זײַן צו שליסן אַן אָפּמאַך אַף וועלכע־עס־איז באַדינגען און אַז זיי וועלן זייער ניצאָכן אָן אַ קאַמף ניט אָפּגעבן. די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן", און וועלן ניט גיין אַף קיין שום האַנאָכעס. ווײַטער זאָגט ער זיך אַרויס קאַטעגאָריש אין נאָמען פון די באָלשעוויקעס קעגן בילדן אַן אַנדער קאָנטראָל־אָרגאַן, כוץ דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט. אין נאָמען פון זײַן פּאַרטיי שטעלט ער אַרויס די פאָדערונגען: דער דעקרעט וועגן ערד טאָר ניט אָפּגעשאַפן ווערן. די נײַע רעגירונג מוז טייקעף באַשטעטיקן דעם דעקרעט וועגן שאָלעם און וועגן אַ קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע. די שטאָט־דומעס דאַרפן ניט צוגעלאָזט ווערן אין קאָנטראָל־אָרגאַן.

בעקיצער, וואָלאָדאַרסקי האָט אין נאָמען פון די באָלשעוויקעס קלאָר און אָפן דערקלערט, אַז זײַן פּאַרטיי זאָגט זיך אָפּ פון וועלכע־עס־איז פּשאָרעס, וואַרפט אָפּ די אָנגענומענע באַשלוסן וועגן אַ צײַטווײַליקן פאָלקס־ראַט, און אויב זי איז גרייט מאַסקים צו זײַן אַף אַן איינהײַטלעך סאָציאַליסטיש מיניסטעריום, איז נאָר פון אַזעלכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס אַנערקענען די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־ראַטן אַלס די איינציקע מאַכט אין לאַנד.

צום סאָף שטעלט וואָלאָדאַרסקי די אַלע טעזיסן, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט, ווי אַ רעזאָלוציע אַף אַן אָפּשטימונג, און דער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט נעמט אָן די רעזאָלוציע מיט אַ מערהײַט שטימען.

נאָך דער אָנגענומענער רעזאָלוציע האָט, פאַרשטייט זיך, שוין קיין רייד ניט געקאָנט

זײַן וועגן אן אויסגלײַך, און די באַראַטונג, אויף וועלכע מע האָט געלייגט אַזויפיל האָפענונג, איז זיך אויף מאָרגן פונאַנדערגעפאַלן.

אין אַ טאָג-צוויי אַרום, ווען עס האָט זיך ענדגילטיק באַשטעטיקט קערענסקיס מאַפּאַלע און זײַן אַנטלויפן, האָט זיך פונדעסטוועגן די שטימונג אין דער שטאָט-דומע ניט פיל געענדערט. קימאַט אַלע זײַנען געבליבן בײַ זייער פריִערדיקן אָפּטימיזם: די באָלשעוויסטישע מאַכט וועט זיך לאַנג ניט האַלטן און קאָן זיך ניט האַלטן, האָבן די באָלשעוויקעס אָפּגעהאַלטן אַ ניצחון אין פּעטערבורג, בלײַבט מאָסקווע, וועלכע פירט אַ העלדישן קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס. כּוח דעם, איז דאָך גאַנץ רוסלאַנד קעגן די באָלשעוויקעס.

נאָך בעשאַס עס זײַנען געגאַנגען די אונטערהאַנדלונגען מיט די באָלשעוויקעס, האָט דער שטאָט-גאָלאָווא שרײַדער טעלעגראַפיש צונויפגערופן אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון די דעמאָקראַטיש אויסגעוויילטע שטאָט-פאַרוואַלטונגען פון מאָסקווער און פּעטערבורגער ראַיאָנען און האָט געלייגט פיל האָפענונג אויף אָט דער באַראַטונג. נאָר אַזוי ווי דער טעלעגראַף האָט שלעכט פונקציאָנירט און נאָך אין אַן ערגערן צושטאַנד האָט זיך געפונען די אײַזנבאַן-באַוועגונג, זײַנען צו דער באַראַטונג געקומען אײַנגאַנצן אַ מענטשן צען פון עטלעכע אַרומיקע שטעטלעך. בלויז פון מאָסקווע איז געקומען אַ דעלעגאַט. אַ טאָג-צוויי איז מען אָפּגעזעסן אין שטאָט-דומע. מע האָט געהאַלטן רעדעס און פונאַנדערגעפאָרן זיך, פאַרשטייט זיך, אָן וועלכע-עס-איז רעזולטאַטן.

די דומע איז ווײַטער געבליבן דער צענטראַל-פּונקט פון אַלע אַנטיבאָלשעוויסטישע עלעמענטן. אַ פּאָר וואָכן האָבן די באָלשעוויקעס געדולדיק דאָס איבערגעטראָגן, ווײַל זיי האָבן זיך נאָך ניט געקאָנט באַגיין אָן דער שטאָט-דומע. זיי האָבן דערווײַל פאַרפעסטיקט זייערע פּאָזיציעס, פאַרשטייענדיק זייער גוט, אַז זיי וועט ניט שווער זײַן בײַ יעדער צײַט פונאַנדערצוטרײַבן די דומע. דערווײַל האָבן זיי ביסלעכווײַז אָנגעהויבן זי צו דריקן, האָבן צוגענומען בײַם שטאָט-גאָלאָווא זײַן אויטאָמאָביל, האָבן אָפּיציעל געפאָדערט, אַז די דומע זאָל זיך אויפהערן צו באַשעפטיקן מיט פּאָליטיק. באַלד האָבן זיי פאַראָרדנט צו אַרעסטירן דעם שטאָט-גאָלאָווא, נאָר דאָס אויספירן האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן, ווײַל ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן.

בעערעך אין דרײַ וואָכן אַרום נאָך דער איבערקערעניש איז דורך אַן אָפּיציעלן דעקרעט די שטאָט-דומע פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן. די געבײַדע פון דער שטאָט-דומע האָבן פאַרנומען סאָלדאַטן און מאַטראָסן, וועלכע האָבן קיינעם אַהין ניט אַרײַנגעלאָזט.

אָבער דער שטאָט-גאָלאָווא און די דעפּוטאַטן האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. עס זײַנען געוועזן אײַנגעאָרדנט אין אַלערליי ערטער געהיימע זיצונגען, וועלכע האָבן זיך געפירט אויפן געוויינלעכן שטייגער. עס זײַנען באַטראַכט געוואָרן אַלערליי שטאָטישע ענינים און אָנגענומען געוואָרן אַלערליי באַשלוסן, וועלכע מע האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט די מעגלעכקײַט דורכצופירן. די גאַנצע האָפענונג איז איצט געווען אויף דער אָבסטרוקציע און סאַבאָטאַזש פון די שטאָט-אָנגעשטעלטע און בכלל פון דער אינטעליגענץ. און אַפילו בײַ די באַדינגונגען איז די שטימונג פון דער פונאַנדערגעטריבענער שטאָט-דומע געבליבן זייער אָן אָפּטימיסטישע, אויף אַזויפיל, אַז גאַנצע זיצונגען זײַנען געווען געווידמעט דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירן אַ רעגירונג, ווײַל מע איז געווען זיכער, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום גייען די באָלשעוויקעס אַוועק. לסוף אָבער, ווען מע האָט עטלעכע מאָל שיער ניט אַרעסטירט די אָנוועזנדע אויף די זיצונגען, האָט מען אויפגעהערט צו פאַרזאַמלען זיך.

מאָרדכע צאַנין
(ייִסראָעל)

# רעליגיע און אידעאָלאָגיע

ס'איז אָנגענומען, אַז רעליגיע און אידעאָלאָגיע געפֿינען זיך אויף צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליוסן. האַלט דאָך די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס טעאָרעטיש איז זי אַנטירעליגיעז, אַז „רעליגיע איז אָפּיום פֿאַר די מאַסן". רעליגיע איז געוואָרן אַזוי סובלימירט, אַז זי וויל ניט האָבן דעם מינדסטן שײַכעס מיט פּאַגאַניזם, וואָס פֿון אים, פֿונעם פּאַגאַניזם, האָט זי זיך אַנטוויקלט, פּונקט ווי פֿון דעם אורמענטש האָט זיך אַנטוויקלט דער האָמאָ סאַפּיענס. דער מענטש וויל ניט שאָלעם מאַכן מיט דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, וועלכער האָט אַ שײַכעס צו אים. עס באַליידיקט זײַן עגאָ...

רעליגיע איז אַן איראַציאָנעלע און מעטאַפֿיזישע גלויבן־סיסטעם — אַן אַבסטראַקציע וועגן אַ גאָטהײַט, וואָס מע קען זי ניט זען און ניט הערן און וואָס מע קען זי ניט וויסנשאַפֿטלעך באַגרינדן. ניט אַלע גלויביקע אין אַ געוויסער רעליגיע זײַנען אײַנשטימיק, וואָס שײַעך דער פֿאָרם, דעם געשטאַלט און מעהוס (מהות) פֿון זייער גאָט.

האַגאַם די ייִדישע רעליגיע איז די עלטסטע פֿון די מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס, אַרום דרײַ טויזנט דרײַ הונדערט יאָר אַלט, זײַנען אירע כאַכאָמים ביז הײַנט ניט געקומען צו אַן אײנהײַטלעכער דייע וועגן דעם געשטאַלט פֿון גאָט. ווערדליק דעם סייפֿער בערײשיס איז גאָט אַ גײַסט אין מענטשלעכן געשטאַלט: „ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים ברא אותו" — גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן אין זײַן געשטאַלט, און קעדיי קיינער זאָל ניט מאַכן קיין טאָעס, כאַזערט איבער דער פּאָסעק (פּסוק) עקזאַקט: „בצלם אלהים ברא אותו" — אין געשטאַלט פֿון גאָט האָט ער אים באַשאַפֿן. די דייע פֿון אַזאַ צאַדיק, ווי עס איז געווען דער באַלשעמטאָוו (בעל שם־טוב), איז גאָר אַן אַנדערע. ווערדליק אים האָט ניט גאָט קיין פֿיזיש געשטאַלט — „כל הארץ מלא כבודו" — די גאַנצע וועלט איז אָנגעפֿילט מיט גאָט. מע קען מיט זיכערקײַט זאָגן, אַז דער באַלשעמטאָוו האָט ניט געהערט וועגן ספּינאָזאַן. „כל הארץ מלא כבודו" איז דאָך די ספּינאָזישע „קפֿירע" (כפירה) פֿון פּאַנטעיִזם, אַז די נאַטור, די גאַנצע וועלט איז גאָט. אַ דריטע פֿאָרשטעלונג וועגן גאָט האָט די קאַבאָלע (קבלה). דער זאָהאַר (זוהר)[1] זעט גאָט ווי אַ געשטאַלט מיט טאָפּלטן געשלעכט. ער איז סײַ אַ פֿאָטער און סײַ אַ מוטער. די שכינע (שכינה) — גאָט — איז אַ ווײַב און דער, וואָס זיצט אין די עולמות העליונים (העכערע וועלטן) און באַהעפֿט זיך קימאַט סעקסועל מיט די הייליקע נעשאָמעס („ער קושט זיי, ער צערטלט זיי און האַלדזט זיי") איז אַ מאַן. די קריסטלעכע רעליגיע האָט דעם איניען קאָמפּליצירט. גאָט האָט ניט בלויז אַ מענטשלעך געשטאַלט, ווי עס זאָגט זיך אין אָנהייב פֿון סייפֿער בערײשיס (ספר בראשית), נאָר ער האָט אויך אַ זון און ביידע האָבן אַ הייליקן גײַסט. דעם גײַסט האָבן זיי גענומען פֿון דעם זעלבן בערײשיס־מאָקער (בראשית־מקור). גאָט איז טאַקע אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש, אָבער איידער ער האָט באַשאַפֿן די וועלט, האָט זײַן גײַסט געפֿלאַטערט איבערן געוויסער — „ורוח אלהים מרחפת על פני המים". מאַכאַמעד, וואָס האָט זיך געפֿונען אין קלעם צווישן ביידע מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס — דער ייִדישער און קריסטלעכער — האָט אָנגענומען די ייִדישע פּערזאָניפֿיצירונג פֿון גאָט, נאָר אים צוגעגעבן אַן אַראַבישן ניואַנס — אַללאַ הערשט טאַקע פֿון הימל, אָבער ער איז נעענטער צו דער ערד.

אַנטקעגן דער רעליגיע, וואָס איז איראַציאָנעל, איז די אידעאָלאָגיע, נאַטירלעך, ראַציאָנאַליסטיש, קולע סייכלדיק, אַ סיסטעם, וואָס שטייט מיט ביידע פֿיס אויף דער ערד און שליסט אויס רעליגיע פֿון אירע ביזנעס. עס זאָל הייסן, אַז אידעאָלאָגיע פֿאַרנעמט זיך פּראַקטיש מיט פּלאַנירן און רעאַליזירן פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע צילן, עווענטועל אויך קולטור־צילן. רעליגיע איז סטאַביל, אירע דאָגמעס זײַנען „אייביקע", כאָטש אירע מעפֿאָרשים (מפורשים) טײַטשן אויס — אַ האַלאָכע (הלכה) דאָ און אַ האַלאָכע דאָרט פֿאַר פּראַקטישע צוועקן:

---

1. זאָהאַר (זוהר) — דער וויכטיקסטער בוך פֿון קאַבאָלע.

צי זײַנען אין דערווירקלעכקײַט די בײדע סיסטעמען — רעליגיע און אידעאָלאָגיע — קעגנזעצלעכע?

אין אונדזער פּילגעפּרוּווטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעזאַמלט גענוג באַווײַזן, אַז ווי רעליגיע קען פאַרוואַנדלט ווערן אין ערדישער פּערווערזיטעט, אַזוי קען אידעאָלאָגיע ווערן רעליגיע. אין בײדע פאַלן זײַנען מענטשן מעסוגל צו דערגײן צו זעלבסטמערדערישן פאַנאַטיזם. לאָמיר נעמען אַ פּאָר בײַשפּילן פון דער ווירקלעכקײַט: פאַר דער עמונע אין גאָט, ווי זײ זעען אים, זײַנען רעליגיעזע ייִדן געווען און זײַנען ווײַטער גרײט צו גײן אַף קידעש-האַשעם (קידוש-השם) און זיך לאָזן אומברענגען. נו, דער קידעש-האַשעם איז אויך פאַראַן אין אַן אידעאָלאָגישער וואַריאַציע — קידעש האַידעאָלאָגיע: בײַס די סטאַלינישע מאָסקווער מאַכעשײפע-פּראָצעסן זײַנען אַזעלכע אידעאָלאָגן ווי זינאָוויעוו, קאַמעניעוו און אַנדערע, זיך „מוידע געווען" אין פאַרברעכנס, וואָס זײ זײַנען נישט באַגאַנגען, קעדײ צו ראַטעווען די „הײליקע ווערטן" פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע. זײ האָבן זיך געלאָזט אומברענגען פאַר דעם, אין וואָס זײ האָבן געגלײבט. אין לענדער, וווּ די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז פאַרפאָלגט געוואָרן, זײַנען קאָמוניסטן אַף אַן עמעס געגאַנגען אַף קידעש האַידעאָלאָגיע. געפּײַניקט געוואָרן אין אויספאָרשונגען און אָפט געווען פאַרשפּאַרט אין טפיסעס בעמעשעך לאַנגע יאָרן. די נאַציִשע אידעאָלאָגיע איז סײַ פאַר די דײַטשישע פאָלקסמאַסן פון אַלע שיכטן און סײַ פאַר דער אינטעליגענץ געוואָרן אַ רעליגיע. קעדײ די נאַציִשע רעליגיע צו פאַרטיפן, האָבן די נאַציס טײלווײַז זיך דיסטאַנסירט פון דער קריסטלעכער רעליגיע און זיך געווענדט צו הינדויִזם, וואָס דער מערדער-יונג הײנריך הימלער איז געוואָרן זײַן פּריידיקער.

„דער ציל הײליקט די מיטלען" איז געווען און איז ווײַטער דער קאַנאָן פון אַלע רעליגיעס און אויך פון די אידעאָלאָגיעס, וואָס ווערן פאַרוואַנדלט אין רעליגיע.

די מוירעדיקסטע פּאָליטישע, רעליגיִעזע, סאָציִאַלע און קולטור-פאַרברעכנס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן אין אונדזער קולטורעלן און וויסנשאַפט-רײַכן יאָרהונדערט. די פאַרברעכנס זײַנען אָפּגעטאָן געוואָרן אין נאָמען פון אידעאָלאָגיעס. פּונקט ווי די קאַטוילישע אינקוויזיציע האָט געפּײַניקט און פאַרברענט אומשולדיקע מענטשן פאַר הערעזיע און פאַר אויסדריקן מאַכשאָוועס (מחשבות), וואָס האָבן נישט געשטימט מיט די קירכלעכע דאָגמעס, האָבן ענלעכע פאַרברעכנס אָפּגעטאָן רעזשימען מיט טאָטאַליטאַרע אידעאָלאָגיעס. די אינקוויזיטאָרן, די געפּעו, די עססעס האָבן זײערע פאַרברעכנס אָפּגעטאָן קאַלטבלוטיק און מיט דער איבערצײַגונג, אַז דערמיט, וואָס זײ זײַנען גוירעם טויט, יעסורים און אינוואַלידישקײַט, האָבן זײ גוט געדינט גאָט אין הימל און די געטער אַף דער ערד. די מילכאָמעס אין אײראָפּע זײַנען פאָרגעקומען צווישן אַרמײען פון קריסטלעכע לענדער. עס האָבן זיך געשאָכטן קעגנזײַטיק קאַטאָליקער, אָדער קאַטאָליקער מיט פּראָטעסטאַנטן, אָבער פון דער זעלבער גרונטרעליגיע. יעדער צאַד האָט געבעטן צו דעם זעלבן גאָט און זײַן זון, ער זאָל אים העלפן פאַרטיליקן דעם קעגנער. דײַטשלאַנד האָט געפירט מילכאָמע מיט פראַנקרײַך, האָבן די דײַטשן געהאַט אויסגעקריצט אַף די שנאָלן פון זײערע מונדיר-רימענס — „גאָטס איסט מיט אונדז". די קעמפנדיקע צדאָדים האָבן זײער גאָט געשטעלט פאַר אַן אַכזאָריִעסדיקער דילעמע, וועלכע פון זײַנע גלויביקע אויסקוילען.

די פאַרטרעטער פון דעם קריסטלעכן גאָט אַף דער ערד, דער וואַטיקאַן, די קאַרדינאַלן און בישאָפן אין די מילכאָמעדיקע לענדער האָבן זיך אַקטיוו באַטײליקט אין אָט דעם רעליגיִעז-אידעאָלאָגישן בורלעסק. אין זײערע צוויִעסדיקע (צביעותדיקע) טפילעס גאָט זאָל העלפן שעכטן די קעגנערישע גלויבנס-ברידער, קריסטן, האָבן זײ אַרײַנגעלײגט אַלע זײערע רעליגיִעזע קאַוואָנעס (כוונות). די בוילעטע סטירעס (סתירות) סײַ אין דער רעליגיִעזער פּראַקטיק און סײַ אין די אידעאָלאָגישע סטירעס ווערן אויסגעגליכן, ווי זײ וואָלטן ביכלאַל נישט געווען:

אין דער טוירע שטײט געשריבן (שמות יז 14, 15, 16) „ויאמר אלהים אל משה", האָט גאָט געזאָגט צו מוישען, „כתוב זאת זיכרון בספר", פאַרשרײַב עס אין אַ סײפער צו געדענקען, „ושים באזני יהושע", און רעד עס אַרײַן אין אויער פון יעהוישוע, „כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים", אַז איך וועל אויסמעקן דעם זײכער פון אמאָלעק (עמלק) פון אונטער דעם הימל. „ויבן משה מזבח", און מוישע האָט אויפגעבויט אַ מיזבײעך (מזבח), „ויקרא שמו יהוה-נסי", און גערופן זײַן נאָמען גאָט איז מײַן פאָן. „ויאמר כי יד על כסאיה", און ער האָט געזאָגט מיט דער האַנט אַף גאָטס טראָן: „מלחמה ליהוה בעמלק מדור לדור", די מילכאָמע קעגן אמאָלעק וועט אָנגײן פון דאָר צו דאָר. צי איז נײטיק געווען אַ גרעסערע

גאראנטיע, ווי די גאראנטיע פון גאָט, אז ער וועט אָפּמעקן אמאָלעקן פון אונטערן הימל? איז געקומען דער ערגסטער אמאָלעק, דער נאַצישער אמאָלעק, און אָפּגעמעקט דאָס פונדאמענטאלסטע דריטל פון אונדזער פאָלק, צוזאמען מיט אַנדערהאלבן מיליאָן קינדער.

ראבאָנים, אדמוירים, צאדיקים און כאריידים (חרדים)[2], וואָס זײַנען מעדאקדעק א בלוטטראָפּן אין אן איי, האָבן ניט געמאכט דעם מינדסטן אויספיר, אָדער כעזשבן האנעפעש (חשבון הנפש), פון גאָטס גלײַכגילטיקײַט קעלאפיי זײַן פאָלק אין יענע פינצטערע יאָרן. וואָרעם עס שטייט געשריבן: „גאָט איז גערעכט און זײַן מישפּעט איז גערעכט". איז געקומען דער ליובאוויטשער אדמו״ר, מענאכעם־מענדל שנייערסאָן, און „אויסגעגלײַכט" די סטירע צווישן דעם געשריבענעם אין דער טוירע און דער מוירעדיקער ווירקלעכקײַט: ער האָט דערקלערט בעפאַרהעסיע (בפרהסיא) פאר דער גאנצער וועלט, אז די נאַציס האָבן פּאַרטיליקט דעם בעסטן טייל פון אונדזער פאָלק צוזאמען מיט די קינדער, ווײַל דאָס יידישע פאָלק האָט געזינדיקט. מיט אזא „פסק הלכה" האָט דער ליובאוויטשער בארעכטיקט די אלע, וואָס שטייען אָן אף יידן, די „פּאמיאטס", די קו־קלוקס־קלאן און אנדערע אויסוואורפן, ווײַל זיי ווערן געשיקט פון גאָט מאכמעס דאָס יידישע פאָלק איז זינדיק. קיין שום סוינע יִסראָעל האָט נאָך ניט צוגעטראכט אזא שווערן בילבל, אז יידן זײַנען אזוי שטארק זינדיק, אז פאר אזעלכע זינד קומט זיי אומגעבראכט צו ווערן צוזאמען מיט זייערע אייפעלעך און קינדער אין די כאדאָרים און יעשיוועס (ישיבות).

אזעלכע קארדינאלע הימלשע סטירעס און דאָס אבסורדאלע פארענטפערן זיי איז מעגלעך נאָר דערפאר, ווײַל דאָס האָט דער מענטש אופגעהויבן די גאָטהײַט פון דער ערד און זי ארופגעזועצט אפן זיבעטן הימל. מיט די געטער פון די אידעאָלאָגישע רעליגיעס קומט עס פאָר מיט מער גערעכטיקײַט, ווײַל די געטער זײַנען צו דערגרייכן און די פעלקער קאָנטראָלירן זיי, אָפט מיט א גוואלדיקער פארשפעטיקונג.

ניט געווען קיין גלײַכער צום שעפער פון דער פאשיסטישער אידעאָלאָגיע, בעניטאָ מוסאָליני. ניט בלויז דער איטאליענישער האמוין האָט אים פארגעטערט. אויסער פון דעם איטאליענישן האמוין איז ער פארגעטערט געוואָרן דורך איטאליענישע גענעראלן, אינטעלעקטואלן, דיכטער און קינסטלער, צווישן זיי מארינעטי, דער דיכטער און שעפער פונעם פוטוריזם, און די געניאלע שוישפילערן עלעאָנאָרא דוזע.

בעניטאָ מוסאָליני — א גאָט אף דער ערד, וואָס זײַן רעליגיע איז קאָפּירט געוואָרן פון אנדערע הערשער אין אייראָפּע. זיי אלע האָבן אים דערהויבן ביז אונטערן הימל, אָבער ניט געווען בעקויעך אים ארופצוזעצן אפן הימל. דערמיט איז זײַן געטלעכער גוירל געווען געכאסמעט. נאָך אלע זײַנע פאשיסטישע פארברעכנס און נאָך זײַן אָנשליסן זיך צום נאציזם אין א בונד מיט היטלערן האָט אים דער האמוין, וואָס האָט אים נעכטן־אייערנעכטן געמאכט פאר א גאָט, געמישפּעט און אים אופגעהאנגען בא די פיס אף א רוימישער פיאצא.

אדאָלף היטלער, וואָס האָט די נאצישע אידעאָלאָגיע פארוואנדלט אין א רעליגיע און זיך פארמאָסטן אָפּצובײַטן אלע אנדערע רעליגיעס און אידעאָלאָגיעס און פארשפרייטן איבער דער גאנצער וועלט די אלט־גערמאנישע וואָטאן־רעליגיע — אויך ער האָט ניט אויסגעהאלטן דעם געטלעכן עקזאמען אף דער ערד. ער, דער נאצישער גאָט, איז א פארשפילטער באגאנגען זעלבסטמאָרד און זײַנע קויהאנים (כהנים) זײַנען אופגעהאנגען געוואָרן.

ענלעך מיט סטאלין־דזשוגאשווילי, דער גאָט, וואָס דיכטער האָבן באזונגען זײַן מעכטיקײַט מיט אן ענלעכער דווייקעס (דביקות) און לײַדנשאפט, ווי פרומע פון די מאָנאָטעיסטישע רעליגיעס באזינגען גאָט אין הימל. ער האָט געהאלטן אין אידעאָלאָגיש־רעליגיעזער שפאנונג ניט בלויז די פעלקער פון א זעקסטל פון דעם ערדקײַלעך, נאָר אויך צענדליקער און צענדליקער מיליאָנען גלויביקע אין אים איבער אלע קאָנטינענטן. ער, דער קאָמוניסטישער גאָט אף דער ערד, איז דער שולדיקער אינעם פײַן, יעסורים און טויט פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, אָבער די גלויביקע אין אים האָבן זײַנע מאָנסטעריעלע פארברעכנס פארענטפערט מיט דעם זעלבן רעליגיעזן פאנאטיזם, ווי דער ליובאוויטשער רעבע האָט פארענטפערט גאָט אין הימל פאר זײַן גלײַכגילטיקײַט אין די פינצטערע טעג, ווען די מאלאכייכאבאָלע (מלאכי־חבלה)[3] פון דעם נאצישן גאָט אף דער ערד האָבן געשאָכטן אונדזער פאָלק מיט דער קאוואָנע (כוונה) אָפּצומעקן עס פון דער ערד. איך קען א צאָל לידער פון יידישע דיכטער, וואָס האָבן געלויבט סטאלינען מיט ענלעכע שוואָכים, מיט וועלכע רעליגיעזע יידן

2. כאריידים (חרדים) — יידישע רעליגיעזע פאנאטיקער.

3. מאלאכיי־כאבאָלע (מלאכי־חבלה) — דאָ: גאזלאָנים, ראָצכים.

לויבן גאָט אין קאַדיש יעסוימים (קדיש יתום) און אין קאַדיש שאָלעם (קדיש שלם), מיט דעם אונטערשייד, וואָס דער קאַדיש איז געשריבן אין אַראַמעיִש און די לויב־לידער פֿאַר סטאַלינען אין ייִדיש, אָבער מיט די זעלבע פּירקאַנטיקע אויסיִעס.

איז דער אונטערשייד צווישן דער איראַציאָנעלער, מעטאַפֿיזישער רעליגיע און דער ראַציאָנעלער רעליגיע מיטאַך אידעאָלאָגיע בלויז דער, וואָס דער גאָט פֿון דער ערשטער געפֿינט זיך אין הימל און איז ניט צו דערגרייכן פֿיזיש, בײַס די געטער פֿון די רעליגיעס־אידעאָלאָגיעס געוועלטיקן אויף דער ערד און די פֿאַרביטערונג פֿון זייערע פֿאַרפֿירטע באַלײַ־עמונע (בעלי־אמונה) לאָזט זיך לעסאָף אויס אויף זייערע קעפּ.

וויִאַזוי איז בכלל געקומען צו גאָט־זוכעניש פֿונעם מענטש סײַ אויף דער ערד, סײַ אין הימל און ווידער אויף דער ערד?

זײַט דער מענטש האָט אָנגעהויבן באַגרײַפֿן זײַן פֿאַרגענגלעכקײַט און אייַנזאַמקײַט אויף דער וועלט, לעבט ער אין קאָסמישער שפּאַנונג. דער אינסטינקט פֿון פּאַכעד פֿאַר אויפֿהאַלטן דאָס לעבן — אַן אינסטינקט, וואָס איז גלײַך פֿאַר אַלע לעבעדיקע יעצורים, — איז געשטאַרקט געוואָרן פֿון דעם אומגעהײַער, אין וועלכן דער מענטש לעבט. אויב ער, דער מענטש, טראַכט, פֿילט ווייטיק, קען באַהערשן אַלץ, וואָס איז שוואַכער פֿון אים, לעבט אויך די זון, די לעוואָנע, די שטערן, די שטיינער אויף דער ערד. אָט געשעט און אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿאַרניכטעט די כײַעס און די געוויקסן, מיט וועלכע דער מענטש שפּײַזט זיך. איז אַ סימען, אַז דאָס געוויסער לעבט און קאָן טאָן צום מענטש גוטס אָדער שלעכטס. די זון איז אָפּט גוירעם אַ טריקעניש, דאָס גרינס אויף די פֿעלדער ווערט פֿאַרברענט, די גראָד־עסנדיקע כײַעס שטאַרבן פֿון הונגער צוזאַמען מיט דעם מענטש. איז אַ סימען, אַז די זון לעבט און איז מעסוגל צו טאָן מיטן מענטש, וואָס זי וויל מיט אים טאָן. דאַרף דער מענטש בעטן צו די שטאַרקערע עלעמענטן, וואָס רינגלען אים אַרום, זיי זאָלן אים ניט קוועלן, ניט פֿאַרהונגערן, ניט קראַנק מאַכן, אים באַשיצן.

דער פּרימיטיוור מענטש האָט זיך גײַסטיק ניט געקענט אָן אייצע געבן דערמיט, מיט וואָס די נאַטור־דערשײַנונגען און די הימל־קערפּערס האָבן אים באַלאַסטעט. וואָס מער ניסיוינעס פֿון טריקעניש און פֿאַרפֿלייצונגען, פֿון ערדציטערניש, פֿון עפּידעמיעס, פֿון ווע־טער־שטורעמס, אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט זײַן קאָסמישע שפּאַנונג. שפּורן דערפֿון זײַנען געבליבן אין דעם רעליגיִעזן שטייגער בײַ ייִדן: כאָטש אַ רעליגיִעזער ייִד ווייסט, אַז בליץ און דונער זײַנען אויך איין און די זעלבע דערשײַנונג — מאַכט ער פֿאַר בליץ די בראָכע „עושה מעשה בראשית"[4] און פֿאַר אַ דונער — „שכוחו וגבורתו מלא עולם"[5]. און כאָטש דער רעליגיִעזער ייִד האָט אין דער טעלעוויזיע געזען, וויִאַזוי אַ מענטש, דערצו אַ גוי, גייט אויף דער לעוואָנע און לאָזט דאָרט איבער די אַמעריקאַנער פֿאָן, — איז ער מאַמשיך מעקאַדעש צו זײַן די לעוואָנע, און ער בענטשט די זון און די לעוואָנע, און די שטערן, און דעם הימל און אַפֿילע דאָס וואַסער, וואָס איבער דעם הימל (און סדר קידוש לבנה). ענלעך מיט דער טפֿילע פֿאַר רעגן און פֿאַר טוי — רעמיניסצענצן פֿון דער מענטשלעכער שאַפֿונג אין שײַכעס צו נאַטור־דערשײַנונגען פֿון פֿאַר צענדליקער טויזנטער יאָרן — איידער עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די עמונע אין איין גאָט און דער אַקט פֿון מאַטאָן־טוירע (מתן תורה).

איך וואָלט דעם פּאַכעד פֿון דעם פּרימיטיוון מענטש און די קאָסמישע שפּאַנונג, אין וועלכער עס לעבט ביזן הײַנטיקן טאָג אויך דער קולטור־מענטש, פֿאַרגליכן צום פּאַכעד און פֿאַרלוירנקײַט, וואָס באַהערשט אַ קינד. ווי האַנדלט אַ קינד אין אַ מאַצעוו פֿון שרעק? עס כאַפּט זיך אָן באַם קלייד פֿון דער מאַמען און עס איז זיכער, אַז די מאַמע איז די שטאַרקסטע אין דער וועלט און זי וועט אים העלפֿן און באַשיצן. אויך דער מענטש, אין קאָסמישער שפּאַנונג און אין פּאַכעד פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן, האָט געזוכט און זוכט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג זיך אָנצוכאַפּן „באַם קלייד פֿון דער מאַמען", ווי אַ העכערער געטלעכער קויעך, וואָס וועט אים העלפֿן און שיצן...

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿאַר דער קאָסמישער שפּאַנונג איז די אויסטערלישע און אומדערקלערלעכע דערשײַנונג אויך בײַ אַ צאָל נאַטור־וויסנשאַפֿטלער, וואָס פּאַראַלעל מיט זייער עגזאַקט וויסן ווערן זיי רעליגיִעז אָדער זײַנען מאַמשיך זייער רעליגיִעזיטעט פֿון דער היים, ניט געקוקט דערויף, וואָס צווישן זייער רעליגיִעזיטעט און וויסן הערשט אַ וויסנשאַפֿטלער אין הויכער מאַטעמאַטיק, אַן אַסטראָנאָם און כאָלעל־פּאָרשער זעען דעם

4. עושה מעשה בראשית — וועלכער מאַכט די מײַסע־בערייִשיס.

5. שכוחו וגבורתו מלא עולם — וואָס די וועלט איז פֿול מיט זײַן גוווּרע און קויעך.

קאָסמאָס ווי א סטרוקטור, וואָס האָט ניט געהאט קיין אָנהייב און קיין שום צײַט־דימענסיע און וועט ווארשײַנלעך קיינמאָל ניט האָבן קיין סאָף. אין קאָסמאָס הויזן אומצאָליקע זון־סיסטעמען. דאָס, וואָס דער מענטש רופט אָן הימל, „דער הימל איבער אונדזערע קעפּ", איז פאקטיש אויך אונטער אונדז און איז פאקטיש ניט דאָס, וואָס מיר זײַנען זיכער, אז מיר זעען. ניט געקוקט דערויף זײַנען ניט זעלטן די פאלן, ווען אָט אזעלכע וויסנשאפטלער ווערן רעליגיעז, נעמען אָן די רעליגיעזע דאָגמעס. אויב זייער רעליגיע איז א מאָנאָטעיִסטישע, אקצעפטירן זיי דעם פּראָצעס פון מײַסע־בערייִשיס (מעשה בראשית), ווי ער קומט צום אויסדרוק אין סייפער בערייִשיס. אויב ער איז א ייִד, נעמט ער אָן די דאָגמעס פון דער גרונטיקער ייִדישער רעליגיע און דערמיט אויך, אז גאָט האָט באשאפן דעם מענטש און אז די גאנצע וועלט עקזיסטירט סאכאקל ניט קיין גאנצע זעקס טויזנט יאָר. אויב ער איז א קריסט, נעמט ער אָן די דאָגמע פון דער דרײַ־אייניקײַט, און אז יעשוע, געבוירן ווי א ייִד פון א בסולע, איז נאָך זײַן טויט אופגעשטאנען טכיִעס־האַמייסים (תחיית המתים) און איז געוואָרן א גאָט.

וויִאזוי גייען צוזאמען דער ראציִאָנאליזם פון דער עגזאקטער וויסנשאפט מיט דעם איראציִאָנאליזם, וואָס אין דער רעליגיע? קיינער וועט אזעלכע „אפּיקאָרסים"־אקאדעמיקער כאָזריי־ביטשוווע (חוזרי־בתשובה)[6] ניט באשולדיקן אין פאראנאָיִע. די ריכטיקע אופקלערונג פאר אזא קעגנזעצלעכקײַט וועט מיסטאמע זײַן די, אז אויך דער אינטעלעקטואל און דער וויסנשאפטלער איז אין דעם אומגעהײַער, וואָס הייסט קאָסמאָס, ניט ווייניקער פארלוירן און קאָסמיש־געשפּאנט, ווי עס איז דער שפּײַז־קרעמער, אָדער ווי עס איז געוועזן דער פּרימיטיווער מענטש, וואָס האָט זיך ניט געקענט אָן אייצע געבן מיט דעם אלעמען.

דער מאָדערנער רעליגיִעזער מענטש האָט פאר זײַן איינזאמקײַט אין דעם אומגעהײַער א רעליגיִעזע דערקלערונג: גאָט פירט די וועלט, און איך דארף מעקאַיעם זײַן די מיצוועס (מצוות), וואָס ער האָט געבאָטן. איך דארף אים דאנקען פאר דעם ווויל, וואָס ער טוט מיט מיר און מיספּאַלעל (מתפלל) זײַן צו אים אין נויט. דער סעקולערער מענטש איז א פאטאליסט: מײַנע עלטערן האָבן מיך ניט געפרעגט, צי איך וויל קומען אף דער וועלט, נעם איך דאָס לעבן ווי עס איז. אָבער אויך דער סעקולערער מענטש איז געבענדיקט פון דער קאָסמישער שפּאנונג. אויך אים איז שווער זיך אויסצוגעפינען אין דער פארלוירנקײַט. איז ער אויך אין א היפּשער מאָס אָבערגלויבעריש־רעליגיִעז. ער גלויבט אין מאזל, אין גוירל, ער וועט אין א האָטעל ניט נעמען קיין צימער מיט דעם נומער 13, ער וועט צוריקגיין א פּאָר טריט, אויב א שווארצע קאַץ וועט אים פארבײַלויפן אאוו.

דער מאָדערנער מענטש איז סאָפיסטיצירט און ער האָט אָן א צאָל קיילים (כלים) זיך אן אייצע צו געבן, סײַדן אין קאטאסטראָפעס, ווו די מיטלען גייען ארויס פון זײַן שליטע (שליטה). קעדיי דאָס פעלד זאָל זײַן פּרוכטיק, מוז ער ניט מיספּאַלעל זײַן צו גאָט: געהעריקע כעמישע באמיסטיקונג און גוטע באוואסערונג, און דאָס פעלד וועט אים אָפּדינען ווי צום בעסטן. דער מאָדערנער מענטש מוז ניט אנטלויפן און ווײַכן פון שטאָכים, וואָס זײַנען באדראָט פון ערדציטערנישן. די מאָדערנע ארכיטעקטור פון הײַזער־בוי באוואָרנט, אז א הויז, געבויט פון אײַזנבעטאָן און אין א גענוגנדיקער טיפקײַט פון זײַן פונדאמענט, זאָל בלײַבן אומבאשעדיקט אפילע בײַ א גאָר שטארקער ערדציטערניש, ווי, לעמאָשל, אזא, וואָס האָט כאָרעוו געמאכט ביזן גרונט יאָקאָהאמא און טאָקיִאָ אין די אָנהייב צוואנציקער יאָרן. מיט צען, צי מיט צוואנציק טויזנט יאָר פריִער און אפילע שפּעטער איז דער מענטש געווען אומבאהאָלפן. ער האָט ניט געהאט די קיילים אפילע אריבערצושיפן זיך איבער א טײַך, ער האָט ניט געהאט די מיטלען אָפּצוציִען דאָס וואסער פון די פארפלייצטע פעלדער, וואָס האָבן אים געשפּײַזט, ער האָט ניט געהאט די מיטלען צו היילן זיך פון קראנקהײַטן. דאָס איינציקע, וואָס דער מענטש האָט פארמאָגט, איז געווען טפילע: בעטן צום טײַך, ער זאָל אים ניט פארפלייצן, בעטן צום ווינט, ער זאָל ניט שטורעמען און ניט צעשטערן זײַן געצעלט, בעטן צו דער זון, זי זאָל ניט אויסטריקענען די פעלדער, בעטן צו דער לעוואָנע, זי זאָל אים צולײַכטן אין די נעכט, ווען ער גייט ארויס אף געיעג, ווען כײַעס און אויפעס דרעמלען.

אָט אף דעם שטייגער האָט דער מענטש אָנגעהויבן גלייבן אין די אלע אָביעקטן ווי אין געטלעכקײַטן: אויב די זון קען סײַ צעשטערן און סײַ באלעבן, דארף מען צו איר בעטן. אויב דער ווינט, וואָס מע זעט אים ניט, קען זיך פארוואנדלען אין א צעשטערערישן שטו־

6. כאָזריי־ביטשוווע (חוזרי־בתשובה) — די, וואָס קערן זיך אום צו דער רעליגיע.

רעם, דאַרף מען צו אים בעטן, ער זאָל זײַן א גוטער. פון אָט דעם זײַנען ניסגאַלע (נתגלה) געוואָרן געטער — קליינע געטער, גרויסע געטער און מיטעלע געטער.

אין יאַפּאַן האָב איך פּערזענלעך אַרופגעקלעטערט עטלעכע שטאָק אינעם גאָט דאַי־בוטסו, א קאַרעוו פון די אינדישע געטער; אַפן העלפאַנד־אינדזל אין באָמביי האָב איך אין דעם דאָרטיקן אַרכיטעקטאָניש־וווּנדערבארן טעמפּל געזען ווי מענטשן זײַנען מיספּאַלעל צו א גאָט, וואָס וועגט מיסט׳ומע א צוואַנציק טאָן. ווער עס האָט באַזוכט מעקסיקע, האָט זיך מיסטאַמע באַקאַנט מיט אַצטעקישע געטער, וואָס יעדער איינער וועגט מינדסטנס א צען טאָן. דאָס זײַנען שווערוואָגיקע געטער פון פעלקער, וואָס זיצן סטאַביל אויף א באַשטימטער טעריטאָריע. פעלקער, וואָס וואַנדערן אָדער ווילן האָבן געטער נאָענט צו זייערע הײַזער, האָבן קליינע געטער. אַזעלכע קליינע געטער האָב איך באַזוכט אין א טעמפּל אין דער שטאָט פּענאַנג, אויף אינדאָכינעזישן האַלב־אינדזל. בײַ דער געלעגנהײַט האָב איך זיך צוגעקוקט, פון וואָס די דאָרטיקע קליינע געטעלעך מאַכן א לעבן: די געטער שטייען, אָדער זיצן אויף פּאָכן אַרום די ווענט פונעם טעמפּל. אין דער מיט, אויף א נידעריקן מיזבייעך (מזבח) ברענט א שײַטער. די גלויביקע ברענגען שפּײַז פאַר די געטער, יעדער וועדליק זײַנע עקאָנאָמישע מעגלעכקײַטן: איינער ברענגט א קוישל פּרוכטן, דער צווייטער — א טעלער רײַז, א דריטער — די אינגעווײדן פון א כאַזער, אָדער א שעפּס, א פערטער ברענגט א בינטל פּעטרעשקע. די שפּײַז־מאַטאָנעס ווערן אַרײַנגעוואָרפן אינעם פײַער און וועדליק דעם, ווי די געטעלעך זײַנען שוואַרץ ווי פעך, שטויסט מען זיך אָן, אַז די געטער שפּײַזן זיך פון דעם רויך פון די אַלע שפּײַז־מאַטאָנעס. אינעם טעמפּל פילט זיך א שאַרפער מיזרעכדיקער רייעך פון די קאָל האַמינים פאַרברענטע פּראָדוקטן, דער רייעך איז דאַפקע אַן אָנרעגנדיקער. אַז איך האָב אין זיך אַרײַנגעעטעמט דעם רייעך, האָט מיר דער קויהען גאָדל (כהן גדול), אָדער קויהען העריוט פונעם טעמפּל אָנגעוויזן אויף זײַן נאָז און אויף מײַן נאָז און מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער צו די געטער, ווי א צייכן, אַז דער רייעך, וואָס איז גוט צו מײַן נאָז און צו זײַן נאָז, איז דער רייעך ניכויעך (ריח נחוח) פאַר די געטער. פאַר זייער כוש האַרייעך.

ווי עס געשעט, אַז עס קומט אײַך פון ערגעץ־ווו אַנטקעגן א רייעך, וואָס דערמאָנט אײַך אײַער קינדהײַט, אַזוי האָב איך אינעם טעמפּל אין פּענאַנג, בײַ דער סצענע פון שפּײַזן די געטעלעך, זיך דערמאָנט מײַן אייגענע קינדהײַט, ווען איך האָב אין כיידער, באַם מעלאַמעד כילקע געלערנט די פּאַרשע נויעך (פרשה נח), וויאַזוי נויעך האָט געבויט א מיזבייעך צו גאָט, גענומען פון אַלע ריינע בעהיימעס און פון אַלע ריינע פייגל און זיי געבראָטן אויפן מיזבייעך, „וירח י׳ את ריח הניחוח״, און גאָט האָט געשמעקט דעם געשמאַקן רייעך. אין דער טוירע ווערט מער פון א צענדליק מאָל דערמאָנט, אַז גאָט האָט ליב דעם רייעך פון די געבראָטענע קאָרבאָנעס פון בעהיימעס, שעפּסן, ציגן און אַנדערע קאָשערע כײַעס. דער שאַמעס, אָדער גאַבע, צי קויהען גאָדל, אָדער קויהען העריוט אינעם טעמפּל אין פּענאַנג, האָט זיכער נײַט געקענט און אַפילע ניט געהערט וועגן א טוירע פון ייִדן, וועגן דעם טאַנאַך ביכלאַל; ער האָט דעם גוטן רייעך פאַר די נעזער פון זײַנע געטעלעך געיאַרשנט פון זײַנע עלטער־עלטערזיידעס מיט טויזנטער יאָרן צוריק. אין דער זעלבער שטאָט פּענאַנג לעבן אויך אינדיִער, וואָס זייער רעליגיע איז פון העכערן אינטעלעקטועלן מייִמעד — בודיזם, וואָס נאָך גילגל האַנעשאָמעס ווערט דער מענטש געפירט צו זעלבסט־אויפלייזונג (נירוואַנאַ) און ער ווערט באַפרײַט פון די לײדן פון דער וועלט. אין פּענאַנג לעבן אויך מאָסלעמער, מאָנאָטעיִסטן, וואָס ווייסן מיסטאַמע, פונוואַנען זייער נאָווי האָט געשעפּט באַגײַסטערונג פאַר א נײַער רעליגיע. אָבער די פײַנטשאַפט צווישן רעליגיעס איז פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי עס איז די בלוט־סינע צווישן מענטשן, האָבן זיך די אורזיידעס פון דעם פּריסטער, וואָס טוט ווויל פאַר די נעזער פון די געטעלעך, פאַראַקשנט און געבליבן בײַ זייער קולט פון פאַר צענדליקער טויזנטער יאָרן, און „מײַן״ אין פּענאַנג פּריסטער ציט די „גאָלדענע קייט״.

פון אָט דעם אוראַלטן קולט, ווויל צו טאָן די נאָזלעכער פון די געטער, זײַנען רעליגיעזע קולטן איבערגעגאַנגען אויך צו אַן אַנדער פאָרם פון ווילטאָן די נאָזלעכער פון די געטער — שאַפן פאַר זיי א שמעקעדיקן רויך, רויכערן קטוראַס (קטורת). אַפילע ייִדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע געטער פאַר דעם איינציקן גאָט אין הימל, האָבן דעם איניען קטוראַס איבערגענומען, ווי עס שטייט געשריבן אין דער פּאַרשע תשא (שמות ל׳ 1 און ווײַטער): „ועשית מזבח מקטר קטורת, עצי שיטים תעשה אותו״ — און זאָלסט מאַכן א מיזבייעך צום רייכערן ווײַרעך, פון אַקאַציע־ביימער זאָלסטו אים מאַכן״. „...ואת קטורת הסמים לקודש בכל אשר צויתך ישו״ — „...און דעם ווײַרעך פון שמעקעדיקע געווירצן

פארן הײליקטום װי אַלץ, װאָס איך האָב דיר געראַטן, זאָלן זײ טאָן". די קריסטן, װאָס האָבן זיך באַפרײַט פון דער מערהײַט מיצװעס פון דער טוירע, האָבן פונדעסטװעגן, איבערגענו־מען דעם אוראַלטן פאַגאַנישן שטײגער פון רױכערן קטורעס פאַר די ראַפינירטע נעז פון די געטער. דאָך מיט אַ קריסטלעכן אױסטײַטש...

אװודע האָבן די פּרימיטיװע מענטשן אין זײער פּאַכעד פאַר דעם אומגעהײַער, װאָס רינגלט זײ אַרום, און פון דער קאָסמישער שפּאַנונג, געגלײבט אינעם לעבן פון די נאַטור־אָביעקטן. האָבן זיך די אָביעקטן פאַרװאַנדלט אין געטער. און אױב מענטשן קענען ניט לעבן פון טאַנײסים און זײ האָבן האַנאָע פון שפּײַז, האָבן די מענטשן צוגעשריבן זײערע געטער מענטשלעכע אײגנשאַפטן. װי מענטשן קענען זײַן סײַ גוט און שלעכט — אַזױ אױך די גע־טער. דאַרף מען מיט זײ לעבן בעשאָלעם — ברענגען פאַר זײ קאָרבאָנעס — די געטער פון שטײן און האָלץ זאָלן ניט אָנטאָן קײן צאָרעס. איז די ראַפינירטקײַט פון ברענגען קאָרבאָ־נעס צו די געטער דערפירט געװאָרן ביז קאָרבאָנעס פון מענטשן. דער קאַנאַאַנישער גאָט מאָלאָך האָט ליב געהאַט דאַפקע קאָרבאָנעס פון מענטשלעכע קינדער. פאַרװאָס דאַפקע קינדער? מיסטאַמע דערפאַר, װײַל קינדער זײַנען אומבאַהאָלפן און שװאַך און זײ קענען זיך ניט פאַרטײדיקן. מעקסיקע איז אָפּגעטײלט פון קאַנאַאַן דורך אַ גרױסן קאָנטינענט און אַן אָקעאַן. איז שװער צו זאָגן, װער עס האָט דעם אײַנפאַל צו ברענגען מענטשן װי קאָרבאָנעס פאַר זײער גאָט — איבערגענומען פון װעמען די אַצטעקן אין מעקסיקע פון די קאַנאַאַנים, אָדער פאַרקערט. װי עס זאָל ניט זײַן, האָבן אױך די אַצטעקן יעדעס יאָר געבראַכט װי אַ קאָרבן פאַר זײער גאָט אַ יונג מײדל. פאַרװאָס אַ יונג מײדל? מיסטאַמע מאַכמעס דער זעלבער סיבע, פאַרװאָס די קאַנאַאַנים האָבן צו מאָלאָכן געבראַכט װי אַ קאָרבן קינדער.

אַן אָפּהילך װעגן מענטשלעכע קאָרבאָנעס פאַר אַ גאָט הערן מיר אין דער דראַמע אַקײדאַס יִיצכאָק (עקדת יצחק): אַװראָם איז געקומען פון אַ געצנדינערישער מישפּאָכע אין כאַראַן. װען גאָט האָט צוגערעדט אַװראָמען, ער זאָל פאַרלאָזן זײַן פאָטערלאַנד און זײַן פאָטערס הױז און זיך איבערקלײַבן קײן קאַנאַאַן, איז ער אַלט געװען פינף און זיבעציק יאָר. אין אַזאַ עלטער איז היפּשלעך שװער זיך אָפּצוגעװױנען פון אַן אײַנגעװאָרצלטן שטײגער. דער אײַנגעװאָרצלטער שטײגער איז דעמלט געװען דער שטײגער פון דעם ניט װײַטן קאַ־נאַאַן, װוּ מע האָט געבראַכט קינדער װי אַ קאָרבן פאַר דעם גאָט מאָלאָך. אין עלטער פון ביז אַן ערך נײַנציק יאָר האָט סאָרע ניט געהאַט קײן קינד. צו נײַנציק יאָר איז געשען דער נעס און זי האָט געבוירן יִיצכאָקן, אַן אײן־און־אײנציקן זון! די דאַנקבאַרקײַט פון אַװראָם צו גאָט איז געװען אין לעשאָער. פאַר דאַנקבאַרקײַט און ליבשאַפט צו גאָט איז אַװראָם גרײט געװען צו יעדן קאָרבן, װאָס ער, גאָט, װעט פאָדערן פון אים. איז געשען און גאָט האָט אױסגעפּרוּװט אַװראָמען און געזאָגט צו אים: „קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת את יצחק" — „נעם נאָר דײַן אײנציקן זון, װאָס דו האָסט ליב, יִיצכאָקן, גײ אַהײן אין לאַנד מאָריע און ברענג אים דאָרט פאַר אַ בראַנד־קאָרבן". אָן צו טראַכטן האָט אַװראָם אָנגע־האַקט האָלץ פאַר אַ שײַטער צו פאַרברענען זײַן אײנציקן זון און איז מיטן ייִנגל אַװעק צו דעם פּלאַץ צו שעכטן און ברענגען יִיצכאָקן פאַר אַ קאָרבן. אַװראָם דער נעװאָפּיט װאָלט אים מיסטאַמע געשאָכטן און פאַרברענט, װען גאָט װאָלט דורך אַ מאַלעך ניט פאַרהאַלטן זײַן האַנט מיט דעם אױסגעשטרעקטן כאַלעף. װאָרעם פון זװוראָמס לאָיאַליטעט האָט גאָט געװוּסן זײַן גאָטספאַרכטיקײַט. אָבער אָן אַ קאָרבן איז ער ניט אָפּגעקומען. אַװראָם האָט געשאָכטן אַ הירשל און אים פאַרברענט אױפן שײַטער אָנשטאָט זײַן זון...

אין דער װײַטערדיקער אַנטװיקלונג פון רעליגיִעז, מעטאַפיזישן גלױבן און קעסײדער אין דער זעלבער קאָסמישער שפּאַנונג, זײַנען מענטשלעכע קאָרבאָנעס אײַנגעשטױשט גע־װאָרן אױף קאָרבאָנעס פון בעהײמעס. דער ייִדישער רעליגיִעזער גלױבן איז געװען דער ערשטער גלױבן אין אײן־אײנציקן גאָט באַ דער זײַט פון פּילגעטערײַ, און װײַל דער גלױבן אין קאָרבאָנעס איז געװען אײַנגעװאָרצלט טיף אין די נעשאָמעס פון מענטשן, האָט די טוירע איבערגענומען דעם שטײגער פון קאָרבאָנעס און אים פאַרװאַנדלט אין אַ קאָמפּלי־צירטער סיסטעם, װאָס בעיִקער װערט ער באַהאַנדלט אין סײפער װיקרא. אַפילע מױשע, דער גרעסטער קאָדיפיקאַטאָר אין דער מענטשלעכער געשיכטע, דער שאַפער פון דעם ייִדישן עטישן קאָדעקס און װאָס האָט באַקעמפט געצנדינערײַ, האָט קעדײ ניט צו פאַרלירן דאָס פאָלק (װאָס האָט נאָך טיף געשטעקט אין געצנדינערײַ) באַשטעטיקט די האָלאָכע פון קאָר־באָנעס: נאָך דעם װי מױשע האָט דעם פאָלק איבערגעגעבן אַלע װערטער פון גאָט, איז ער אױפגעשטאַנען אײַנדערפרי „ויבן מזבח תחת ההר און געבױט אַ מיזבײעך אונטערן באַרג און געשיקט יונגעלײַט פון די בנײ־ייִסראָעל, און זײ האָבן געבראַכט אַ בראַנד־קאָרבן און

געשאָכטן אָקסן ווי פולע קאָרבאָנעס צו גאָט — „ויעלו עולות ויזבחו זבחים שלמים ליהוה פרים". און מוישע האָט גענומען דאָס בלוט און עס געשפּרענקט אפן פאָלק און געזאָגט: „הנה דם־הברית אשר כרת יהוה עמכם על כל הדברים האלה" — „דאָס איז דער בלוט־בונד, וואָס גאָט האָט מיט אײַך געשלאָסן פון וועגן די דאָזיקע ווערטער" (שמות כד).

ניט געקוקט דערויף, וואָס די האַלאָכע (הלכה) פון קאָרבאָנעס איז ניט אָפּצוטײלן פון אַלע געטלעכע טוירע־געבאָטן, האָבן ייִדן נאָכן כורבן בייס־האַמיקדעש (חורבן בית המקדש) אָפּגעשאַפן קאָרבאָנעס פון באַשעפענישן (באשר חורבן בית המקדש). דער טערעץ מיט „חורבן בית המקדש" איז א טערעץ פאַר די בענטש־לײַכטער. דער עמעס איז, אַז ייִדן האָבן דעמלט געהאַט דערגרייכט א העכערע קולטור־מאַדרייגע און די דעמלטיקע קולטור־פעלקער האָבן געכוריזעקט פון ייִדן פאַר זייער פאַרוואַנדלען זייער הייליקסטן פּלאַץ, דעם בייס־האַמיקדעש, אין א שעכטהויז. די מײַסע קאָרבאָנעס איז געבליבן בא די שוימרוינים (שומרונים) און אַראַבער.

צום באַדויערן, איז די ווילדע באַרבאַרישע בענקשאַפט נאָך קאָרבאָנעס קאַפויר געקומען אין אונדזער צײַט בא יענע ייִדישע רעליגיעזע פאַנאַטיקער אין ירושאָלאַיִם, וואָס לייגן אײַן וועלטן געפינען אין וועלכער־עס־איז גוייִשער מעדינע א „פרה אדמה" (הויטעקן)[7] און זי ברענגען קיין ייִסראָעל ווי א קאַנדידאַט צו באַנײַען דעם סיידער קאָרבאָנעס אפן האַר האַבייס (הר הבית)...

ביזן דערשײַנען פון וואָלטער, דעם קירכן־פײַנטלעכן אויפקלערער, פילאָסאָף, פּאָעט און היסטאָריקער (1694—1778), איז יעדער אויסדרוק פון סעקולאַריזאַציע געווען קפירע (כפירה) און די קויפרים (כופרים) זײַנען געברענט געוואָרן אפן שײַטער־הויפן. קפירע איז געווען אַלץ, וואָס שטימט ניט מיט די דאָגמעס פון דער קאַטוילישער קירך, די ערד האָט זיך ניט געטאָרט דרייען, ניט אַרום דער זון און ניט אַרום זיך. זי האָט געמוזט בלײַבן אויסגעשפּרייט ווי א טעפּיך, ווי יעשײַאָהו האַנאָווי האָט זי געזען, מיט פיר עקן. די קאָסמאָגראַפיע האָט ניט געטאָרט זײַן אַנדערש ווי אין סייפער ברייִשיס.

דער גרעסטער וויסנשאַפטלער ביזן 17־טן יאָרהונדערט, גאַלילעאָ גאַלילײ, פיזיקער, באַגרינדער פון דער מעכאַניק, אַסטראָנאָם, האָט אין יאָר 1633 געמוזט פאַר דער אינקוויזיציע אין רוים אָפּלייקענען אַלץ, וואָס ער האָט אויסגעפונען פון די אייביקע נאַטור־געזעצן. ווײַל די קירך האָט געוואָלט, אַז אַלע פּראָצעסן אין דער נאַטור, אין סאָציאַלן און אין עקאָנאָמישן לעבן זאָלן האָבן די רעליגיעזע באַזע. אויפשטאַנדן מאַכמעס עקאָנאָמישע סיבעס האָבן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון קעמפערישער רעליגיעזער אָפּאָזיציע: דער קאַמף פון דעם טשעכישן רעפאָרמאַטאָר הוס איז אין טאָך געווען א פּאַטריאָטישער קאַמף פון דעם טשעכישן פאָלק קעגן דעם דײַטשישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אונטערדריקט די טשעכן. האָט דער קאַמף לעסאָף אָנגענומען א רעליגיעז־רעפאָרמאַטאָרישן כאַראַקטער און די קאַטוילישע קירך האָט אים פאַרברענט ווי א קויפער. ענלעך איז געווען דער קאַמף פון דעם שווייצאַרישן רעפאָרמאַטאָר צווינגלי. די גרונט־סיבע איז געווען א פּאָליטישע, צווישן די קאַנטאָנען און קעגן דער אונטערדריקונג פון דער קירך מיט אירע ווילדקײַטן. צווינגלי האָט געוואָלט מער פרײַהײַט פאַרן פאָלק. האָט דער קאַמף לעסאָף זיך פאַרוואַנדלט אין א מילכאָמע צווישן זײַנע קויכעס און די קאַטוילישע קאַנטאָנען, און אין דעם קאַמף איז ער געפאַלן.

מיר האָבן אַן ענלעכן בײַשפּיל, וויאַזוי אויך אין ייִדישן לעבן איז א סאָציאַלער קאַמף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס האַלט אָן ביזן הײַנטיקן טאָג. כ'מיין דאָ די באַוועגונג, וואָס אפן נאָמען פון ייִסראָעל באַלשעמטאָוו (ישראל בעל־שם־טוב).

אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער מערכאָק צווישן אָרעם און רײַך בא ייִדן געווען ניט קיין קלענערער ווי דער מערכאָק צווישן דעם פּעאָדאַל און דעם פּויער אין דער קריסטלעכער וועלט. אַף אַן אָרעמאַן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז א „געמיינער מאַן". פון דעם היסטאָרישן און לעגענדאַרן אַרום דעם בעש"ט באַקומט זיך א רעאַלער קערן, אַז אפילע זײַן אייגענער שוואָגער, דער בראָדער ראָוו, האָט זיך געשעמט מיט אים, דעם געמיינעם מאַן, וואָס האָט גענומען פאַר א ווײַב זײַן שוועסטער און ער האָט אים געגעבן געלט, ער זאָל פאַרלאָזן בראָד און זוכן פּאַרנאָסע אין אַן אַנדער פּלאַץ. צווישן די קאָהאָל־פאַרזאָרגער און דעם ייִדישן קלער, פון איין זײַט, און דעם „פּראָסטן פאָלק" איז

---

7. די רויטע קו האָט מען געברענט לויט דעם ספּעציעלן מינהעג, און איר אַש האָט געדינט פאַר ריטועלער אָפּרייניקונג.

געלעגן א טהאָם. מיט הונדערט יאָר שפּעטער האָט דאָך מענדעלע, דער ייִדישער בעלעטריסט, באַשריבן די באָלע־טאַקסע, קאַהאַלס סטראַפּטשעס, די בלוטזויגערס. קעגן דעם האַפּענונגסלאָזן מאַצעוו פון די „געמיינע לײַט" איז אויפגעשטאַנען די באַוועגונג פון כסידעס. צו דער באַוועגונג זײַנען צוגעשטאַנען אַזעלכע הומאַניש פּערזענלעכקײַטן ווי רעב נאַכמען בראַסלאַווער, א דיכטערישע נעשאָמע, וואָס האָט ליב געהאַט מענטשן — בעטאַכליס האַאַהאַווע (בתּכלית האהבה), רעב פּינכעס מיקאָרעץ, רעב מייער פון פּרעמישלאַן און זייערס גלײַכן, וואָס האָבן געשטערקט דאָס לעבן פאַרן ייִדישן מענטש. די קעגנער פון דער באַוועגונג זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געציטערט פאַכעד מאַוועס פאַר יעדער סאָציאַלער ענדערונג אין דער ייִדישער געזעלשאַפט אַזוי ווײַט, אַז ווען אין דער באַוועגונג האָט זיך אָנגעשלאָסן רעב שנייער־זאַלמען מלאַדי (שנייערזאָן), האָבן די פירער פון די מיסנאַגדים (מתנגדים) אים געמאַסערט פאַר דער צאַרישער מאַכט, אַז ער איז אָן אָנהענגער פון נאַפּאָלעאָנען און איז קעגן דעם צאַרישן רעזשים. שנייער־זאַלמען איז אין דער יוגנט געווען א טאַלמיד פון דעם מעזריטשער מאַגיד (מגיד) און ער האָט פאַרהייליקט דעם דערעך פונעם בעש"ט. דער שפּעטער פונעם כאַבאַדישן כסידעס (חב"דישן חסידות) וואָלטן מיסטאָמע אויסגעגאַנגען אין דער פּעטערבורגער פעסטונג, ווען זײַנע כסידים וואָלטן אים ניט באַפרײַט פאַר א גרויסער סומע שויכעד־געלט. אַזוי ווי דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן איז דעמאָלט געווען באַזירט אויסשליסלעך אויף רעליגיעזער דיסציפּלין, איז די כסידישע באַוועגונג אַוועק אין דער געשיכטע ווי א רעליגיעזע באַוועגונג, אָבער זי איז דאָך געווען און איז געבליבן א פאָלקסבאַוועגונג.

אין דעם זעלבן יאָרהונדערט ווי עס איז אַנטשטאַנען די באַוועגונג פון בעש"ט, איז פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע פאָרגעקומען א טיפע קולטור־רעוואָליוציע, וואָס האָט אָפּגעטיילט, אָדער אָנגעצייכנט שאַרפע גרענעצן צווישן וועלטלעכע איניאַנים און רעליגיע. די רעוואָליוציע האָבן געמאַכט די ענציקלאָפּעדיסטן אין פראַנקרײַך: וואָלטער, דידראָ, רוסאָ, מאָנטעסקיע און אַנדערע. וואָלטער, א פילאָסאָף, א דיכטער, א היסטאָריקער און פּאָלעמיסט, איז געווען אָן אומדערשראָקענער קעמפער קעגן דער קירך. ער האָט אויפגעדעקט די פאַלשקײַט און די צוויעס (צביעות) פונעם קלער, וואָס אונטער דער מאַסקע פון רעליגיע וויל ער אויפהאַלטן די פינצטערניש פונעם מיטלאַלטער און פאַרשטעלן דעם וועג צו יעדן פרײַען געדאַנק, וואָס איז אָלול צו באַדראָען זייער מאָנאָפּאָל פון דער רעליגיע איבער דעם לעבן פון מענטשן.

פון פראַנקרײַך האָט זיך די אויפקלערונג איבערגעטראָגן קיין דײַטשלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. די מענטשלעכע מאַכשאָווע איז געוואָרן פרײַ פאַר דער עפנטלעכקײַט. אַזויאַרום זײַנען פאַר וועלטלעכע פּראָבלעמען און פּראָצעסן אויפגעקומען אידעאָלאָגיעס אָן דער אײַנגערענץ פון רעליגיע.

אָן דער ענציקלאָפּעדיסטישער אויפקלערונג וואָלט ניט אַנשטאַנען די אידעאָלאָגיע פון סאָציאַליזם (מאַרקסיזם, קאָמוניזם) און אַנדערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס. מיט אָט דער ליניע פון אויסער־רעליגיעזער אײַנגערענץ זײַנען בײַ ייִדן אויפגעקומען די בונדישע אידעאָלאָגיע, די ציִעניסטישע אידעאָלאָגיע (די בונדישע אידעאָלאָגע האָט זיך שפּעטער געשפּאָלטן אויף מעסיקע (איינסער) און ראַדיקאַלע (צווייער). די ציִעניסטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך געשפּאָלטן אויף פינף־זעקס סוב־אידעאָלאָגיעס: צוויי בירגערלעכע, א רעוויזיאָניסטישע, פּאָאַליי־ציִעניסטישע, באָראָכאָוויסטישע און מיזראַכישע. ס'איז אויפגעקומען א טעריטאָריאַליסטישע אידעאָלאָגיע, א פאָלקיסטישע, א צ. ס.־אידעאָלאָגיע, אויב איך האָב ניט פאַרגעסן אַנדערע.

קעדיי זיך צו דערנעענטערן צו זייערע צילן, זײַנען די אידעאָלאָגיעס געוואָרן קעמפערישע, מיליטאַנטישע, בעמיילע פאַנאַטישע. דער פאַנאַטיזם פון א ייִדישן קאָמוניסט איז ניט געווען שוואַכער פונעם כאַנאַטיזם פון זײַן פרומען טאַטן, וואָס איז יוימאַם וואַלײַלאָ געזעסן אַרײַנגעטאָן אין לערנען געמאָרע (גמרא). ווער עס איז געווען באַקאַנט מיט די אידעאָלאָגישע באַוועגונגען בײַ ייִדן אין מיזרעך־אייראָפּע פאַר דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, דער ווייסט אויך וועגן די מילכאָמעס, וואָס דער סאָציאַליזם האָט געפירט קעגן קאַפּיטאַליזם, קאָמוניזם קעגן סאָציאַליזם, ציִעניזם קאָנטרא בונדיזם, בונדיזם קאָנטרא ציִעניזם, העברעיִזם קאָנטרא ייִדישיזם — מילכאָמעס, וואָס אָפט זײַנען זיי געווען שאַרפערע ווי די מילכאָמעס צווישן כסידים און מיסנאַגדים, אין דער טקופע פון אומטאָלעראַנץ, ווען די מיסנאַגדים האָבן באַשולדיקט די כסידים, אַז זיי זײַנען שאַבסע־צוויִעניקעס (שבתאי צבייניקעס). נאָך מער, פונקט ווי רעליגיעזע ייִדן לעבן לויטן מיטלאַלטערלעכן „שולכן אָרעך" (שולחן ערוך) און זיי ווען

ניט אָפּוויַכן פון דער האַלאַכע, אַזוי האָט אויך דער קאָמוניזם געהאַט אַ „שולכן אָרעך" — אַ פּאַרטיי־ליניע, וואָס ווער עס האָט אָפּגענייגט פון איר, איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ טראָצקיסט, אַן אָפּנייגלער, און פאַר אַזעלכע אָפּנייגן פונעם „שולכן אָרעך" האָט מען די אַפּיקאָרסים פאַרבעטן קיין מאָסקווע און דאָרט זיי ליקווידירט*.

די ווייַטגרעסטע מערהייַט ייִדן אין פּאַלעסטינע זייַנען געווען ציִעניסטן, געקומען קיין ערעץ־ייִסראָעל, כּדי דאָ צו בויען אַ ייִדישע מעדינע. האָבן אַלע ציִעניסטישע פּאַרטייען געפירט אַ שאַרפע מילכאָמע קעגן דער ייִדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אינעם ייִשעוו (ישוב) (די אַזויגערופענע „מאָפּסן"). אָבער אין דער אייגענער ציִעניסטישער מישפּאָכע איז אָנגעגאַנגען אַ מילכאָמע, אין וועלכער עס זייַנען אָנגעווענדט געוואָרן די שמוציקסטע מיטלען — ביז ליקווידירן קעגנער, אָדער פאַרדעכטיקע אין „פאַראַט": „דער סעזאָן", דער מאָרד איבער כאַיִם אַרלאָזאָראָוו („אַלטאַלענאַ"). אַפילע די רעוויזיִאָניסטישע טעראָריסטישע באַוועגונג קעגן די ענגלענדער אַצ"ל, איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ „סכיזמע" אָפן שטייגער אין דער קריסטלעכער קירך און זיך געשפּאָלטן — אַצ"ל איז געבליבן בייַ זייַן „קלאַסישן" קאַטאָליציזם און די אָפּגעשפּאָלטענע, די שטערניסטן, אָדער לח"י, זייַנען געוואָרן „לוטעראַנער" אָדער „קאַלוויניסטן". די וועלטלעכע אידעאָלאָגיע פון ביידע האָט זיך אין איר קאַנאַיִשקייַט פאַרוואַנדלט אין אַ רעליגיע, וואָס ווייסט ניט פון קיין טאָלעראַנץ און ספּייקעס. ווען מע שמועסט וועגן אידעאָלאָגיע—רעליגיע איז די שפּאַלטונג אין דער קיבוצישער באַוועגונג (אחדות העבודה און פועלי ציון) דערגאַנגען ביז טראַגיקאָמיזם: קיבוצים האָבן זיך געשפּאָלטן, לייַב־כאַווערים זייַנען זיך צעגאַנגען און ניט געוואָלט זיצן בייַ איין טיש, האָבן זיך אויך די עסצימערן געשפּאָלטן. פאַרפעלקער זייַנען זיך צעגאַנגען מאַכמעס אַן אידעאָלאָגישן קויצווישל יוד, די קי־שטעלער זייַנען געוואָרן באַזונדערע און איין לאַגער האָט באַם צווייטן אין די נעכט אַרויסגעגנוועט קי. אַז אַ פרומער ייִד קומט אַרייַן אין אַ ייִדישער שטוב, קען ער פרעגן צי די קיך איז אַ קאָשערע. אין די געשפּאָלטענע קיבוצים זייַנען ביידע קיכן אַן צו פרעגן ניט געווען קיין קאָשערע און איינער האָט געוואָלט עסן באַם צווייטן.

די מאַכשאָווע וועגן דער דאָמיניקאַנער אינקוויזיציע מיט איר שפּאַנישן קויהען גאָדל, טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ, רופט נאָך הייַנט אַרויס אַ ציטער. איז וואָס וועלן מיר זאָגן וועגן דער דזערזשינסקי־סטאַלינישער אינקוויזיציע, וואָס האָט געפּייַניקט און אומגעבראַכט מיליאָנען אומשולדיקע קאָרבאָנעס און צווישן זיי אויך אַ גרויסע צאָל אופריכטיקע קאָמוניסטן, וואָס זייַנען געגאַנגען אויף קידעש האַקאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע און לעסאָף געלאַנדעט אין די אויספּאָרש־קעלערן פון דער געפּעו און שפּעטער פון דער ענקאַוועדע?

בענעגייע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס שטייען מיר הייַנט פאַר אַ צעבראָכענער קאָרטע. ווי אין די צייַטן פון די ענציקלאָפּעדיסטן אין פראַנקרייַך זייַנען דענקענדיקע מענטשן געשטאַנען פאַר די צעבראָכענע קאָרטעס פון רעליגיע, אַזוי שטייען הייַנט דענקענדיקע מענטשן פאַר די צעבראָכענע קאָרטעס פון פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס. נעכטיקע אידעאַליסטן זייַנען געוואָרן הערעטיקער, אַנדערע האָבן מוירע צו פאַרלירן דעם גלויבן און ס'האָט זיך געשטעלט אַ סעזאָן פון „צוריק אין שול אַרייַן". די כאַזורי־ביטשווע־באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט ניט בלויז ייִדן; אויך אין די אַנדערע צוויי מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס שטאַרקט זיך די באַוועגונג צוריקצוקערן צו רעליגיִעזיטעט. אָבער די כאַזורי־ביטשווע־באַוועגונג טראָגט מיט זיך די גרעסטע געפאַרן, ווייַל צוזאַמען מיט צוריקקערן צום רעליגיִעזן פאַנאַטיזם, ווערן אין דעם גלויבן אַרייַנגענומען די סאַמע רעאַקציִאָנערסטע נאַציִאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן נעכטן ניט געפירט צום ציל. אַזוי בייַ ייִדן, אַזוי בייַ די קריסטן און אַזוי אין איסלאַם. דער איסלאַמישער „דזשיהאַד" סימבאָליזירט אויך דעם נעאָנאַציזם, דעם נעאָפאַשיזם און דעם „גוש אמונים" אין ייִסראָעל.

דאָס איז וואָס איך האָב געוואָלט אויספירן, אַז רעליגיע, דורך וועלכער דער פאַרלוירענער מענטש האָט זיך געוואָלט אָנהאַלטן בייַ אַ שטאַרקן קויעך, איז אין דער מאָדערנער צייַט אָפּגעטויִשט געוואָרן אויף אידעאָלאָגיע. אָבער אויך די אידעאָלאָגיע איז לעסאָף געוואָרן אַ רעליגיע און זי האָט ניט דערפירט צום אויסגעבענקטן ציל. האָבן מיר איצט אַ קאָקטייל: רעליגיע אין דער פאַנאַטישסטער פאָרם געמישט מיט נאַציִאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס אויך זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין רעליגיע...

איצט רופט זיך איבער דער „דזשיהאַד" פון דעם אַראַבישן „כאַמאַס" (אַראַבישע פונדאַמענטאַליסטישע באַוועגונג) מיט דעם פּראַוואָסלאַוונעם „פּאַמיאַט" און מיט דעם ייִדישן „גוש אמונים", וואָס אין זייַן שפּיץ שטייען יענע שוואַרצע קויכעס, וואָס האָבן מער בייַגעטראָגן צום כורבן בייס־האַמיקדעש ווי די רוימער...

---

* די געשיכטע מיט די פּוילישע אָפּנייגלער אין דער שפּיץ מיט דעם קאָמוניסטישן פירער וואַרסקי.

מאָטל גרוביאַן

# לידער פון דער טפיסע

## מײַן כאַסענע

פיר פּראָקוראָרן — די שטעקנס,
און אונטער דער כופּע
„הרי את מקודשת!"
אויף 25 יאָר סיביר!

1950

• • •

די ייִדישע שורעלעך, דער טוי פון קוויטן,
זײַנען געוואָרן מײַנע קייטן,
ניט הימל דער בלויער מײַן טינט,
ניט פון געגנדזועלעך ווײַסע די פעדער איז...
זי, די קאַלטע, שטאָלענע שפּיז,
האָט צעשונדן, צעבלוטיקט מײַן הויט.
מיט די ייִדישע שורעלעך פון גאַלעס צו גאַלעס
דורך פײַער און טויט...

סווערדלאָווסק—קאַראַגאַנדאַ, 1950

• • •

ווען מ'האָט האַלטן ניט געקאָנט
קיין טינט און פען, קיין פּאַפּיר און בלײַער,
האָב איך דאָס האַרץ פאַרשניצט
און די ליד געשריבן מיט פײַער.
און געווען איז מײַן העפט —
דער גראָבער שטיין — די פּוסטע וואַנט.
נעם זי, ייִנגעלע, אונטער דער פּאַכווע, די וואַנט,
און אין שול אַרײַן גיי —
אין דער שול פון טויט און לעבן.

סיביר, 1952

• • •

מע זאָגט, אז מײַן היים ערגעץ בליט שוין אין פרייד,
נאָר ס'איז די נעשאָמע פון גוף אָפּגעשיידט.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט,
איצט בין איך אין קאטאָרזשנע־קייטן געקליידט!
מײַן הארץ אויסגעריסן, צעטראָטן מײַן פרייד —
דאָס יידישע לאָשן, מײַן ווונד און מײַן קווייט,
דאָס פאָלק אויסגעשאָכטן אין קוואָרים פארזייט,
און ווער ס'איז געבליבן, סיביר אים באגלייט.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט,
איז עס רויט, ווי די שווערד פון דער טײַוולשער שייד
די ערד ווי א בעכער פון טרערן זיך דרייט.
מײַן פאָלק, וואָס געווען איז צעזייט און צעשפּרייט,
צערײַסן די קייטן פון קנעכטשאַפט איז גרייט.
איין גאָט נאָר אין הימל דאָס הארץ מײַנס פארשטייט:
אונדז וועלן נאָך לויכטן די טרערן פון פרייד.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט!..

סיביר, 1952

• • •

דײַנע לידער — נו איז וואָס?
באַרוועס גייסטו
און אף גלאָז?
גייסט און פאַלסט
און שטייסט אוף ווידער
א צעבלוטיקטער
פון לידער, —
נו, איז וואָס?
עס רינט א ביסל,
צי אן עמער, צי א גלאָז,
און דאָס הארץ
סע ווערט צעריסן, —
נו, איז וואָס?
האָסט מיט וועמען
כאָטש א וואָרט אויסריידן? —
סײַדן מיט די טפיסע־קליידער,
זיי זײַנען ניט אראָפּ נאָך
פון דער מאָס...
וואָלסט דאָס הארץ
צורו געלאָזט.
איך קען ניט, ברידער,
צופיל טײַער
אָט די לידער
האָבן בלוט מײַן פאָלק
געקאָסט!

סיביר, 1953

* * *

שרײַ ניט, מײַן הארץ,
ס'איז ניט די צײַט.
דאָס מעסער אין האלדז
ארײַן איז ווײַט.

ס'איז אלץ שוין אין בלוט
פון די פיס ביזן קאָפּ,
פון דײַן ביטער געשריי —
כ'גיין פון זינען אראָפּ...

אלט־קאראגאנדא, אפּרעל 1953

* * *

מײַן נומער איז פיר הונדערט פופציק זעקס,
ער ברענט מיר די הויט, מײַנע קני און מײַן שטערן.
ווען איך שלאָף, שטייט טאָרקוועמאדע איבער מײַן קאָפּ,
ווען איך דערוואך, ראָיע איך זיך אין גרוב פון לעבעדיקע ווערעם.

קאראגאנדא, 1953

* * *

נאָכן שניט, סע גייט מיר דורך איבערן לײַב א גרויל,
דאָס פעלד איז פוסט און הויל,
די סטערנע מיר די פיס ביז בלוט צעשטעכט,
אז צוגעפאלן מיטן פּאָנעם וואָלט איך איצט צו דער ערד,
און איין מאָל פאר אלע מאָל אויסגעוויינט דאָס הארץ,
דער גרויל פון שרײַבער יידישע פארוואָס איז אזוי שווארץ?
מיר האָבן מיט וואָרט געזינדיקט? דאָס פאָלק פארשוועכט?

סיביר, 1953

* * *

מיר זײַנען שעפעלעך:
קומט דער פאסטעך, —
גייען מיר,
שעכט מען אונדז,
שטייען מיר,
בינדט מען אונדז,
ליגן מיר,
שלאָגט מען אונדז,
מעקען מיר.
נאָר ווען די קעפּ
מע האלט אונדז
אונטערן כאלעף געבויגן —
דעמלט טוט א קוק אונדז
אין די אויגן...

סיביר, 1953

## פון דער
## קולטור־געשיכטע

ארן בערנשטיין

# פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן אין ביזרעוואָליוציאָנערן רוסלאנד

הארבסט 1912. די אײַנוווינער פון א סאך שטעט אין רוסלאנד לייענען מיט נײַגער פרישע אפישן: „א סענסאציע!!! „דער זייגערמאכער לייזער". א שטארקע פארכאפנדיקע דראמע פונעם ייִדישן לעבן! אומגעהערטע דראמאטישע עפעקטן! און — די פראגע איז געלייזט! דעם 26 דעקאבער לאָזן מיר ארויס דעם מערקווירדיקן לויט דער שיינקײַט און אויספילונג פילם „ראָכל", א דראמע וועגן דעם ייִדיש־רוסישן לעבן אין דער אויספילונג פון די בעסטע ארטיסטן פון די מאָסקווער טעאטערס!".

אפן ערשטן קוק האָבן די דאָזיקע רעקלאמע־רופן געטראָגן א ריין קאָמערציעלן כאראקטער, ס'איז אָבער אויך קיין סאָפעק ניט, אז זייערע אווטאָרן האָט באגײַסטערט דער רעאלער אינטערעס פון די קינאָ־צושויער צו פילמען וועגן ייִדישן אָדער רוסיש־ייִדישן לעבן. דער זשורנאל „וועסטניק קינעמאטאָגראפיִי" דערציילט, לעמאָשל, אז אין מארט 1914 האָט מען אינעם ראָסטאָווער טעאטער „מאָדערן" באוויזן דעם פילם „די טראגעדיע פון א ייִדישער קורסיסטקע". צווישן דעם פובליקום „איז מען געפאלן כאלאָשעס, אזוי איז געווען שטארק דער אײַנדרוק פונעם פילם".

אין אָנהייב 1914 טיילט מיט די קיִעווער קינאָ־פראָקאט־קאָנטאָר „עקראן", אז „עס זײַנען באקומען געוואָרן מאָנאָפאָל און עס ווערן ארויסגעגעבן אין פראָקאט פאר די דאָרעמדיקע גובערניעס פילמען מיט ייִדישע סוזשעטן". אין דער געדרוקטער רעקלאמע ווערן איבערגערעכנט רוסישע נעמען פון א היפשער צאָל פילמען, און אין קלאמערן ווערן די נעמען געגעבן אף ייִדיש.

מע קאָן אפילעריידן וועגן ייִדישן שטומען קינאָ פון די יאָרן 1911—1917. זײַן גרונט־אייגנשאפט איז — א טיפע גײַסטיקע, שעפערישע און קאָמערץ־פארבינדונג מיט דער ביזרעוואָליוציאָנערער קינאָ־קונסט אין רוסלאנד און די אָפּוועזנהײַט פון וועלכע־ניט־איז פרעטענזיעס אף א סעפאראטער, אָפּגעזונדערטער עקזיסטענץ אין שמאָל־נאציאָנאלע ראמען. ס'איז טשיקאווע, וואָס די ייִדישע פילמען פראָקלאמירט מען ווי „רוסישע באָיעוויקן".

אין דער ארבעט איבער די פילמען האָבן אָנטיילגענומען פיל טאלאנטפולע רוסישע אקטיאָרן, ווי אויך רעזשיסערן, שריפטשטעלער, קינאָ־טוער פון די מײַרעוו־לענדער.

ערעוו דער שאפונג פון די ערשטע ווערק פונעם ביזרעוואָליוציאָנערן קינעמאטאָגראף האָבן ארויסגעוויזן אן אינטענסיווע טעטיקײַט פיל ענערגישע קינאָ־אונטערנעמער, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען ניט ווייניק ייִדן, גרינדער פון קינאָ־טעאטערס, פראָקאט־קאָנטאָרן, האנדלס־הײַזער, אקציאָנערע קאָמפּאניעס. שוין אין 1897 האָט א. אי. גודמאן געגרינדעט אין נאָוואָראָסייסק א שטענדיקן קינאָ־טעאטער, און אינגיכן האָט ער אים געמאכט פאר א באוועגלעכן, ארענדירנדיק הײַזער אין פארשיידענע שטעט פון רוסלאנד. אין 1903 האָט ער געעפנט קינאָ־טעאטערס אין מאָסקווע, ריגע און ליבאווע, שפּעטער געגרינדעט אין ריגע א פראָקאט־קאָנטאָר פון דער פירמע „סטעפאן" מיט פיליאלן אין אנדערע שטעט. אין 1906 האָט לויט דער איניציאטיוו פונעם באלעבאָס פון א זייגער־מאגאזין א. געכטמאן זיך געעפנט דער קינאָ־איליוזיאָן אף דער סרעטענקע־גאס

און דער „גרויסער פּאַריזשער קינאָ־טעאַטער" אַף אַרבאַט. א באַדײַטנדיקע ראָל האָט געשפּילט די „סינעמאַטאָגראַפישע קאָנטאָר" פון די ברידער בערנשטײן (אָדעס—קיִעוו), די דאָרעם־רוסישע פּראָקאַט־ביוראָ „קינאָסטעלערישקײַט" פון א. א. ספּעקטאָר אין יעקאַטערינאָסלאַוו מיט אַן אָפּטייל אין אָדעס, „די ערשטע בײַבאַלטישע פּראָקאַט־קאָנטאָר פון ס. מינטוס (ריגע), וועלכע האָט געהאַט א ריי פּיליִאַלן אין פאַרשיידענע ערטער. דער באַלעבאָס פון דעם קינאָ־טעאַטער „ליוקס" אין קיִעוו ס. א. פּרענקעל עפנט א פּראָקאַט־קאָנטאָר, נאָכדעם א קינעמאַטאָגראַפישע אקציִאָנער־געזעלשאַפט, וואָס האָט געאַרבעט אין מאָסקווע און אין אַנדערע גרויסע שטעט פון רוסלאַנד. אַזעלכע פאַקטן קאָן מען ברענגען א סאַך.

דער רוסישער ביזרעוואָליוציִאָנערער קינעמאַטאָגראַף האָט געטראָגן אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אַוועקשטעלנדיק אַפן ערשטן אָרט די אַלגעמײן־מענטשלעכע ווערטן. ס'איז ניט צופעליק, וואָס די קינאָ־פירמעס, וועלכע האָבן זיך ספּעציִאַליזירט אַפן אַרויסלאָזן פון יידישע פילמען, האָבן אויך געשאַפן גלענצנדיקע קינאָ־לענטעס אַף די טעמעס פון דעם רוסישן און פּוילישן לעבן. עס איז שווער מאַסקים זײַן מיטן קינאָ־פאָרשער ר. סאָבאָליעוו, וועלכער האָט באַהויפּטעט אין זײַן בוך „מענטשן און פילמען פון ביזרעוואָליוציִאָנערן קינאָ" (1961), אז א רוסישער פילם קאָן זײַן בלויז „א פילם אַף א רוסישער טעמע, וועלכן ס'האָט געשטעלט א רוסישער רעזשיסער, אַראָפּגענומען רוסישע אָפּעראַטאָרן און, לעסאָף, פינאַנסירט מיצאַד א רוסישן געשעפטס־מאַן".

פילמען וועגן דעם יידישן און רוסיש־יידישן לעבן האָבן מיט כיישעק אויפגעפירט אַזעלכע אײַנפלוסרײַכע פירמעס אין רוסלאַנד, ווי „די אקציִאָנער־געזעלשאַפט פון א. כאַנזשאָנקאָוו און קאָמפּאַניע". אין דעם פילם פון דעם רעזשיסער א. אַרקאַטאָוו „סאַרעס אומגליק" זײַנען געווען פאַרנומען באַוווּסטע רוסישע אַקטיאָרן — איוואַן מאָזשוכין, וו. טורזשאַנסקי, א. ביביקאָוו אאַ. (1913). איוואַן מאָזשוכין האָט אין דער ראָל פון איציקן איבערגעגעבן ראַפינירט די ליידן פון א יונגנמאַן, וועלכער האָט געמוזט אונטערן דרוק פון די עלטערן זיך צעשיידן מיט דעם קינדערלאָזן ווײַב סאָרע. אין כאַנזשאָנקאָווס פירמע האָט דער רעזשיסער יע. באַוער אַוועקגעשטעלט אין 1915 צוויי פילמען „אָפּגעטער" („די טאָכטער פון יסראָעל") און „לעאָן דרעי" („דער באַצווינגער פון פּרויִישע הערצער"). אינעם פילם „אָפּגעטער" האָט די באַוווּסטע „אַקטריסע פון די אימפּעראַטאָרישע טעאַטערס ר. רייזען געשפּילט ניט אַזוי א פילנדיקע, שטאָלצע און הערשערישע טאָכטער פון יסראָעל", וואָס עס האָבן דאָס געוואָלט געוויסע צושויער, נאָר א קאַלטבלוטיקע און באַדאַכטע טאָכטער פון דעם באַנקיר גאַרט, וועלכער שטעלט זיך קעגן איר הייראַט מיט א קריסט. סאָפּקאָלסאָף קלײַבט אויס די העלדן דעם טאַטנס מיליאָנען. אָבער אין דער דאָזיקער שטרעבונג צו שאַפן א געוויסן מענטשלעכן און סאָציאַלן טיפּ איז ניט געווען קיין שום אָנדײַט אַף אַנטיסעמיטיזם. דאָס האָבן באַשטעטיקט פיל יידישע קינאָ־צושויער אַלס ענטפער אַף קעדוימע אָנצוהערענישן.

אינעם פילם „לעאָן דרעי", לויט סעמיאָן יושקעוויטשעס ווערק, טרעפן מיר זיך מיט א יידישן דאָן זשואַן, וועלכער מאַכט א געלונגענע קאַריערע מיט דער הילף פון פּרויען. אינטערעסאַנט האָבן זיך אַנטפּלעקט די טעאַטראַלע אַקטיאָרן נ. ראַדין (לעאָן דרעי), ר. רייזען, נ. ליסענקאָ, א. ביביקאָוו אאַ. אויפוואַרפנדיק דעם פילם פאַר דער „פאַרכאַפונג מיט געשלעכט־פּראָבלעמען", האָט דער זשורנאַל „וועסטניק קינעמאַטאָגראַפיִי" געזען אין אים „אַן אויסגעצייכנטע, פול מיט הומאָר, אָפּשפּיגלונג פון בילדער פון דעם יידישן שטייגער" און געהאַלטן, אז דער פילם שטעלט מיט זיך פאַר „א היפּשן אינטערעס".

א. דראַנקאָוו, דער פּיִאָנער פון דעם רוסישן קינעמאַטאָגראַף, וועלכער האָט געשאַפן די אַוואַנטיור־לענטע וועגן די מײַסים פון סאָנקע — דאָס גאָלדענע הענטל (דער טרויעריק באַרימטער סאָפיע בלוּווּשטײן — אַקטריסע פון א מאָסקווער טעאַטער נ. פּ. גאָפמאַן), האָט אײַנגעלאַדן דעם רעזשיסער א. סטאַרעוויטש, ער זאָל שטעלן דעם פילם „לייע ליפשיץ" („די טאָכטער פון געטריבענעם פאָלק", 1917).

דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער א. אי. קופּרין האָט אָנגעשריבן אין 1914 דעם סצענאַרי „פּאַכדן" וועגן דעם לעבן פון די יידן. ס'האָט אַרויסגעלאָזט פילמען וועגן יידישע פּראָבלעמען אויך „די געזעלשאַפט פון אי. יערמאָליעוו". געווען זײַנען אויך אַנדערע לענטעס מיט א מער פּינקטלעכן און נאַציִאָנאַל־ספּעציפישן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון דעם יידישן פאָלק.

וואָס זשע באַטײַט יידישער קינעמאַטאָגראַף און וויִאַזוי האָט ער זיך אָנגעהויבן און אַנטוויקלט אין רוסלאַנד?

צו דער באַדײַטנדיקער גרופּע קינאָ־פילמען וועגן דעם רוסיש־יידישן לעבן דאַרף מען אויך צוגעבן די לענטעס פון אויסלענדישער

פּראָדוצירונג וועגן ייִדן, דערונטער עמיגראנטן פון רוסלאנד. די דאָזיקע פילמען האָבן געהאט א היפּשן דערפאָלג באם רוסישן צושויער. מע קאָן אָנרופן די אמעריקאנישע קאָמעדיע „ריוועקע האָט כאסענע", די פילמען „שײַלאָק פון קראָקע" מיטן באוווּסטן דײַטשישן אקטיאָר ר. שילדקראוט אין דער הויפּט־ראָל, „דער ייִדישער קוואזימאָדאָ", „דעם ראָווס טאָכטער" אאוו. בא פולגעפּאקטע זאלן איז דעמאָנסטרירט געוואָרן די עקראניזאציע פון ק. גוצקאָווס פּיעסע „אוריִעל אקאָסטא", פּראָדוצירט מיצאד דער בערלינער קינאָ־סטודיע „ביִאָסקאָפּ". א סאך סצענעס פונעם פילם זײַנען אראָפּגענומען געוואָרן אין דער אמסטערדאמער סינאגאָגע, און די הויפּט־ראָל האָט געשפּילט דער גרויסער דײַטשישער טראגיקער פּאול וועגענער. ברייט האָבן רעקלאמירט א גאנצע סעריע פילמען פונעם ביבלישן עטנאָס די קינאָ־פירמעס „טשינעס", „די ברידער פּאטע" אא. דאָס זײַנען געווען מאסשטאב־לענטעס. אף די עקראנען האָבן אופגעלעבט גאסן פון די אוראלטע שטעט פון יעהודע מיט האמוינען מענטשן, עס זײַנען פאָרגעקומען גראנדיִעזע שלאכטן, שלוימע האמעלעך האָט געפּראוועט זײַן גערעכטן מישפּעט, דער באשטראָפטער פאר עמעסדיקײַט דאניִעל האָט דערפירט די סאָנים צו גרויל, ארויסגייענדיק א לעבעדיקער און אומבאשעדיקטער פונעם ריוו, וווּהין מע האָט אים ארײַנגעוואָרפן צו די לייבן, די וווּנדערבארע און באגײַסטערטע יודיף האָט אָפּגעהאקט דעם קאָפּ באם אסירישן פירער אָלאָפערן, קעדיי ראטעווען איר פאָלק. כוץ דעם, האָט דער רוסישער פּראָקאט פארמאָגט פיל דאָקומענטאלע און עטנאָגראף־געאָגראפישע פילמען מיט שפּיל־סצענעס.

דער זשורנאל „וועסטניק קינעמאטאָגראפיִי" טיילט מיט, אז ווינטער 1914 האָט מען אינעם פּעטערבורגער עלעקטראָ־טעאטער „לונא־פּארק" אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן „דעם אינטערעסאנטן און גלענצנדיק געמאכטן פילם" „דאָס לעבן פון די ייִדן אין פּאלעסטינע", וועלכן ס'האָט קאָמפּאָנירט די געזעלשאפט „מיזראך" (זי האָט געשטעלט פאר זיך אן אופגאבע צונויפזאמלען קינעמאטאָגראפישע מאטעריאלן וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין אלע לענדער). עטוואָס שפּעטער האָט די דאָזיקע אָדעסער קינאָ־פירמע ארויסגעלאָזט א גרויסן פילם „דאָס לעבן פון די ייִדן אין אמעריקע". אהער זײַנען ארײַן סײַ דאָקומענטאלע קאדרען, סײַ שפּיל־סצענעס אין דער אויספילונג פון אמעריקאנער ארטיסטן. אין רוסלאנד איז אויך דעמאָנסטרירט געוואָרן דער דאָקומענטאלער פילם „פײַערלעכע לעוויִעס פון די 22 טוירע־מעגילעס, פארברענטע אין דער קרעמענטשוגער הויפּט־סינאגאָגע" און דער פילם „ייִדן אין עגיפּעט".

מע קאָן אָנציילן בא הונדערט שפּיל־ און דאָקומענטאל־פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן אין רוסלאנד.

די ערשטע האָבן דערפילט די פּערספּעקטיווקײַט און דעם קאָמערציִעלן באדײַט פון דער ייִדישער טעמע אין רוסישן קינעמאטאָגראף די פראנצויזישע פירמעס „ברידער פּאטע" און „גאָמאָן", וועלכע האָבן געארבעט אין מאָסקווע. אין 1910 האָבן די רעזשיסערן א. מעטער און ק. גאנזען אראָפּגענומען צום ערשטן מאָל אין רוסלאנד סצענעס פונעם ייִדישן לעבן אונטערן נאָמען „לעכאיִם". דער פילם, וואָס האָט אויסגעניצט דעם סוזשעט פון דער פּאָפּולערער ייִדישער פאָלקסליד, האָט זיך באוויזן אף די עקראנען אין יאנוואר 1911. ער האָט געעפנט פאר דעם רוסישן צושויער א נאטירלעכע מענטשלעכע וועלט, א ווײַטע פון די אויסטראכטענישן און רעכילעסדיקע קלאנגען וועגן דעם לעבן פון די ייִדן, וועלכע ס'האָבן פארשפּרייט די אנטיסעמיטן.

אפן עקראן האָט זיך דורכגעטראָגן דאָס לעבן פון א פארוואָרפן ייִדיש שטעטל, עס האָבן אופגעלעבט אָריגינעלע טיפּן פון ייִדן־באלמעלאָכעס אין שווארצע קאשקעטן און לאפּסערדאקן, לאנגבערדיקע זקיינים אין יארמעלקעס, יונגע כיידער־ייִנגלעך, וועלכע האָבן זיך ארײַנגעטאָן אין טאלמוד, טמימעסדיקע מיידלעך אין בונטע, לאנגע קליידער.

די העלדן פונעם פילם, די יעפּאסטויאר ראָכעלע, האָט כאסענע לויטן ווילן פונעם פּאָטער פאר מאטעסן, כאָטש זי האָט ליב אן אנדערן. די אקטריסע מ. רייזען (ראָכעלע) איז זייער נאטירלעך אין דער סצענע פון דער לעצטער באגעגעניש מיטן געליבטן שלוימע פאר דער כאסענע, ווען זי, א פארלוירענע און געפּלעפּטע, באשליסט פונדעסטוועגן אנטלויפן פונעם טאטנס הויז. וואָרהאפטיק ווערט געשפּילט אפן עקראן די פריילעכע, פארביקע ייִדישע כאסענע לויט אלע אוראלטע נאציִאָנאלע מינהאָגים. עס גייען דורך עטלעכע יאָר, און ראָכעלע גייט אוועק מיטן קינד צום געליבטן. מאטעס לאָזט זיך ארײַן אין שיקרעס און ווײַנט אין א שמוציק הײַזקעלע. אין עפּילאָג אנטפּלעקט זיך פאר אונדז מ. רייזען ווי א גוט געקליידעטע פרוי מיט א שטאָלצן אומאָפּהענגיקן קוק. זי גייט ארײַן אין דער הײַזקע, קעדיי ווײַזן דעם פּאָטער דאָס קינד. בלויז נאָך איר אוועקגיין, איבערלייענענדיק דאָס איבערגעלאָזטע צעטעלע, שטויסט זיך מאטעס אָן, ווער ס'איז דאָ געווען, און ער פאלט ארײַן אין

פאַרצווייפלונג. קאַלאָריטע ייִדישע טיפּן האָבן געשאַפן אויך די רוסישע טעאַטראַלע אַקטיאָרן נ. וואַסיליעוו, ל. סיטשאָווא אאַ. דער „קינאָ־זשורנאַל“ האָט אַזוי אָפּגעשאַצט דעם פילם אין סאָף 1910: „די טאַלאַנטפולע שטעלונג און אויספילונג פון אָט דעם פילם שטעלן אים אין איין ריי מיט די לענטעס „די פירשטן־טאָכטער טאַראַקאַנאָווא“ און „מאַרפאַ־פּאָסאַדניצאַ“.

אין זעלבן 1911 האָט דער רעזשיסער א. גערץ, דער ראָש פון דער וואַרשעווער פירמע „ספינקס“, א פיליאַל פון „די ברידער פּאַטע“, אויפגעפירט די קינאָ־לענטע „מייער יוזעפּאָוויטש“ לויט ע. אָזשעשקאָס ראָמאַן. און ווידער איז אַנטשטאַנען אויפן עקראַן דער אויסזען פון א ייִדיש שטעטל, אין וועלכן עס ברויזן מענטשלעכע ליידנשאַפטן.

דער קינעמאַטאָגראַף, וואָס איז געוואָרן אינעם אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט א מאַסעווע און אַפּעראַטיווע קונסט, האָט אומבאַשטרייטבאַר מיטגעהאָלפן צו רעאַליזירן די דווירעסדיקע שטרעבונגען פונעם ייִדישן פאָלק צו נאַציאָנאַלער איינהייט און צו א מער טיפערער באַזיניקונג פון זײַן קולטור. און געטאָן האָט דעמלט דער קינעמאַטאָגראַף אין אָט דעם פּראַט מערער, איידער דער ייִדישער פאָלקסטעאַטער, וועלכער איז געווען געטריבן, האַלבלעגאַל אינעם צאַרישן רוסלאַנד. צווישן די פילמען האָבן זיך באַוויזן אַפילע עטלעכע „רעדנדיקע אַף ייִדיש“. „א בריוו פאַר דער מאַמען“, „ווו איז מײַן כײַע?“, „גאַסן־קלעזמער“ („ייִדל מיט זײַן פידל“). מיט דער הילף פון א לעבעדיקן אַקטיאָר, א באַהאַלטענעם הינטערן עקראַן, האָט אין קינאָזאַל געקלונגען די פאָלקס־שפּראַך, ווי אויך קופּלעטן ייִדישע לידער.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די באַזע פאַר דער מערהײַט קינאָ־פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן זײַנען געוואָרן ווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור און די אוראַלטע טראַדיציעס פונעם נאַציאָנאַלן טעאַטער, וואָס האָט דורכגעמאַכט א היפּשן וועג, אָנהייבנדיק פון ריטועל־רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, ווי פּורים־שפּילן, און ענדיקנדיק מיט א. גאָלדפאַדענען, ש. אַשן, ד. פּינסקין, יאַ. גאָרדינען אאַ. אין די יאָרן 1911—1912 זײַנען די פילמען אַף דער ייִדישער טעמע געוואָרן זייער פּאָפּולער. באַגײַסטערט מיטן דערפאָלג פונעם פילם „לעכאַים“, לאָזן אַרויס „די ברידער פּאַטע“ די קינאָ־דראַמע „דער פידל“ לויט וו. הערצמאַנס דערציילונג. אָנערקענונג האָט באַקומען א. אַרקאַטאָווס פילם „ראָכל“ („די שיינהײַט־פּאָזירערן“), וועלכע די אונטערנעמפּעיִקע פּראַנצויזן האָבן אַרויסגעלאָזט האַרבסטצײַט 1912. אַלס קינסטלער האָט מען אײַנגעלאַדן טש. סאַבינסקין, דעם באַקאַנטן לויטן פילם „לעכאַים“. דער פילם האָט דערציילט וועגן די איבערלעבונגען פון א סקולפּטאָר, וואָס איז פאַרסאַמט מיט א מאָדנעם און אַכזאָריעסדיקן אייפער צו זײַן שאַפונג. די שיינהײַט־פּאָזירערן האָט געשפּילט מ. רייזען, אָבער דאָס איז, צום באַדויערן, געווען ווײַט ניט איר בעסטע ראָל. דער אַמערסטן ערנסטער פילם אַף דער ייִדישער טעמע פון „די ברידער פּאַטע“ אין 1912 איז געווען „גאָט פון נעקאָמע“ לויט שאָלעם אַשס בריית באַוווסטער פּיעסע (סצענאַריסט און רעזשיסער א. אַרקאַטאָוו).

דער פילם האָט, פּונקט ווי די פּיעסע, צוגעצויגן דעם צושויער מיט זײַן שאַרפן סאָציאַלן אינהאַלט, מיט דער שטרעבונג צו אַנטפּלעקן יענע אומאָנגענעמע אַספּעקטן פונעם מענטשלעכן לעבן, וועלכע מע פאַרשווײַגט צומאָל. פון דער זיבעצניאָריקער ריווקעלע באַהאַלט מען געהאָרכזאַם אויס, אַז איר פּאָטער, יאַנקל שעפּשאָוויטש. האַלט אויף אינעם קעלער פון זײַן הויז א ניט־לײַטישן אַנשטאַלט. אָבער ניט דער פּאָטער, ניט די מוטער, ניט די הייליקע טוירע, וועלכע מע נעמט פײַערלעך אויף אין שטוב, קאָנען ניט אָפּווענדן די טאָכטער פון איר סוויווע. ריווקעלע גאַנוועט אַרויס דער סוטעניאָר שלוימע, אָבער די מוטער קויפט זי אויס. און מער קיין רו איז אין שעפּשאָוויטשעס שטוב שוין ניטאָ! וואַרפנדיק א כשאַד, אַז זײַן טאָכטער האָט אָנגעווירן די בסולעשאַפט, טרײַבט שעפּשאָוויטש זי אַרויס אַף דער גאַס. דער אַרטיסט מ. פישזאָן שאַפט א געשטאַלט פון א שמײַדיקן און פאַרפירערישן אַלפאָנס און סוטעניאָר.

אָפט פלעגן צוציִען די שעפער פון די פילמען וועגן דעם רוסיש־ייִדישן לעבן די פּיעסעס פונעם מיטלמעסיקן און פּרוכטבאַרן דראַמאַטורג יאַ. גאָרדין, וועלכער האָט עמיגרירט אין די פאַרייניקטע שטאַטן און אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק א רוסישע צײַטונג. ער האָט אָנגעשריבן העכער פופציק דראַמאַטישע ווערק, וועלכע זײַנען אויפגעפירט געוואָרן אין רוסישע און ייִדישע טעאַטערס. זײַנע מעלאָדראַמעס האָבן אימפּאָנירט דעם מאַסן־צושויער מיט דער ברייטער שילדערונג פון קאָמפּליצירטע מענטשלעכע גוירולעס, מיט דער סענטימענטאַלער וואָרהאַפּטיקער אויפפאַסונג פונעם ייִדישן שטייגער, זײַנע רעליגיעזע טראַדיציעס און פאַרשיידנאַרטיקע פּערסאָנאַזשן, סײַ גוטוויליקע, סײַ ברוטאַלע. די קינעמאַטאָגראַפיסטן האָבן געשעצט אין יאַ. גאָרדינס מעלאָדראַמעס שאַרפע דראַמאַטישע קאָנפליקטן, פאַרכאַפּנדיקע אינטריגע. מע האָט זיי לײַכט געקאָנט מאַכן

פאַרן ליטעראַרישן יעסאָד פון דינאַמישע פּיל־
מען, ווי עס האָט געפאָדערט דער שטומער
קינאָ. יאָ, אין יאַ. גאַרדינס פּיעסעס זײַנען גע־
ווען שטאַמפּן, פאַלשער פּאַטאָס, אָנגעטראַכטע
עפעקטן, וועלכע זײַנען אונטערגעפאַלן אונטער
דער ווירקונג פונעם דראַמאַטורגס באַליבטע
אידייען וועגן דער גורלדיקער קעגנשטעלונג
פון גוטס און בייזס, פון ליבע און טויט, וועגן
דער אַרײַנדרינגונג פון מיסטישע קריכעס אי־
נעם לעבן פונעם מענטשן אאַוו. מע דאַרף
אָבער געדענקען, אַז אָט די פּיעסעס זײַנען
ווערק פון א געוויסער צײַט און ניוואָ, אַף זיי
איז דערצויגן געוואָרן א גאַנצער דאָר יידישע
אַקטיאָרן.

אין סאָף 1911 האָט די וואַרשעווער „סי־
לאַ־געזעלשאַפט" אַרויסגעלאָזט א קינאָ־לענטע
„דער ווילדער פאָטער" לויט יאַ. גאַרדינס דראַ־
מע. נאָכדעם האָט דער רעזשיסער וו. קריוו־
צאָוו אופגעפירט לויט דער באַשטעלונג פון
דער קינאָ־פירמע „גאַמאָן" איינע פון יאַ. גאַר־
דינס בעסטע פּיעסעס „מירעלע עפראָס" און־
טערן נאָמען „דער קאַמף פון צוויי דוירעס".
אין דעם זעלבן יאָר עקראַניזירט אין וואַרשע
די דאָזיקע פּיעסע דער רעזשיסער ק. קאַ־
מינסקי, אָבער שוין מיט יידישע אַקטיאָרן. אָנ־
הייבנדיק פונעם 1912 ביזן 1914 באַווײַזן זיך
רעגולער אַף די עקראַנען פון רוסלאַנד פילמען
לויט יאַ. גאַרדינס פּיעסעס „יום־הכּיפּורים" פו־
נעם רעזשיסער יע. סלאַווינסקי („ס. מינטוס־
געזעלשאַפט"), „אַף יענער זײַט אָקעאַן" („ד.
כאַריטאָנאָווס האַנדלס־הויז"). אין נ. ליסאָוו־
סקיס שטעלונג זײַנען דערשינען די פילמען
„כאַסיע די יעסוימע" און „די ליבע און דער
טויט" (קינאָ־פירמעס „סילאַ" און „קאָסמאָ־
פילם"). מער פון אַלע האָט אופגעפירט פילמען
לויט יאַ. גאַרדינס ווערק אַף די וואַרשעווער
קינאָ־סטודיעס מיטן אָנטייל פון אַקטיאָרן פון
יידישע פאָלקס־טעאַטערס דער רעזשיסער ק.
קאַמינסקי („דער טײַוול", „דאָס שעכטן", „די
שטיפמוטער"). פאַר דער גרויסער אַקציאָנער־
קאָמפּאַניע „קאָסמאָפילם", וועלכע ס'האָט גע־
גרינדעט אין 1913 אין וואַרשע ד. גינצבורג,
האָט ק. קאַמינסקי אופגעפירט די פילמען „זײַן
ווײַבס מאַן", „דעם כאַזנס טאָכטער", לויט מײַ־
זעלס און וו. ליבינס פּיעסעס, „הערצעלעס
מעיוכעס", „די פאַרשטויסענע טאָכטער" לויט
אַ. גאָלדפאַדענס דראַמעס.

די לענטעס פון די וואַרשעווער קינאָ־פיר־
מעס „סילאַ", „ספינקס", „קאָסמאָפילם" זײַנען
געווען ווי א מין עטאַלאָן, לויט וועלכן מע האָט
קאָנטראָלירט די מײַסטערשאַפט פון די שעפער
פון די פילמען וועגן דעם יידישן לעבן. ס'האָט
זיך געשאַפן א פּלעיאַדע טאַלאַנטפולע יידישע
אַקטיאָרן און רעזשיסערן, וועלכע האָבן געאַר־
בעט אין מאָסקווע, וואַרשע, ריגע, אָדעס און
אין אַנדערע שטעט — די אַרטיסטן ר. קאַמינ־
סקאַיאַ, וועלכע מע האָט גערופן די יידישע
עלעאָנאָרע דוזע, ד. זאַסלאַווסקי, מ. פישזאָן,
יאַ. ליבער, ג. ווײַסמאַן, ס. איידעלמאַן, א. באָ־
גוסלאַווסקאַיאַ, ב. זאַסלאַווסקאַיאַ, אי. אַרקאָ,
מ. רייזען, א. בערנאַרטשיק, מ. שלאָסבערג,
לאַנדאַו, אײַזענבערג אאַ., די רעזשיסערן ק. קאַ־
מינסקי, נ. ליפּאָווסקי, ע. סלאַווינסקי, א. אַר־
קאַטאָוו, ב. סוועטלאָוו. א סאַך פון זיי האָבן
דערוואָרבן א היפּשע קינעמאַטאָגראַפישע דער־
פאַרונג, אַרבעטנדיק איבער די פילמען לויט
יאַ. גאַרדינס פּיעסעס. לאָמיר דערמאָנען איינ־
קע פון די דאָזיקע פילמען.

דער פילם „די ליבע און דער טויט" דער־
ציילט וועגן די קאָמפּליצירטע קעגנזײַטיקע
באַציִונגען צווישן צוויי שוועסטער און א יונג־
מאַן מיטן נאָמען בערנאַרד. די שעפער פונעם
פילם באַזירן זיך אַף יאַ. גאַרדינס געדאַנק
וועגן דעם, אַז „דאָס מענטשלעכע גלײַכגילט
צום מיטברודער" און דער עגאָיִזם ברענגען
קעסיידער צו פאַשיידענע מינים אומגליקן. די
באַשיידענע, גוטווייליקע, אָבער מיִעסע בערטע
טרעט אָפּ איר כאָסן דער אומגעצוימטער און
אומדאַנקבאַרער שוועסטער אידע, וועלכע
מאַכט דעם ווילנלאָזן בערנאַרד פאַר איר מאַן.
ס'גייט אָבער דורך א צײַט, און זי ווערט אים
אומגעטרײַ. אידעס עגאָיִסטישע אינסטינקטן
שטרײַכט אונטער די אַקטריסע ב. זאַסלאַוו־
סקאַיאַ. אינעם פילם ווערט געוויסנהאַפטיק גע־
שאַפן א ריי מעלאָדראַמאַטישע סיטואַציעס:
דער עפּיזאָד, ווען בערנאַרד טרעפט זײַן יונג
ווײַב אין די אָרעמס פון איר געליבטן, די סצע־
נע, ווען די מענער וואַרפן גורל, קעדיי באַ־
שטימען, ווער פון זיי דאַרף שטאַרבן (דער גע־
ליבטער איז מאַקריוו מיט זיך, האַגאַם עס
פאַלט אים אויס ניט „טויט", נאָר „ליבע").

דער פילם „מירעלע עפראָס" לויט יאַ. גאַר־
דינס בעסטער דראַמע איז באַוווסט מיט דער
ראַפינירטער אויספילונג פון דער הויפּט־ראָל
מיצאַד עסטער־ראָכל קאַמינסקאַיאַ. איר העלדין
איז אַן אַנטשלאָסענע, הערשנדיקע באַלעבאַטי־
שע פרוי, דער ראָש פון א רײַכער פירמע, און
אין דער זעלבער צײַט א גוטע, אינטעלעקטועלע
און קלוגע מוטער, וועלכע האָט זיך געווידמעט
די קינדער און דעם הויז. דאָס לעבן אָבער
שטויסט זי צונויף מיט דער שנור און מיט אַן
אַמעראַצישער קליינבירגערלעכער מישפּאָכע,
ווו עס עקזיסטירט בלויז דער קולט פון געלט.
מירעלע איז פול מיט ביטערן הומאָר בענעגייע
די דאָזיקע „סלוצקער אַריסטאָקראַטן", זי דול־
דעט אָבער פיל צוליב איר זון, וואָס האָט ליב



קאדער פונעם פילם „ליאָן דרײ"

זײַן קאפּריזנע און גיריקע שײנדעלע. סאָפּקאָלסאָף גײט זי אוועק פונעם זון, איבערגעבנדיק אים און דער שנור דאָס גאנצע פארמעגן. די שטוביקע הריזען זיך איבערן געלט. אינגיכן ווערט דער קאָנפליקט געלײזט פרידלעך: דאָס אײניקל ברענגט צו פירן די באָבע אהײם אף זײַן בארמיצווע.

דראמאטיש איז אויך דער פילם „אף יענער זײַט אָקעאן". לויט אומגעריכטע מישפּאָכע-אומשטאנדן פאלט ארײַן א גרויסע ייִדישע מישפּאָכע קײן אמעריקע. דאָס איז געשען דערפאר, ווײַל די טאָכטער פונעם רײַכן פּאָדריאַדטשיק רעפאָעל פרידלענדער עטל האָט געוואָלט „זיך טויפן מיט אן אָפיצער" און איז שוואנגער געוואָרן פון אים. דער טאלאנטירטער אָבער מערקאנטילער און צינישער פידלער גריגאָרי האָט כאסענע געהאט אף דער „געשענדעטער" עטל צוליב געלט. מיר זעען, ווי די העלדן פונעם פילם געווינען זיך צו אף א פארשײדענעם אויפן און שווער צום נײַעם לאנד. אײנע כאפּן גיך אוף: „אין אמעריקע דארף מען האָבן סײכל", אנדערע בענקען נאָך רוסלאנד, באזונדערס דער אלטער רעפאָעל פרידלענדער, וועלכער דערמאָנט זיך אין די שנײיִקע ווינטערס אין קרעמענטשוג, אין די גוטמוטיקע און ארבעטזאמע פויערים. די ארטיסטן וו. זאסלאווסקאיא, מ. פישזאָן, אי. ארקאָ און אנדערע קאָנען ניט אויסמײַדן סענטימענטאלע טעאטראלישקײַט. אָבער טראָגן ארײַן אינעם פילם א סאך דינע פּסיכאָלאָגישע פארבן.

נאָך „מירעלע עפראָס" און אנדערע קינאָ-לענטעס באקומען א ברײטע רעקלאמע די פילמען מיטן אָנטײל פון ר. קאמינסקע. דער פילם „דעם כאזנס טאָכטער" האָט דערגרײכט אדאנק איר גלענצנדיקער שפּיל א מערקבארן קינסטלערישן ניוואָ. דעם כאזן נאָכעמס טאָכטער גיטל באגײט זעלבסטמאָרד. אָפּזאָגנדיק א סאך כאסאנים, האָט זי זיך פארליבט אין א יונגנמאן, ניט ווייסנדיק, אז ער איז א כאסענע געהאטער. דער זשורנאל „וועסטניק קינעמאטאָגראפיִי" האָט געשריבן אין 1914 וועגן דעם דאָזיקן פילם: „די דראמע איז פאנאנדערגעשפּילט געוואָרן זײער גוט, מיט איר אויסגעהאלטנקײַט אין די מינדסטע פּראָטים פונעם ייִדישן לעבן מאכט זי א שטארקן אײַנדרוק".

אין דער פּאָפּולערער קינאָדראמע „דאָס שעכטן" האָט אויסגעצײכנט זיך אנטפּלעקט די מײַסטערשאפט פונעם רעזשיסער ק. קאמינסקי, וועלכער האָט קאָנצענטרירט די גאנצע אופמערקזאמקײַט פונעם צושויער אף די אינערלעכע לײדן און אף דעם שווערן גורל פון דער פרוי. דער סוזשעט פונעם פילם אנטוויקלט זיך האסטיק און דראמאטיש: דעם ראָווס טאָכטער עסטערקע איז געצווונגען כאסענע האָבן פארן רײַכן אלמען ראפּאָפּאָרט, כאָטש זי האָט ליב דעם קאצעוו שמועל. עס גײען דורך יאָרן. עסטערקעס מישפּאָכע-לעבן צעפאלט זיך, עס שטארבט דאָס קינד, דער מאן פירט זיך אוף ברוטאל, שיקערט און הוליעט ערגעץ. אײנמאָל האָט עסטערקען באזוכט שמועל. נאָך זײַן אוועקגײן באווײַזט זיך דער שיקערער מאן, מאכט א נײַעם סקאנדאל, אוכאזשעוועט נאָכן דינסטמײדל. אין עסטערקען פלאמט אוף א געפיל פון קאס. זי כאפּט דעם שעכט-מעסער און דערהארגעט דעם שלאָפנדיקן מאן.

אינטערעסאנטע קינאָ-פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן האָט ארויסגעלאָזט די געזעלשאפט „ווארײאג", וועלכע ס'האָבן געגרינדעט צווײ פרויען — יעליזאריאנץ און שטערן („דער קרעטשמער לײבע", „דער זײגערמאכער לײזער" פונעם רעזשיסער מ. נאָוויקאָוו, ווי אויך „די ליבע-קאפּריזן" („דעם קאָוואלס ליבע"). דערבײַ האָבן די הויפּט-ראָלן געשפּילט רוסישע ארטיסטן. אקטיוו האָט געארבעט אין דעם פּראַט ר. פּערסקיס האנדלס-הויז („עסטערקע בלעכמאן", רעזשיסער א. איוואנאָוו-גאַי, „די מישפּאָכע ראפּאָפּאָרט", „די טראגעדיע פון דער אָרעמער ראָכעלע", „באָרעכס נעקאָמע", רעזשיסער ב. סוועטלאָוו). פּאָפּולער זײַנען געווען די ייִדישע פילמען, וועלכע ס'האָבן געשאפן די אָדעסער קינאָ-פירמעס „מיראָגראף" און „מיזראך". דער גרינדער פון דער פירמע „מיראָגראף", דער סצענאריסט, רעזשיסער און אָפּע-

ראטאָר מ. גראָסמאַן, וועלכער האָט אויסגעשטאַט זײַן סטודיע מיט פראַנצויזישער אַפּאַראַטור, האָט אַליין אופגעפירט און אַראָפּגענומען די פילמען „די טראַגעדיע פון א ייִדישער קורסיסטקע“, „באַם שנײַדער“ אאַ.

אַקטיוו האָט געאַרבעט אין 1912—1913 איבער דער ייִדישער טעמע אין קינאָ די „ס. מינטוס־געזעלשאַפט“ אין ריגע, וועלכע האָט געשטעלט די פילמען „דער ישיווע־באָכער“, „דאָס פּינטעלע ייִד“, „ווו איז דער עמעס?“ („די טראַגעדיע פון א ייִדישער קורסיסטקע“), „לייבע דער שוסטער“. אין 1913 האָט די דאָזיקע פירמע אײַנגעלאַדן דעם רעזשיסער ק. קאַמינסקי, ער זאָל שטעלן דעם פילם „שמא ייִסראָעל“ לויט אָ. דימאָווס פּיעסע. דער רעזשיסער און אָפּעראַטאָר יע. סלאַווינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט דעם פילם „דאָס פּינטעלע ייִד“ לויט ב. טאָמאַשעווסקיס ייִדישער אָפּערעטע, האָט זיך באַניצט מיט די טויוועס פון דער באַוועגלעכער ייִדישער טעאַטראַלער טרופּע. די דאָזיקע אַלע פילמען האָבן פאַרינטערעסירט דעם צושויער מיט זייער פּסיכאָלאָגישער אויספירלעכקייט, מיט וואָרהאַפטיקע נאַטור־פילמירונגען, מיט דעם פּרוּוו אַרײַנצופירן ערנסטע סאָציאַלע מאָטיוון. פון דעם פילם „ווו איז דער עמעס?“ דערוויסן מיר זיך, אַז די העלדן באַקומט א שטרענגן פּאַפּיר פון דער פּאָליציי, וועלכער פאַרבאָט איר אַלס קליינבירגערן פונעם ייִדישן שטעטל אין בעסאַראַביע צו וווינען אין דער שטאָט ריגע. דער פילם „לייבע דער שוסטער“ האָט דערציילט דעם צושויער די טראַגישע געשיכטע וועגן דער ליבע פון דער ייִדישקע סאָרע און דעם רוסישן אַרבעטער אַנדריי. דער אַלטער לייבע פאַרשעלט זײַן טאָכטער, וועלכע האָט געדאַרפט כאַסענע האָבן פאַרן ראָוּוס זון. אין אָט דער ליבע רײַסט זיך אַרײַן דער אייפערזוכט פון דער סאָלדאַטקע מאַריע, און אַליין אַנדריי הייבט אָן שיקערן, מאַכט אָן אַטענטאַט אָף צו דערמאָרדן דעם זון און טרײַבט אַרויס זײַן ייִדישע ווײַב פון דער שטוב. דער פינאַל — סאָרעס זעלבסטמאָרד און די פאַרצווייפלונג פונעם שיר ניט מעשוגע געוואָרענעם לייבע. דער פילם האָט דערציילט וועגן דעם, ווי שווער עס קומט אויס מענטשן בײַצוקומען די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אָבערגלויבנס. אָבער איינצײַטיק האָט דער צושויער אים אופגענומען ווי אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע דראַמע אַרום א ניט־געלונגענער ליבע.

די פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך באַוויזן ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דער קינעמאַטאָגראַף, זײַנען נאָך ווײַט געווען פון קינסטלערישער פאַרפולקומקײַט און האָבן אין א גרויסער מאָס קאָפּירט די מעטאָדן פון דער טעאַטראַלער קונסט סײַ אין דער שטעלונג פונעם פילם, סײַ אין דער אַקטיאָרישער אויספירונג. מיט וואָס אָבער קאָן מען דערקלערן דעם פּראָקאַט־דערפאָלג? זייער גוט האָט געענטפערט אָף דער דאָזיקער פראַגע דער פאָרשער פונעם רוסישן ביזרעוואָליוציאָנערן קינאָ ב. ליכאַטשאָוו, א רעפּערטעריסט אין די 30־ער יאָרן. „די ייִדישע פילמען, — האָט ער געשריבן אין זײַן אַרבעט (1927) „די געשיכטע פון קינאָ אין רוסלאַנד“, — זײַנען מער פון אַלץ געווען צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פונעם דעמאָלטיקן צושויער. פאַרמאָגנדיק א היפּשע דאָזע מיסטיק און א שטאַרקן געדאַנקלעכן אינהאַלט, האָבן זיי ווײַט איבערגעשטיגן די פּסיכאָלאָגישע פילמען פון אַלגעמיינער טעמאַטיק, און ווען ניט זייער ספּעציפישקײַט, קעגן וועלכער עס זײַנען אַרויסגעטראָטן אײַנפלוסרײַכע יודאָפאָבן, וואָלטן זיי, אָן שום ספק, געהאַט א נאָך גרעסערע פאַרשפּרייטונג“. מע האָט געהאַלטן פאַר גלײַכער צו פאַרשווײַגן דעם דערפאָלג פון אַזעלכע פילמען, באַגרענעצנדיק זיך מיט באַמערקונגען וועגן „דער שטימונג פון אויסגאַנגלאָזיקײַט, מעלאָדראַמאַטישע סיטואַציעס, טרויעריקן שטייגער־קאָלאָריט“, וואָס זײַנען קלוימערשט די גרונט־אייגנשאַפטן פון די פילמען וועגן ייִדישן לעבן. עס זײַנען געווען טיפּזיניקע אָנצוהערענישן אַז אין זיי איז „אָפּוועזנד א סאָציאַלער אַנאַליז“ און ס'איז „איבערגעטריבן די שילדערונג פון אַזעלכע געפילן, ווי ליבע און אייפערזוכט“.

אין די פילמען וועגן דעם ייִדישן לעבן, ווי ס'האָבן מיר דערציילט א סאַך באַאַרטע קינאָצושויער, האָבן צוגעצויגן דאָס סאַמע ברייטע פּובליקום גראָד דער בונטער נאַציאָנאַלער קאָלאָריט, די אינטערעסאַנטע און אומגעריכטע קערונגען פון דער האַנדלונג, די אייגנאַרטיקע פאַרבינדונג צווישן דעם טראַגישן און קאָמישן. דעם צושויער האָט ניט געלאָזט גלײַכגילטיק די מיטפילנדיקע און אופריכטיקע שילדערונג פון מענטשלעכע ליידן, דער קאַמף פון לײַדנשאַפטן און אַפילע מעלאָדראַמאַטישע קאָליזיעס, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט אומגעריכטע קלעפּ פונעם גורל. דער צוזאַמענשטויס פון גוטס און בייזס, די קאָנטראַסטן פון רײַכטום און אָרעמקײַט האָבן געהאַט אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן ראַקורס. אין דער מעלאָדראַמע „דער מערדער אויס נויט“ („אידיאָט“) („סילאַ“, 1913) איז דער אָרעמאַן טראַכטמאַן געבליבן שולדיק דעם באַלעבאָס פאַרן נעבעכדיקן הײַזקעלע, און ער קאָן ניט אָנהאַלטן דאָס גרויסע געזינד. ער הארגעט א פאַרפאָרענעם סויכער, נעמט צו זײַן געלט. אָבער דער אַקטיאָר,

װעלכער שפּילט טראַכטמאַנען, שילדערט אים ניט װי אַ בײזװיליקן פֿאַרברעכער. גריװער זײַענדיק דעם יעיצערהאָרע, קערט טראַכטמאַן אום דעם סױכער דאָס געלט, אָבער יענער זאָגט זיך אָפּ צו אַנטלײַען אים אַ ניט־גרױסע סומע, און דאָס ברענגט צו אַ שװערן פֿאַרברעכן. מ. נאָװיקאָװ, דער רעזשיסער און אױספֿילער פֿון דער הױפּט־ראָל אינעם פֿילם „לײזער דער זײגערמאַכער“ („װאַריאַג“, 1912), אַקצענטירט ניט די אױפֿמערקזאַמקײַט פֿונעם צושױער אױף די רעליגיִעזע באַריערן, װעלכע צעטײלן אַ ייִדישקע מיט אַ רוס. די אַקטריסע פֿונעם מאָסקװער „מאַלי טעאַטער“ סאַלינאַ שאַפֿט אַ געשטאַלט פֿון אַ פֿרױ, צו װעלכער עס איז, ענדלעך, געקומען אַ שטאַרקע, פֿילעװדיקע ליבע. איר לײַע איז פֿעיִק אַלץ מוחל צו זײַן דעם געליבטן, װעלכער האָט זיך אַרױסגעװיזן פֿאַר אַ לאָװעלאַס.

די ייִדישע טעמע אין בײַרעװאָליוציאָנערן רוסישן קינעמאַטאָגראַף האָט געהאַט שטאַרקע קעגנער, װעלכע האָבן זיך אַרױסגעגעבן פֿאַר אײפּערזיכטיקע היטער פֿון „עכט רוסישע טראַדיציעס“. די צײַטונג „נאָװאָיע װרעמיאַ“, װעלכע איז באַװוּסט געװען מיט איר יודאָפֿאָביע, איז אַרױסגעטראָטן מיט אַ רײ אָנפֿאַלן אױף פֿילמען װעגן ייִדישן לעבן, באַשולדיקנדיק זײערע שעפֿער, אַז זײ לאָזן זיך אַראָפּ „צום ניװאָ פֿון די נידעריקע פֿאָדערונגען פֿון דער מעגושעמדיקער מאַסע“. נאָך אין 1908 אָרגאַניזירט דער „פֿאַרבאַנד פֿונעם רוסישן פֿאָלק און מיכאַיִל אַרכאַנגעל“ אַ „פּאַטריאָטישן סינעמאַטאָגראַפֿישן טעאַטער“ און זוכט אַ פֿירמע, װאָס װאָלט מסכּים געװען צו שילדערן אין זײַן גײַסט אין אַ פֿילם אַ ייִדישן פּאָגראָם. צװישן די אײגנטימער פֿון קינאָ־אונטערנעמונגען האָבן זיך אַזעלכע ניט געפֿונען. שװידערלעכע קאַדרען פֿון אַ ייִדישן פּאָגראָם האָט דער רוסישער צושױער טאַקע געזען ערשט אין האַרבסט 1917 אין מ. באָנטש־טאָמאַשעװסקיס סאָציִאַלער דראַמע „אין זײער בלוט זײַנען מיר ניט שולדיק“ („ייִדן“). דער קינעמאַטאָגראַף אין רוסלאַנד האָט שאַרף געטאַדלט די פֿאַראַנטװאָרטלעכע „פֿאַר דעם אומשולדיק פֿאַרגאָסענעם בלוט“.

אָנהײבנדיק פֿון דער מיט פֿון 1914 איז צו מערקן אַ יערידע אין דער אַנטװיקלונג פֿונעם רוסיש־ייִדישן קינעמאַטאָגראַף. דאָס איז אַרױסגערופֿן געװאָרן קודעמקאָל מיט דער פֿאַנאַנדערפֿלאַקערונג פֿון די יודאָפֿאָבישע שטימונגען אין דער צײַט פֿונעם פֿאַבריצירטן מיצאַד דער אָכראַנקע בײליס־פּראָצעס. כאָץ דעם, האָט דער



אָנהײב פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה און דער אױפֿברױז פֿונעם שאָװיניזם דערפֿירט צו נײַע ייִדישע פּאָגראָמען און צו אָנפֿאַלן פֿון דער רעאַקציאָנערער פּרעסע אױף די ייִדן, אױף װעלכע „עס פֿאַלט אַ חשד“, אַז זײ זײַנען ניט װי געהעריק פּאַטריאָטיש און פֿילן אַפֿילע סימפּאַטיעס צו די סאָנים פֿון רוסלאַנד. די צײַטונג פֿונעם „סאָיוז רוסקאָװאָ נאַראָדאַ“ „רוסקאָיע זנאַניִע“ (1913, נומ. 177) האָט געפֿאָדערט פֿון דער רעגירונג אַנערקענען די ייִדן אַלס פֿאָלק, װאָס איז „געפֿערלעך פֿאַרן לעבן פֿון דער מענטשהײַט“ און אױװעקשטעלן זײ קינסטלעך אין „אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זײ זאָלן קעסײדער אױסשטאַרבן“.

אין די יאָרן 1914—1915 האָבן די קינאָצושױער זיך אָפּט אָנגעשטױסן אין אַ פֿאַרבאָט צו דעמאָנסטרירן פֿילמען װעגן דעם ייִדישן לעבן. װי עס טײלט מיט דער זשורנאַל „װעסטניק קינעמאַטאָגראַפֿיִי“, איז אין די אָדעסער טעאַטערס פֿרילינג 1914 אַראָפּגענומען געװאָרן פֿונעם עקראַן דער פֿילם „ריװוּקעס לײדן“, אין ראָסטאָװ־אָפֿן־דאָן האָט די פּאָליצײ פֿאַרבאָטן צו דעמאָנסטרירן דעם פֿילם „די טראַגעדיע פֿון אַ ייִדישער קורסיסטקע“. זומער פֿון דעם זעלבן יאָר האָבן די מאַכט־אָרגאַנען פֿאַרבאָטן אין דער כערסאָנער גובערניע די קינאָדראַמע „דאָס שעכטן“ און אין אָדעס — דעם פֿילם „עסטערקע בלעכמאַן“. אין די יאָרן

1914—1915 זײַנען נאָך געשאַפן געוואָרן אייניקע אינטערעסאַנטע פילמען אַף דער ייִדישער טעמע, שוין פיל ווייניקער, ווי פריִער.

באַזונדערס דאַרף מען זאָגן וועגן ר. אונגערנס פילם „דער פּאַכדן” לויט א. קופּרינס סצענאַרי (די פּעטערבורגער „פּראָדאַלענט-געזעלשאַפט”). אין אָט דעם פילם איז באַוויזן געוואָרן דאָס לעבן פון די „בײַגרענעץ-ייִדן” אין א ראָמאַנטישן אָרעאַל, אין דעם זעלטענעם זשאַנער פון א האַלב-אַוואַנטיוריסטישער מעלאָדראַמע, וועלכע האָט געטראָגן גיכער אַן אַלגעמיין-מענטשלעכן, איידער אַן אונטערגעשטראָכן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין דער העלדן פונעם פילם לייע, א טאָכטער פון אַן אָרעמען קלעזמער, זײַנען אײַנגעליבט דער פידלער-אויטאָדידאַקט יאַשע בראָנשטיין און דער קאָנטראַבאַנדיסט פּײַוויש, וועמען די מאַכט-אָרגאַנען האַלטן אין אויג, נאָר קאָנען ניט כאַפּן. איינמאָל גייט ער אַף זײַן געפערלעכער יאַגד צוזאַמען מיט יאַשען, וואָס אַנטפּלעקט זיך ווי א פּאַכדן. לייע איז אינגיכן מאַסקים כאַסענע צו האָבן קעגן דעם טאַטנס ווילן פאַרן דרייסטן קאָנטראַבאַנדיסט, וועלכער קומט אום אין אכט יאָר אַרום אין א קעגנזײַטיקער שיסערײַ. יאַשע בראָנשטיין ווערט פאַר אָט דער צײַט א באַוווּסטער פידלער, אָבער לייע איז, ווי פריִער, קאַלט צו אים פאַר זײַן פּאַכדאָנעס. די פּעטערבורגער טעאַטראַלע אַקטיאָרן אי. אוראַלאָוו (פּײַוויש) און וו. גלאַגאָלין (יאַשע) האָבן גוט זיך אַרײַנגעשריבן אין דער מעלאָדראַמע, אָבער ניט געקאָנט פּאָטער ווערן פון סטאַטישקײַט אין דער שילדערונג פון די כאַראַקטערס, אָבער אין דער ראָל פון לייען האָט די אַקטריסע יע. טימע אויסגענומען, שאַפנדיק א געשטאַלט פון אַן אומאָפּהענגיקער שטאָלצער פרוי, וועלכע איז פרײַ אין איר אויסוואַל.

דער פּעריאָד פון 1915 ביז 1917 איז פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם ייִדישן קינעמאַטאָגראַף ניט געווען קיין פּרוכטבאַרער, אויך דער קינסטלערישער ניוואָ פון די לענטעס איז געוואָרן נידעריקער. אין גאַנג פון דער מילכאָמע זײַנען דערשינען עטלעכע מיטלמעסיקע פילמען וועגן ייִדן-פּרײַוויליקע, וועגן דעם „העלדנטאַט” פונעם אויסשפּירער כאַיִם שיידעלמאַן אַאוו.

נאָך דער פעוראַל-רעוואָליוציע פון 1917 האָבן זיך באַוויזן נײַע מעגלעכקײַטן פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן קינעמאַטאָגראַף. זומער איז געקומען אַף דער קינאָ-פאַבריק „מיזראַך” אין אָדעס דער רעזשיסער א. אַרקאַטאָוו, וועלכער האָט אינגיכן אויפגעפירט די פילמען „אורטיילט”, „מענטשן” לויט י.-ל. פּערעצעס דערציילונג „צעקלאַפּטע לוכעס”, „קאַנטאָניסטן” און דעם ערשטן פילם אַף דער טעמע פון שאָלעם-אַלייכעמס דערציילונג „דער בלוטיקער שפּאַס”. מע האָט אָנגעהויבן פילמירן די ווערק פון ייִדישע שריפטשטעלער.

באַזונדערע אַקטיווקײַט האָט אַרויסגעוויזן „ג. אי. ליבקענס האַנדלס-הויז”. נאָך אין 1914 האָט אַליין דער ראָש פון דער סאָלידער פירמע אָנגעשריבן א סצענאַרי און אַוועקגעשטעלט די קינאָדראַמע „קריינע די שענקערקע” („די טראַגעדיע פון א מעשומעד”). אינעם פילם זײַנען געווען אײַנגעשלאָסן טיטרען: „גענומען פונעם לעבן”, אָבער קיין גרויסן דערפאָלג האָט ער ניט געהאַט. פרילינג 1917, ווען דער קינעמאַטאָגראַף האָט דערוואָרבן מער פרײַהײַט, האָט ליבקענס האַנדלס-הויז אײַנגעלאַדן דעם רעזשיסער ב. סוועטלאָוו צו שטעלן דעם פּאָליטישן באָיעוויק „אין די לאַפּעס פון יעהודע” („דער פּראָוואָקאַטאָר אַזעף”). אין אָקטיאַבער כוידעש איז דער פילם אַרויס אַף די עקראַנען פון רוסלאַנד.

דאָס איז געווען דער ערשטער און דערווײַל דער איינציקער, און אין א היפּשער מאָס ניט-געלונגענער פּרוּוו צו באַקאַנען דעם צושויער מיט דער ביִאָגראַפיע פונעם באַוווּסטן אַוואַנטיוריסט, אַגענט פון דער צאַרישער אָכראַנקע יעוונאָ אַזעף, וועלכער איז געווען „צוגאָבלעך” א מיטגליד פונעם צק פון דער פּאַרטיי סאָציִאַליסטן-רעוואָליוציִאָנערן, אַן אָנפירער פון איר קאַמפּס-גרופּע, אַן אָרגאַניזאַטאָר פון טעראָריסטישע אַקטן. נאָך זײַן דעמאַסקירונג אין רוסלאַנד האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו אויסבאַהאַלטן זיך אין דײַטשלאַנד. פונעם פילם דערוויסן מיר זיך וועגן דעם שווערן גוירל פון פיל רעוואָליוציִאָנערע קעמפער, וועלכער דער דאָזיקער מענטש האָט לײַכט און אָן שום געוויסנביסן אויסגעגעבן דער אָכראַנקע. דער פילם האָט פאַרפיקסירט ניט קיין סאַך און ניט קיין באַדײַטנדיקע פאַקטן פונעם פּראָוואָקאַטאָרס לעבן. דער אַקטיאָר ב. מירסקי האָט ניט געקאָנט אַנטפּלעקן, וועלכע פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון האָבן באַוועגט צו זײַנע מײַסים יעוונאָ פישעלעוויטש אַזעפן, א זון פון א שנײַדער, אַן אינזשעניער. ווער איז ער? א קאַלטבלוטיקער געלטגיריקער אָדער פּרינציפּלאָזער אַוואַנטיוריסט, וועלכער האָט געהאַנדלט אויס ליבע צו זײַן קונסט? דאָס איז געבליבן ניט קלאָר.

צו פּאָליטישער פּראָבלעמאַטיק האָט זיך געווענדט אויך די קינאָ-סטודיע „סוועטאָטען”, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין 1914. איר ערשטע אַרבעט איז געווען די דראַמע פונעם רעזשיסער אי. סויפער „דאָס לעבן האָט אים באַשטראָפט” („די לײַדנדיקע לייע”) וועגן דעם,

וויאזוי די יידישע יוגנט זוכט נייע אידעאלן.

אין 1917 האט דער רעזשיסער נ. ברעשקא־ברעשקאווסקי אופגעפירט אף דער דאזיקער קינא־סטודיע לויט זיין סצענארי דעם פילם „דער ביילים־פראצעס”. דער פילם באווייזט, ווי טענדענציעז דער פראצעס איז פאבריצירט געווארן, מיט וועלכע שמוציקע מעטאדן מע האט ארויסבאקומען די אופווייזן קעגן אן אומשולדיקן מענטשן. דער ארטיסט יו. יאקאווליעוו, דער אויספילער פון מענדל ביילים׳ס ראל, שילדערט א שטילן, באשיידענעם, איינגעהאלטענעם, זאכלעכן פריקאזטשיק פון א ציגל־זאוואד. ווען עס קומען נאך אים זשאנדארמען, טוט ער ניט־איילנדיק אן דעם שווארצן פידזשאק, דעם קאטיעלאק, קושט אין שטערן דאס ווייב און די עלטערע טאכטער, וועלכע זיצן באם טיש, דערנאך גייט ער רויק אוועק אין דער באגלייטונג פונעם קאנוואי. די אויספירלעכע קינא־דערציילונג ווערט דערגאנצט מיט גענויע טיטרען, וועלכע קאמענטירן עמאציאנעל און מיט ניט קיין באהאלטענער איראניע דעם גאנג פון דער אויספארשונג און פון דער געריכט־באהאנדלונג.

דעם גוטן פילם פון דער „אי. יערמאליעוו־געזעלשאפט” „דער זון פון יסראעל” („דער יוירעד, דאס קאל פון בלוט”) האט דער רעזשיסער ג. אגאזאראוו פארגעשטעלט דעם רוסישן צושויער זומער 1917. דער גרונט פאר דער דראמאטישער געשיכטע, וועלכע ס׳האבן פאנאנדערגעשפילט אינעם פילם רוסישע טעאטראלע אקטיארן, איז געווען א. בערנשטיינס פיעסע מיטן זעלבן נאמען. א יונגער ייד, דער העלד פונעם פילם, וועלכער איז אויסגעוואקסן אין אן אריסטאקראטישער מישפאכע, דערוויסט זיך אומגעריכט וועגן זיין אפשטאם. נאך שווערע מאכשאוועס פארלאזט ער זיינע אדאפטירעלטערן און גייט אוועק צוזאמען מיט זיין פאטער־לאקיי צו אן אנדער סאציאלער סוויווע. דער העלד פארדינט מיט בלוט און שווייס זיין שטיקל ברויט צווישן מענטשן, וועלכע זיינען פארבלענדט מיט האס, עגאיזם, נאציאנאלע אבערגלויבנס, און סאפקאלסאף קומט ער אום אף א דועל.

דער קינא־זשורנאל „פראיעקטאר” האט געשריבן וועגן דעם פילם אין 1917: „דאס איז א געשיכטע פונעם גאנצן יידישן פאלק”.

צום באדויערן, האבן א סאך בילזרעוואליוציאנערע פילמען אף דער טעמע פונעם יידישן לעבן זיך ניט פארהיט אין דעם מעלוכע־פילמאפאנד. ס׳איז קיין סאפעק ניט, אז די דאזיקע פילצאליקע שטומע פילמען, וועלכע זיינען אופגעפירט געווארן אין רוסלאנד אין די יארן 1911—1917, זיינען א וויכטיקער טייל סיי פון דער רוסישער און סיי פון דער יידישער קולטור, א ווערטפולער גייסטיקער פארמעגן פון די יידן.

מאַטוויי מאַלצין

# א דענקמאָל אין רודניע

אין 1940 בין איך אוועקגעפאָרן פון רודניע קיין לענינגראד זיך לערנען אין דער דאָרטיקער ארטילערישער שול. ס'איז שווער געווען צו פארלאָזן די היים, זיך שיידן מיט דער מאמען, מיט דער שוועסטער, מיט פילצאָליקע קרויווים און פרייַנט. מיר האָבן געהאָפט אָף א גיכער באגעגעניש, ווען כ'וועל קומען אין אורלויב. בלויז די מאמע האָט געוויינט, וואָס עס האָט מיט איר געטראָפן זייער זעלטן, אפילע אין די שווערסטע צייַטן.

ווער האָט געקאָנט טראכטן, אז דאָס וועט זייַן אונדזער לעצטע געזעגענונג און עטוואָס מער ווי אין א יאָר ארום וועט די מערהייַט פון זיי שוין ניט זייַן אָף דער וועלט? נייַן פון די סאמע נאָענטסטע קרויווים מייַנע וועלן בלייַבן ליגן אינעם קעגנטאנקען־ריוו, וועלכער איז געוואָרן א ברודער־קייווער פאר אלע רודניער יידן, וואָס זייַנען געבליבן אונטער דער אָקופּאציע.

אין מייַנע זיכרוינעס וועגן דעם דורכגעגאנגענעם לעבן איז א היפּש אָרט אָפּגעגעבן געוואָרן דעם טראגישן גורל פון מייַנע לאנדסלייַט אין דער צייַט פונעם נאציזם. אָבער דערציילן, וויאזוי עס איז אופגעשטעלט געוואָרן דער מעמאָריאַל פאר די קאָרבאָנעס פונעם פאשיזם אין רודניע, האָב איך אין יענער צייַט ניט געקאָנט — ס'האָבן געפעלט נייטיקע מאַטעריאלן און דאָקומענטן, און באזונדערע מינדלעכע דערציילונגען פון ניט קיין סאך איידעס, מיט וועלכע ס'האָט מיר איינגעגעבן צו טרעפן זיך, זייַנען געווען ניט קיין פולע און צומאָל סטירעסדיקע.

די געשעענישן פון יענע קאָמפּליצירטע נאָכמילכאָמע־יאָרן האָבן אָבער ניט געלאָזט צורו. ס'האָט זיך געוואַלט פארפולן דעם בלויז און אָנרופן די נעמען פון די מענטשן, אדאנק וועלכע אונדזער געוויסן איז איצט ריין פאר די טויטע און פאר די לעבעדיקע.

צוריק מיט א יאָר האָב איך אומגעריכט באקומען דורכן טעלעפאָן אן איינלאדונג פון בערטע סאָלאָמאָנאָוונע ברוק. „איך האָב געהערט, אז איר אינטערעסירט זיך מיט די פּראָטים, וויאזוי עס איז געשאפן געוואָרן דער רודניער מעמאָריאַל, — האָט זי מיר געזאָגט, — פאָרט צו צו מיר, איך האָב פארהיט דאָקומענטן...”

און אָט בין איך שוין אין איר מאָסקווער קווארטיר.

בערטע סאָלאָמאָנאָוונען האָב איך ביז דער מילכאָמע ניט געקענט. זי איז עלטער פון מיר אָף פערצן יאָר און איז נאָך אין 1923 אוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. אָבער איך געדענק גוט אירע עלטערן, און זי — מייַנע. ווען מיר האָבן זיך אמאָל באגעגנט אין אונדזער היימשטאָט נאָך דער מילכאָמע, האָבן מיר זיך געהאלטן פאר אלטע באקאנטע.

צוקוקנדיק זיך צו איר, האָב איך זיך איבערצייַגט, אז דער הארבער גורל (דער אומקום פון די עלטערן בייס דער אָקופּאציע, דער טויט פון איר מאַן, און אינגיכן אויך פון איר זון) האָט זי ניט אייַנגעבראָכן. זי איז ניט געווען געפאלן בא זיך. כ'האָב ניט געזען קיין טרערן אין אירע גוטע אויגן. עס האָט זיך געפילט, אז זי איז פון יענע פרויען, וואָס זייַנען פעיִק אָף גרויסע און וויכטיקע מייַסים.

מיר האָבן לאנג געשמועסט. איך האָב אופמערקזאם דורכגעקוקט די דאָקומענטן, די בריוו, רעשימעס פון די אומגעקומענע,

פאָטאָגראַפיעס, אויסשניטן פון צײַטונגען פון יענע יאָרן.

איך האָב פארשטאנען, אז פאר מיר זיצט א מענטש, וועלכן איך האָב לאנג געזוכט. בערטע סאָלאָמאָנאָוונע איז געווען פון די אקטיווסטע אין דער איניציאַטיוו־גרופּע, וועלכע האָבן אומייגננוציק, פרײַוויליק, באוועגט מיט א געפיל פון כיוו פאר דעם מענטשלעכן געוויסן, גענומען אף זיך א שווערע לאסט און מיט פאנאטישער אקשאָנעס פארטיידיקט אונדזער אלגעמיינע רעכט צו פארייביקן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע.

אין די פערציקער יאָרן בין איך צוויי מאָל געווען אין רודניע, זיך געטראָפן מיט לאנדסלײַט. אלע האָבן זיך ארויסגעזאָגט, אז עס איז נייטיק אופצושטעלן א דענקמאָל. אָבער קיין קאָנקרעטע האנדלונגען זײַנען ניט אונטערגענומען געוואָרן. ס'האָבן זיך ניט געפונען קיין לידערס, וואָס וואָלטן געקאָנט נעמען אף זיך דעם דאָזיקן כיוו.

אין סאָף פון די פערציקער יאָרן האָבן אונדזערע קאָנטאקטן ביכלאל זיך איבערגעריסן. אונטערנעמען עפּעס־וואָס אין יענער צײַט איז געווען אומעגלעך. אין לאנד זײַנען אָנגעוואקסן געשעענישן, וועלכע האָבן באומרויִקט יעדן ערלעכן מענטשן. די נײַע כוואליע פון אנטיסעמיטיזם און רעפרעסיעס האָט אָבער ניט צעשיידט די רודניער טוישווים, פארקערט — זיי דערנעענטערט. פיל זאכן, וועלכע זײַנען אונדז באוווּסט געוואָרן נאָך דער מילכאָמע, האָבן געצווּנגען אונדז זיך האלטן צוזאמען.

שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער אָדליגע האָבן מענטשן אָנגעהויבן שרײַבן בריוו איינער צום אנדערן, אָנפרעגן זיך וועגן א באגעגעניש. ווען די דאטע איז באשטימט געוואָרן, האָט מען איינציקווײַז און מיט גאנצע מישפּאָכעס זיך אוועקגעלאָזט אף דער טײַערער סמאָלענשטשינע, קעדיי נאָך א לאנגן איבערײַס זיך פארנייגן פאר די קדוישים און באערן זייער ליכטיקן אָנדענק.

צונויפגעזאמלט האָבן זיך דעמלט א סאך מענטשן. מיט בלומען און קרענץ זײַנען זיי געגאנגען צום קעגנטאנקען־ריוו, וועלכער האָט זיך געצויגן צווישן די דערפער קאפוסטינאָ און ראָזשאקינאָ, פיר קילאָמעטער ווײַט פון דער שטאָט.

דעמלט האָט קוים זיך אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן דאָס אָרט פון דער צעשיסונג. ארום און ארום איז אלץ פארוואקסן געוואָרן מיט גראָז און קוסטעס. אפן זומפּיקן טאָרף־פעלד איז שווער געווען אָפּצייכענען די גרענעצן פונעם קייווער.

לאנג און אין שטילשווײַגן, מיט טרערן אין די אויגן, זײַנען געשטאנען האמוינים פרויען און מאנצבלען אף דער דאָזיקער פינצטערער פוסטקע. א טיפער און דריקנדיקער ווייטיק האָט געריסן דאָס הארץ. אין דער נעשאָמע בא יעדן האָט גערײַפט א פעסטע אנטשלאָסנקײַט אופצושטעלן א דענקמאָל.

פון וואָס אָנהייבן? א סאך קרויווים פון די קדוישים האָבן זיך ארויסגעזאָגט, אז מע דארף זיך ווענדן נאָך הילף אין די ראַיאָנישע און געגנטלעכע אָרגאניזאציעס. אומקערנדיק זיך אהיים, האָט בערטע ברוק אָנגעשריבן א בריוו אין סמאָלענסקער געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט. ניט דערווארטנדיק זיך אף אן ענטפער, האָט זי דעם בריוו אָפּגעשיקט אויך אין סמאָלענסקער געגנטלעכן קאָמיטעט פון דער פארטיי. דאָס איז געווען א באקאָשע, מע זאָל מיטהעלפן צו פארהיטן דעם קייווער און אופשטעלן אף אים א דענקמאָל. אינגיכן איז באקומען געוואָרן אן ענטפער פונעם רודניער ראַי־אויספירקאָם, וווּהין די בריוו זײַנען איבערגעשיקט געוואָרן. די באקאָשע ווערט אָפּגענייגט, ווײַל אין זעלבן קייווער זײַנען, לויט געוויסע יעדיִעס, באגראָבן אויך פאָליציײַען און פארעטער, וועלכע האָבן געדינט די אָקופאנטן, און די דײַטשן האָבן זיי ליקווידירט, קעדיי עס זאָלן ניט בלײַבן קיין איידעס פון די פארברעכנס.

אָט דער, ווייך גערעדט, ציניִשער ענטפער האָט געצווּנגען זיך ווענדן נאָך הילף אין פרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון רספסר. אן ענטפער איז טייקעף באקומען געוואָרן. ס'ווערט פאָרגעלייגט דעם סמאָלענסקער געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט איבערצוקוקן דעם באשלוס.

אונדזער לאנדסמאן ס. געלפאָנד האָט אונדז צו וויסן געגעבן, אז ב. ברוק פארמאָגט באגלייבטע אָנגאבן וועגן דער קאוואָנע פונעם ראטווירט, דעם באלעבאָס פון דער ערד, אויסצוטריקענען און פארזייען א באדײַטנדיקן טייל פונעם באָדן באם דאָרף קאָפוסטינאָ, אין די גרענעצן פון וועלכן עס געפינט זיך דער ברודער־קייווער. די אָנפירערשאפט פונעם ראטווירט זאָגט זיך אָפּ צו געבן די האסקאָמע וועגן באצייכענען דעם קייווער און דערווידערט קעגן אופשטעלן א דענקמאָל.

די דאָזיקע יעדיִע האָט זייער באאומרויִקט. ברוק האָט זיך גלײַך פארבונדן מיט סעמיאָן מאָיסייעוויטש סאפּאָזשניקאָוו, וועלכער האָט אין יענער צײַט געלעבט אין דער הינטער־

מאָסקווער שטאָט פּושקינאָ. אין רודניע איז אומגעקומען זײַן ווײַב. דער עלטערער טאָכטער באסיע האָט ערעוו דער מאסן־צעשיסונג זיך אײַנגעגעבן אנטלויפן פון דער געטאָ. א לענגערע צײַט האָט זי ארומגעבלאָנקעט איבער די וועלדער און צופעליק זיך אָנגעשטויסן אף א פּארטיזאנישער זאסטאווע. אָן אויסגעצערטע, אָן קויכעס, האָט זי שפּעטער דורכגעמאכט מיטן אָטריאַד דעם קאמפּסוועג, ביז עס זײַנען געקומען אונדזערע מיליטער־טיילן.

ס. סאפּאָזשניקאָוו און ב. ברוק האָבן באַשלאָסן ארויספאָרן אין דעם זעלבן טאָג קיין רודניע. מיט זיי איז געפאָרן בערטע סאָלאָמאָנאָוונעס עלטערע שוועסטער, אניע. עס האָט זיי אָפּגענומען דער פאָרזיצער פונעם אויספיר־קאָמיטעט פון ראַיסאָוועט יע. נ. אנאַדענקאָוו. פון די ערשטע מינוטן פונעם שמועס איז געוואָרן קלאָר, אז ער איז באַקאַנט מיט די פּראָבלעמען און ווייסט דעם אינהאלט פון די בריוו, וועלכע ב. ברוק האָט געשריבן אין פארשיידענע אינסטאנצן. מיסטאמע האָט מען זיי איבערגעשיקט קיין רודניע. ער האָט אופמערקזאם אויסגעהערט די שעליכים, פארגעבנדיק ווען־ניט־ווען א פראגע.

אין די באקאָשעס זײַנען ניט געווען קיין שום נײַס. זיי האָבן נאָך אַלץ געפּאָדערט, אז דער אויספיר־קאָמיטעט זאָל דערלויבן באַצייכענען דעם קייווער אין דער לענג פון 30—40 מעטער און אין דער ברייט פון 8—10 מעטער, ארומצוימען דאָס קווורע־אָרט, פארלענגערן דעם אספאלטירטן פוסגייער־טראָטואַר און אופשטעלן א דענקמאָל.

„צוליב די דאָזיקע צילן, — האָט געזאָגט בערטע סאָלאָמאָנאָוונע אנאַדענקאָוון, — וועלן מיר אָרגאניזירן א זאמלונג פון געלט־מיטלען אפן כעזשבן פון די קרויווים פון די אומגעקומענע. אָבער אָנרופן די סומע, וועלכע עס וועט אונדז געלינגען צונויפצוזאמלען, אפילע אומגעפער, קאָנען מיר דערווײַל ניט. דעריבער בעטן מיר דעם אויספיר־קאָמיטעט אונדז געבן פינאנסיעלע הילף אין א סומע ניט מער פון 5 טויזנט רובל, קעדיי אָנהייבן די ארבעט”.

יע. אנאדענקאָוו האָט געזאָגט: „דער אויספירקאָם אונטערשטיצט דעם פאָרשלאָג וועגן דער נויטווענדיקײַט צו אופשטעלן א דענקמאָל די קאָרבאָנעס פונעם נאציזם. צי וועט עס זײַן א דענקמאָל אָדער א מעמאָריאלער קאָמפּלעקס, איז אָפּהענגיק פון אײַך, אָבער אופשטעלן דארף מען אים ניט אפן אָרט פון דער עקזעקוציע, נאָר אין רודניע. די אסירים זײַנען געווען אָרטיקע טוישווים און דער דענקמאָל דארף זײַן אין זייער היימשטאָט”.

קעדיי אפסנײַ ברענגען צו קווורע דאָס געביין פון די פארשניטענע, האָט מען אויסגעטיילט א פּלאץ אין דער דאָרעם־מיזרעכדיקער ראנדגעגנט פון דער שטאָט, אפן בארג־שיפּוי באם ליובאוויטשער שאָסיי. אפן נײַעם אָרט האָט מען פאָרויסגעזען מאכן אָן אָנשיט אין דער פאָרם פון א קורגאן און אף אים אײַנשטעלן דעם דענקמאָל. קעדיי דורכפירן די ארבעט, האָבן די אָרגאניזאציעס פון דער שטאָט אויסגעטיילט מעכאניזמען, די נייטיקע צאָל אווטאָטראנספּאָרט, מאטעריאלן און באשלאָג־לײַוונט פאר די אָרנס. ארבעטער פאר די דאָזיקע צילן האָבן די קרויווים געקלערט אונטערקלײַבן אליין.

צום סאָף פונעם שמועס האָט יע. אנאדענקאָוו באמערקט, אז דער רודניער אויספירקאָם פארמאָגט ניט קיין מיטלען, קעדיי געבן פינאנסיעלע הילף, ער וועט אָבער בעטן דעם סמאָלענסקער געגנט־אויספירקאָם, ס'זאָל געלייזט ווערן די דאָזיקע פראגע פּאָזיטיוו.

אזויארום, איז אין געציילטע מינוטן פאָרגעקומען דאָס, וועגן וואָס יעדער רודניער ייִד האָט געטרוימט אָט די אלע נאָכמילכאָמעיאָרן. און האגאם עס איז פאָרגעשטאנען א גרויסע און שווערע ארבעט, האָט זיך פונדעסטוועגן געפילט, אז דער אָנהייב איז א גוטער און מע איז געווען זיכער, אז א דערפאָלג איז גאראנטירט.

די פראגע וועגן אפסנײַ ברענגען צו קווורע איז ביז אהער ניט אופגעשווומען און אין די בריוו פון ב. ברוק, מיט וועלכע זי האָט זיך געווענדט אין פיל אינסטאנצן, איז וועגן דעם אפילע קיין אָנצוהערעניש ניט געווען.

זײַענדיק אין רודניע, האָב איך אויך קיינמאָל ניט געהערט פון די אָנגעפאָרענע און היגע ייִדישע טוישווים, וועלכע זײַנען פארבליבן, — דאכט זיך, 15 מישפּאָכעס, אז מע דארף אפסנײַ ברענגען צו קווורע דאָס געביין פון די אומגעקומענע. מענטשן האָבן, מעגלעך, געהאלטן, אז וועגן דעם האָט ניט קיין זין איצט צו ריידן, ווײַל דאָס איז א צו שווערער איניען און ס'א סאָפעק, צי מע קאָן דאָס פארווירקלעכן.

ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אז פונעם מאָראלישן און ריטועלן אספּעקט וואָלט עס אויך געקאָנט זײַן ניט ווינטשנסווערט. אף א זיצונג פונעם אויספיר־קאָמיטעט, ווען ס'איז באהאנדלט געוואָרן די דאָזיקע פראגע, איז דער דעמלטיקער פארוואלטער פונעם קול־



טור־אָפּטייל ד. נ. בעלאָוו געווען קעגן איבערטראָגן דאָס געביין פון די קאָרבאָנעס, א דענקמאָל דארף זײַן, האָט ער געהאלטן, דאָרט, ווו ס׳איז פאָרגעקומען די טראגעדיע. מיט אים זײַנען א סאך מאסקים געווען.

פּסיכאָלאָגיש האָט אזא מיינונג זיך געשאפן, ווען מע איז אין רודניע געשטאנען באם קעגנטאנקען־ריוו. קיין אנדער אויסוועג האָט דעמלט קיינער ניט געזען.

קעדיי אונדזער פּלאן רעאליזירן, האָט מען געדארפט שאפן עפּעס אן אָרגאניזאציאָנעלע סטרוקטור, ווײַל די מיטארבעטער פונעם אויספירקאָם, וועמען מע האָט באופטראָגט קאָנטראָלירן די ארבעט, האָבן, כוץ אלעמען, געהאט ניט־ווייניק אנדערע איניאָנים. אויסער דעם, איז ניט געווען קיין דערפארונג — ביז רודניע איז פאר די קאָרבאָנעס פונעם גענאָציד אין ערגעץ נאָך ניט אופגעשטעלט געוואָרן קיין דענקמעלער.

מע האָט געדארפט צונויפזאמלען ניט קיין גרויסע גרופּע פרײַוויליקע — ענערגישע, איניציאטיוופולע מענטשן. ס׳איז פאָרגעשטאנען א קאָמפּליצירטע און סקרופּולעזע ארבעט, וועלכע איז פארבונדן מיט פאָרענישן און אָפּטע קאָמאנדירונגען. פונדעסטוועגן אָבער האָט אזא גרופּע זיך געשאפן. זי האָט באקומען דעם נאָמען איניציאטיוו־גרופּע, אין וועלכער עס זײַנען ארײַן: ס. מ. סאפּאָזשניקאָוו, ב. ס. ברוק, יו. מ. פּאָליק, ד. ס. פייגלין, יע. ס. ציפּקין. באזונדערס האָט זיך אויסגעטיילט סעמיאָן מאָיסייעוויטש סאפּאָזשניקאָוו. אלע אָרגאניזאציאָנעלע פראגן האָט ער פּראקטיש גענומען אף זיך און איז געווען דער ניט־נאָמינירטער פאָרזיצער. דעם איניען האָט ער אָפּגעגעבן אלע זײַנע קויכעס. א לענגערע צײַט געלעבט אין רודניע, צוזאמען מיט די מיטארבעטער פונעם אויספירקאָם אָנגעפירט מיט די ארבעטן. די דאנקבארע רודניער טוישווים, ווו זיי וועלן זיך ניט געפינען, וועלן קיינמאָל ניט פארגעסן דעם דאָזיקן טעטיקן, פעיקן און בעעמעס נאָבעלן מענטשן.

די מאָסקווער גרופּע, וועלכע אלע האָבן שפּעטער גערופן „צענטראלע”, האָט זיך געשאפן סטיכייִש אף א פרײַוויליקן אויפן. קיינער האָט זי ניט אויסגעוויילט און קיינער האָט איר ניט געגעבן קיין פולמאכטן. אלע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן געפילט הינטער זיך די לאנדסלײַט און זײַנען געווען זיכער, אז זיי טוען דאָס, וואָס אלע באווילן. פון דער דאָזיקער גרופּע פון פינף מענטשן איז אויסגעטיילט געוואָרן דער פאָרזיצער פון דער רעווידיר־קאָמיסיע ד. ס. פייגלין (אגעוו, דער סאמע ערשטער סעקרעטאר פון דער קאָמיוג־אָרגאניזאציע פון דער שטאָט רודניע — זייער אן אָרנטלעכער מענטש).

מע דארף אויך אָפּמערקן דעם פאָלקאָווניק יע. ס. ציפּקין, א קאדראָווע מיליטערמאן. דער דאָזיקער אומדערמידלעכער מענטש, וואָס איז דורכגעגאן די גאנצע מילכאָמע, האָט גענומען אף זיך די לייזונג פון פיל קאָמפּליצירטע פראגן, און שטענדיק האָט זיך בא אים אלץ גוט באקומען. אונדז האָט אָפּגעגאָלטן, וואָס עס האָט זיך צונויפגעזאמלט אזא גוטע געשעפטלעכע קאָמאנדע.

דעריקער האָט אונדז אלעמען געפרייט, וואָס יע. אנאדענקאָווס צוזאָג איז אין גרונט אויסגעפילט געוואָרן. מע האָט אויסגעטיילט אן עקסקאוואטאָר, און אין צוויי טעג ארום, נאָך דעם ווי מע האָט אפן נײַעם אָרט זויסגעגראָבן א ברודער־קייווער, איז אָנגעקומען פונעם דארף ליובאוויטשי א בולדאָזער, וועלכער האָט אופגעגראָבן דעם קעגנטאנקען־ריוו. אלע בײַוועזנדע האָבן דערזען א שוידערלעך בילד. די טויטע האָבן זיך פארהיט אין שרעקלעכע פּאָזעס מיט איבערגעבראָכענע, אָפּגעריסענע הענט און פיס, מיט צעדרויבלטע שארבנס. אלע זײַנען זיי געווען נאקעטע. אינמיטן דעם קייווער איז געשטאנען (טאקע געשטאנען) א יונגע פרוי מיט א צוגעדריקט צו דער ברוסט זויגקינד אף די הענט. דאָס קינד

איז געווען איינגעוויקלט אין א בלוי טיכל, וועמענס ראנד איז אראָפּגעהאנגען אף א צעשפּאָלטענער קלאָץ, וועלכע מע האָט אוועקגעלייגט, ווען מע האָט געגראָבן דעם ריוו. פונעם קינדס פּיסלעך זיינען אראָפּגעהאנגען זעקעלעך. די אָרטיקע טוישווים, וואָס זיינען צוגעקומען אין אָט דעם מאָמענט צום קייווער, האָבן דערקענט באקאנטע און קרויווים. איינער א שוסטער האָט דערקענט זיין טאָכטער לויט די טופל, וועלכע ער האָט איר אופגענייט פארן אוועקגיין אפן פראָנט.

אין דער טראנספּאָרטירונג פונעם געביין האָבן זיך באטייליקט מער פון צוואנציק פראכט־אווטאָמאָבילן. עס זיינען געשטאנען הייסע יול־טעג. ס'האָט זיך געפאָדערט א גרויסע צוגרייטונגס־ארבעט, קעדיי ניט ארויסרופן קיין עפּידעמיעס און איינהאלטן די נערוון־אופטרייסלונג בא דער באפעלקערונג, באזונדערס אין יענע גאסן, איבער וועלכע ס'האָט זיך באוועגט דער קאָרטעזש אווטאָמאָבילן. די סאניטארע עפּידעמיעסטאנציע האָט עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט די ארבעטן, אָבער זיי זיינען ווידער פאָרגעזעצט געוואָרן.

פאר דריי מעסלעס האָט מען דאָס אריבערפירן דאָס געביין און דאָס ברענגען עס צו קווורע פארענדיקט. די איינוווינער פון דער שטאָט האָבן מיט גרויס פארשטאנד זיך אופגעפירט אין אָט די טעג. אומעטום האָט זיך געפילט ניט נאָר שטיצע און מיטגעפיל, נאָר אויך מאמאָשעסדיקע הילף.

אָט איז אן אויסצוג פון דער ווענדונג פון דער איניציאַטיוו־גרופּע צו די רודניער טוישווים, וועלכע לעבן אין מאָסקווע:

„אין יול 1964 איז פארענדיקט געוואָרן דאָס ברענגען אפּסניי צו קווורע די קאָרבאָנעס פונעם פאשיזם, וועלכע זיינען אומגעקומען אין רודניע.

דער ברודער־קייווער האָט זיך געפונען פיר קילאָמעטער ווייט פון דער שטאָט, אף א זומפּ אין א פארוואָרלאָזטן צושטאנד.

מיט דער הילף פונעם רודניער ראיסאָוועט האָבן מיר די פארשניטענע אריבערגעפירט אף א נייעם בעסוילעם.

קעדיי פארהיטן דעם אָנדענק וועגן די מארטירער פונעם נאציזם, דארף אופגעשטעלט ווערן א דענקמאָל און א צוים.

מיר ווענדן זיך צו איך, טייערע לאנדסלייט, נאָך הילף אינעם זאמלען געלט־מיטלען.

מיר האָבן געעפנט א ספּעציעלע קאָנטע אין דער שפּאָרקאסע.

סאפּאָזשניקאָוו,
ברוק".

ס. סאפּאָזשניקאָוו און ב. ברוק זיינען געבליבן אין רודניע, ס'האָבן זיך געפאָדערט נאָך עטלעכע טעג, ביזוואנען העכער הונדערט לאסט־אווטאָמאָבילן וועלן ברענגען צום ברודער־קייווער טייך־זאמד. ווען ס'איז אָנגעצייכנט געוואָרן דאָס אָרט, איז די סמאָלענסקער בוי־אָרגאניזאציע מאסקים געווען צו פארלייגן דעם פונדאמענט פארן קינפטיקן דענקמאָל. אָבער קיין דאָקומענטאציע איז ניט געווען, און די ארבעטן האָבן זיך ניט אָנגעהויבן.

אומקערנדיק זיך קיין מאָסקווע, האָבן ס. סאפּאָזשניקאָוו און ב. ברוק זיך געווענדט צום מיטישטשער זאוואָד פון קינסטלערישן גוס. די דירעקציע פונעם זאוואָד האָט ניט דערווידערט אופצונעמען די באשטעלונג, אָבער ס'האָט זיך געפאָדערט די האסקאָמע פונעם אלרוסלענדישן ראט פון דעם אזויגערופענעם „קינסטלערישן פאָנד". די שווערייקייטן זיינען אויסגעוואקסן איבער דעם, וואָס מיר האָבן געבעטן אויסארבעטן א דענקמאָל אף להאָטע־באדינגען, דאָס הייסט לויט דעם זעלבסטקאָסט.

ס. סאפּאָזשניקאָוון און ב. ברוק האָט אופגענומען איינער פון די פאראנטוואָרטלעכע מיטארבעטער פונעם ראט. ער האָט רעקאָמענדירט זיך ווענדן דירעקט צום סקולפּטאָר לעוו קערבעל.

— אויב קערבעל וועט מאסקים זיין אויספילן די באשטעלונג, — האָט ער געזאָגט, — וועט איר באקומען א מאָנומענט. ס'א סאָפעק, צי עמעצער וועט בעסער פון אים עס קאָנען טאָן. ביפראט נאָך, אז ער איז אייערער א לאנדסמאן, און די דאָזיקע טעמע איז אים נאָענט. אף וויפל אונדז איז באוווּסט, זיינען בא אזעלכע אומשטאנדן אָדער ענלעכע צו זיי אומגעקומען זיינע נאָענטע קרויווים.

אז ל. קערבעל איז אונדזערער א לאנדסמאן, האָבן זיי פריער ניט געוווּסט. די מיטארבעטער, וועלכע זיינען דערביי געשטאנען, האָבן פארפינקטלעכט, אז געבוירן איז ער אין סומער געגנט, אָבער די קינדער־ און יוגנט־יאָרן האָט ער פארבראכט אין סמאָלענסק.

דאָ טאקע, אינעם קאבינעט, האָט ב. ברוק זיך פארבונדן דורכן טעלעפאָן מיט ל. קערבעלן, און ער איז מאסקים געווען זי אופנעמען צוזאמען מיט סאפּאָזשניקאָוון.

באגעגנט האָט ער זיי פריינטלעך, אויסגעפרעגט וועגן די טראגישע געשעענישן אין רודניע, וועגן די שוועריקייטן, אין וועלכע ס'איז זיי אויסגעקומען זיך אָנשטויסן. ער איז געווען שטארק צופרידן, וואָס די אָרטיקע מאכט־אָרגאנען אין רודניע האָבן מיט פארשטענדעניש זיך באציגן צום פארייביקן דעם

אָנדענק פון די קדושים און ארויסגעוויזן אזא גרויסע הילף. „אָן זייער שטיצע און אָנטייל, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט איר זיך צו קיין זאַך ניט דערשלאָגן. וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, וועל איך מיט גרויס כיישעק זיך נעמען פאַר דער אַרבעט. אין דעם זע איך מײַן כויוו פאַרן אָנדענק פון מײַנע קרויווים".

זיי האָבן באַדאַנקט לעוו יעפימאָוויטשן, און האַגאַם ס'האָט זיך ניט געוואָלט גלײַך רעדן וועגן דעם, נאָר בערטע סאָלאָמאָנאָוונע האָט זיך אָנגעקלאָגט, אַז עס קומט אויס די איניציִאַטאָרן פונעם דענקמאָל גאַנץ שווער מיטן צונויפזאַמלען געלט. ניט לאַנג געטראַכט, האָט ל. קערבעל זיך פאַרבונדן מיטן סעקרעטאַר פונעם סמאָלענסקער געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט און אים געזאָגט, אַז ער איז גרייט העלפן זײַנע לאַנדסלײַט אויף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס. דער סעקרעטאַר, פון זײַן זײַט, האָט פאַרזיכערט, אַז די שטאַדלאָנעס פונעם רודניער אויספיר־קאָמיטעט איז שוין באַפרידיקט, און אין די נאָענטסטע טעג וועלן איבערגעפירט ווערן פאַרן אָנהייב פון די אַרבעטן 5 טויזנט רובל.

די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן ענערגישער זאַמלען געלט־מיטלען. געשיקט האָבן די לאַנדסלײַט וויפל ווער ס'האָט געקאָנט. די אײַנצאָלונגען האָבן דעריקער באַטראָפן פון פינף ביז פינף און צוואַנציק רובל. אין דרײַ כאָדאָשים ארום זײַנען צונויפגעזאַמלט געוואָרן 1500 רובל. דאָס איז אָבער געווען ווייניק, ס'האָט זיך געפאָדערט נאָך א סאַך געלט, ווײַל אויסער דעם דענקמאָל איז פאַרגעשטאַנען אײַנצוקויפן 23 גראַניט־פּליטעס, אויף וועלכע ס'איז פּלאַנירט געווען אויסצוקריצן די נעמען פון אַלע אומגעקומענע מיט דער אָנווײַזונג פונעם עלטער (פון 6 כאָדאָשים ביז 90 יאָר). די פּליטעס האָט מען אויסגעאַרבעט אין מיטישטשי, און די גראַוויר־אַרבעט האָט אויסגעפילט דער פּאָדאָלסקער שטאָטישער פּראָמקאָמבינאַט. דערנאָך האָט מען זיי געבראַכט קיין רודניע. דער מעהאַלעך איז א ווײַטער און ס'האָבן זיך געפאָדערט היפּשע הויצאָעס.

אַן אויסצוג פון דער ווענדונג פון דער איניציִאַטיוו־גרופּע צו די לאַנדסלײַט, וועלכע וווינען אין מאָסקווע, סמאָלענסק, וויטעבסק, לענינגראַד, סווערדלאָווסק, קיִעוו.

„מיר טיילן מיט, אַז דער סקולפּטאָר, ל. יע. קערבעל האָט געגעבן זײַן האַסקאָמע צו העלפן אונדז שאַפן א דענקמאָל אויפן קייווער פון אונדזערע ברידער, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין רודניע פון די הענט פון די דײַטשישע הענקער.

מיר האָבן באַשטעלט אינעם מיטישטשער זאַוואָד אָפּגיסן א מאַצייווע און זי אײַנשטעלן אויפן אָרט.

די דאָזיקע אַרבעט איז פּלאַנירט צו פאַרענדיקן צום טאָג פונעם ניצאָכן, דעם 9 מײַ 1965.

פון געצאָלטס פאַר דער אַרבעט האָט דער כ' קערבעל ל. יע. זיך אָפּגעזאָגט. אַלע מאַטעריאַלן (גראַניט), ווי אויך דאָס אויספילן די באַשטעלונג מיצאַד דעם זאַוואָד, וועלן קאָסטן א סומע פון 6.000 רובל. מיר בעטן אײַך, טײַערע לאַנדסלײַט, אויספילן אײַער ברידערלעכן כויוו און צונויפזאַמלען מיטלען, קעדיי אויסצופילן די נאָבעלע אויפגאַבע, וועלכע מיר האָבן גענומען אויף זיך.

ברוק,
סאַפּאָזשניקאָוו".

אינגיכן איז אָנגעקומען געלט, און אין די בײַגעלייגטע בריוו האָבן די רודניער געגעבן א דאַנקבאַרע אָפּשאַצונג די באַמיִונגען אויף אויפצושטעלן דעם דענקמאָל, וועלכער וועט אין א געוויסער מאָס זײַן א גײַסטיקע קאָמפּענסאַציע פאַר דעם אַלפאָלקישן ווייטיק, פאַר דער רודניער טראַגעדיע.

עמעס, צוערשט האָבן אייניקע ארויסגעוויזן ספּייקעס אין דער מעגלעכקײַט צו פאַרווירקלעכן אַזעלכע פאַרנעמיקע פּלענער. מ'האָט זיך אַפילע ארויסגעזאָגט סקעפּטיש. און דאָס קאָן מען געוויס פאַרשטיין. אין יענע יאָרן איז שווער געווען אויסצורעכענען אויף א גאַראַנטירטן דערפאָלג אין אַזאַ טראַגישן, ריין נאַציִאָנאַלן איניען. אָבער אַלע מיטגלידער פון דער איניציִאַטיוו־גרופּע האָבן פעסט געגלייבט אין דער מעגלעכקײַט פון א פּאָזיטיווער לייזונג פון דער פּראָבלעם און האָבן געדולדיק איבערצײַגט יענע, וואָס האָבן געצווייפלט. א גרונט פאַרן אָפּטימיזם איז געווען אויך דאָס, וואָס נאָך די דירעקטע קאָנטאַקטן פון דער איניציִאַטיוו־גרופּע מיט די אָנפירער פון דער געגנט, האָט זי באַגעגנט א פולשטענדיקן אײַנפאַרשטאַנד.

אַזויפיל צײַט איז פאַרבײַ נאָך דער דערעפענונג פונעם דענקמאָל, און קימאַט יעדעס יאָר, שטייענדיק באַם מעמאָריִאַל, האָבן מיר מיט טרערן אין די אויגן זיך אײַנגעקוקט אין דעם שטיינערנעם פּאָנעם פון א ייִדישער פרוי — א טרויעריקער מוטער, קיינמאָל ניט כוישעד זײַענדיק, אַז דאָס דאָזיקע געזיכט, א לעבעדיקס, געפינט זיך צווישן אונדז און איז אין אָט די רעגעס פונקט אַזאַ טרויעריקס ווי אונדזערע לעבעדיקע פּענעמער, כאָטש עס איז פון שטיין און שטיינערנע זײַנען די וואַרעמע טרערן. מיטאַמאָל האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז קערבעל

האָט פארקערפערט אינעם שטיין דאָס פאָנעם פון בערטע סאָלאָמאָנאָוונע ברוק!

איך האָב בא איר געפרעגט, וויאזוי האָט זיך דאָס באקומען און צי איז זי געווען די איינציקע קאנדידאטקע אף אָט דער ראָל.

— איך ווייס ניט. זייַנע געדאנקען האָט מיר קערבעל קיינמאָל ניט ארויסגעזאָגט און וועגן זייַנע פלענער האָב איך גאָרנישט ניט געוווּסט און ניט געפרעגט, — האָט זי געענטפערט. — עמעס, איינמאָל האָב איך געהערט פון זייַן ווייַב, אז פאר דער דאָזיקער ארבעט האָט פראקטיקירט א פרוי, דאכט זיך, פון לענינגראד. אָבער ער האָט איבער אייניקע סיבעס זיך אָפגעזאָגט פון דעם דאָזיקן וואריאַנט און גענומען מיך. דאָס איז שוין, ווי עס רעדט זיך, א סאָד פון דער פירמע. אנומלטן, פאר זייַן אָפּפאָרן קיין איטאליע, האָט ער מיך אייַנגעלאדן און מיטגעטיילט וועגן זייַן ענדגילטיקן באשלוס פאָרצולייגן מיר פאָזירן. „איב איר ווילט, אז דער דענקמאָל זאָל פארטיק ווערן צום 21 אָקטיאבער, — האָט ער געזאָגט, — טאָ זייַט מאסקים". איך האָב געגעבן די האסקאָמע.

דעם אווטאָר פון די פערזן, וואָס זייַנען אויסגעקריצט אפן פאָסטאמענט, האָט די איניציאטיוו-גרופּע געפונען אויך מיט קערבעלס הילף. מע האָט געמאָלדן א קאָנקורס. עס זייַנען באקומען געוואָרן א סאך פאָרשלאָגן, אָבער ניט קיין געלונגענע.

נאָך לאנגע וואקלענישן האָט מען זיך געקליבן גיין צו איליא ערענבורגן. זייַן רעפערענט האָט אָבער פאָרויסגעזען, אז איליא גריגאָריעוויטשעס ענטפער וועט זייַן אזא: ער, א מענטש פון דער זייַט, דארף ניט פארפאסן דעם אופשריפט; אף דער סמאָלענשטשינע זייַנען פאראן טאלאנטפולע פאָעטן, און עמעצער פון זיי קאָן אָנשרייַבן א ליד ניט ערגער פון ערענבורגן. דער רעפערענט האָט אָנגערופן די פאמיליע פונעם פאָעט ניקאָלייַ רילענקאָוו. וועגן דעם שמועס האָבן מיר דערציילט קערבעלן. ווען ער האָט דערהערט נ. רילענקאָווס נאָמען, האָט ער זיך דערפרייט און גלייַך אפן אָרט זיך פארבונדן מיט אים דורכן טעלעפאָן.

אינגיכן האָט מען באקומען רילענקאָווס פערזן, וועלכע זייַנען אויסגעקריצט געוואָרן אפן פאָדערשטן טייל פונעם דענקמאָל:

Я — мать, я — родина,
Как совесть, я бессонна,
Замученных людей я помню каждый стон.
Пусть знают палачи, что нет святей закона,
Чем справедливого возмездия закон.

(„איך בין די מוטער, איך בין דאָס היימלאנד, ס'נעמט מיך ניט, ווי דעם געוויסן, קיין שלאָף, כ'געדענק יעדן קרעכץ פון די פארפּייַניקטע. זאָלן וויסן די הענקער, אז עס איז ניטאָ קיין מער הייליקער געזעץ, איידער דער געזעץ פון גערעכטיקער נעקאָמע").

ווען די דאָזיקע שורעס זייַנען געווען פארטיק, איז די אלגעמיינע מיינונג געווען, אז זיי קלינגען זייער גוט, האגאַם ס'איז ניטאָ אין זיי דער יידישער נאציאָנאלער מאָטיוו און זיי וועלן ניט זייַן אפן דענקמאָל איבערגעזעצט אף יידיש. בערטע סאָלאָמאָנאָוונע איז געווען מאסקים מיט אָט די באמערקונגען. זי האָט אָבער געהאלטן, אז, נעמענדיק אין אכט די קאָנקרעטע אומגעבונג אין לאנד, דארף מען דעם דענקמאָל אוועקשטעלן מיט אָט דעם דאָזיקן אופשריפט. זי האָט שטארק געליבט לעוו קערבעלס ראָל אין שאפן דעם מעמאָריאל, אין וועלכן ס'איז ארייַנגעלייגט ניט נאָר זייַן מייַסטערשאפט, נאָר אויך א טייל פון זייַן הארץ. מיט טיפן ווייטיק, — האָט זי פאָרגעזעצט, — האָב איך זיך דערוווּסט, אז עס איז אוועק פונעם לעבן אונדזער גוטער פרייַנט יעוודאָקים ניקאָלייַעוויטש אנאדענקאָוו. ער האָט אונדז געהאָלפן אין אלץ. זייַן הארציקייַט און אָנשטענדיקייַט האָבן מיר טאָמיד געפילט בייס מיר פלעגן זיך טרעפן מיט אים. אנאדענקאָווס צושטייַער אין דער זאך, וועלכע מיר האָבן פארווירקלעכט, וועט קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן...

אָט אזוי איז אין דער שטאָט רודניע, סמאָלענסקער געגנט, אופגעשטעלט געוואָרן א מעמאָריאלער קאָמפלעקס, ווו עס טרעט ארויס, אויסגעפילט אין א טיפן רעליעף, פונעם גראניט-פילאָן, די הייך פון 3,5 מעטער, א קאָפּ פון א יידישער פרוי, א טרויעריקער מוטער. דער סקולפטאָר פונעם מאָנומענט איז דער העלד פון סאָציאליסטישער מי, לאוריעאט פון דער לענין-פרעמיע און פון דער מעלוכע-פרעמיע, מיטגליד-קאָרעספאָנדענט פון דער קונסט-אקאדעמיע פון פססר, פראָפעסאָר ל. יע. קערבעל, דער ארכיטעקטאָר איז וו. נ. דאטיוק, דער פאָעט — נ. רילענקאָוו.

דעם 21 אָקטיאבער 1965, אינעם יאָרטאָג פון דער מאסן-פארניכטונג פון די געטאָ-אסירים, ווען אין קעגנטאנקען-ריוו זייַנען ארייַנגעוואָרפן געוואָרן 1200 מענטשלעכע קערפערס, איז פאָרגעקומען די דערעפענונג פונעם מעמאָריאל.

די רודניער טוישווים האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע אייגענע און לאנדסלייַט.

צו אונדזערע יובילאַרן

# דאָס לעבן און שאַפונג פון די ייִדישע סאָוועטישע שריפטשטעלער-קאָרבאַנעס פונעם סטאַלין-טעראָר

## מוישע ליטוואַקאָוו

(1937 — 1879)



ין דער ייִדישער ליטעראַטור-באַוועגונג, אין דער ייִדישער פּרעסע איז מוישע ליטוואַקאָוו געווען צווישן די אָנגעזעענסטע טוער. נאָך דעם, ווי ער האָט אין 1903 אָפּגעדרוקט זײַנע ערשטע אַרטיקלען אין רוסישן זשורנאַל „וואָזראַזשדעניִע" (אָרגאַן פון דער פּאַרטיי-גרופּע ציִעניסטן-סאָציִאַליסטן), איז ער שוין אין דרײַ יאָר אַרום געווען דער רעדאַקטאָר פון די אויסגאַבעס „דער נײַער וועג", „אונדזער וועג" און „דאָס וואָרט" — אויך פון דער זעלבער פּאָליטישער ריכטונג. פון „וואָזראַזשדעניִע" ביזן מאָסקווער „עמעס" (הויפּט-רעדאַקטאָר פון וועלכן מ. ליטוואַקאָוו איז געווען, אָנהייבנדיק פון 1924 ביזן סאָף פון זײַן לעבן אין 1937) איז אַ גרויסער מעהאַלעך ניט בלויז אין זין פון צײַט, נאָר דעריקער — אין די פּאָליטישע אָנשויונגען.

צו 17 יאָר איז מ. ליטוואַקאָוו געוואָרן אַ מאַסקיל, אין דער צווייטער העלפט פון די 90-ער יאָרן געפּריידיקט האָאָמס נאַציִאָנאַלע



און ציִעניסטישע אידייען, אָבער אײַנגיכן געוואָרן איינער פון די טוער פונעם „פּראָלעטאַרישן ציִעניזם" (פּאָליי-ציִעניזם), זיך איבעראָריִענטירט אויף דער גרופּע ציִעניסטן-סאָציִאַליסטן, בײַס דער ערשטער וועלט-מילכאָמע געווען אַ טוער פונעם „בונד", נאָך דער פעווראַל-רעוואָלוציִע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע אין דער פּאַרטיי „פאַרייניקטע", געווען אַ מיטגליד פון דער אוקראַיִנישער „צענטראַלער ראַדע", אין 1919 זיך אָנגעשלאָסן אין קאָמוניסטישן בונד און, ענדלעך, געוואָרן איינער פון די סאַמע קאָנסעקוועטנטע באַלשעוויקעס...

צו 17 יאָר האָט מוישע ליטוואקאָוו אָפגעגעבן אין קיִעוו עקסטערן פאר 8 קלאסן גימנאזיע, אין די יאָרן 1902 — 1905 געלעבט אין פאריז, שטודירט אין סאָרבאָנע פילאָסאָפיע, געשיכטע און ליטעראטור. די קעסיידערדיקע פארפולקומונג פון דער בילדונג אין די שפעטערדיקע יאָרן האָט אים געגעבן א מעגלעכקײַט צו דערלערנען טיף די רוסישע, ייִדישע און וועלט־ליטעראטור, ווערן א פראָפעסאָר אף ייִדישע אָפטיילונגען פון מאָסקווער הויכשולן. וואָס שײַך פאָלעמיק, האָט אים זײַן ערודיציע און דער הייסער טעמפעראמענט דערהויבן צו אזא הייך, אז אין די געזעלשאפטלעכע און ליטערארישע קרײַזן פון זײַן צײַט האָט ער ניט געהאט קיין גלײַכן צו זיך. איינער פון זײַנע מיטצײַטלער האָט אים געגעבן אזא כאראקטעריסטיק:

מע האָט אים געהאלטן פאר א בייזן, א „בײַסיקן" מענטש. אין גרונט גענומען איז ער געווען א גוטער, פרײַנטלעכער כאווער, אָבער א שטארק פרינציפיעלער מענטש, אויסערגעוויינלעך ארבעטזאם, א לאמדן אין פיל געביטן פון דער ייִדישער און אייראָפעיִשער קולטור מיט אן אילויִשן, שארפן מויעך, א שטרענגער צו זיך אליין און צו אנדערע. אן עמעסן נאכעס־רועך האָט פארשאפט צו זיצן מיט מוישע ליטוואקאָוון און שמועסן איבער ליטעראטור, טעאטער, געשיכטע, פעדאגאָגיק... עמעס, ער האָט געהאט זײַן סטיל צו רעדן מיט מענטשן, און א ביטערער ראכמאָנעס איז געווען אף דעם, מיט וועמען ער האָט געמוזט פאָלעמיזירן.

אין די רעפרעסיע־צײַטן, האגאם ליטוואקאָוו איז געווען דער גרעסטער אווטאָריטעט אין דער ייִדישער ליטעראטור און זײַן מיינונג איז געווען דער „פסאקדין אין דער לעצטער אינסטאנץ", האָט מען פאָרט געפונען צו וואָס זיך צוטשעפען, דערמאָנענדיק אים די יוגנט־זינד.

צו יענער צײַט איז מ. ליטוואקאָוו געווען דער אווטאָר פון הונדערטער ארטיקלען וועגן ליטעראטור־ און טעאטער־פראגן. ער האָט שוין געהאט ארויסגעלאָזט עטלעכע ביכער, אין וועלכע עס זײַנען געווען אײַנגעשלאָסן זײַנע ארטיקלען, אָנגעשריבענע נאָך פאר דער רעוואָליוציע און אין די ערשטע סאָוועטישע יאָרן. ניט אלע זײַנע אָפשאצונגען האָבן אויסגעהאלטן דעם פרווו פון דער צײַט. און דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקײַט אופצוהייבן א גאנצע קריטיק־וואקכאנאליע קעגן אים. מע האָט אים גענומען באשולדיקן, אז ער האָט „יאָרנלאנג געכאָוועט די שאָוויניסטישע נאצדעמאָקראטישע בורזשואזע ליטעראטור", אז ער איז „די פאָן פון די נאציאָנאליסטישע און אָפאָרטוניסטישע עלעמענטן אין דער ייִדישער ליטעראטור" אאוו. די העצע־קאמפאניע קעגן ליטוואקאָוון איז דערגאנגען אזוי ווײַט, אז אין דעקאבער 1931 איז דער סעקרעטאריאט פון דער אלפארבאנדישער שרײַבער־אָרגאניזאציע געצוווּנגען געווען אָנצונעמען א ספעציעלע רעזאָליוציע „וועגן דעם גאנג פון דער דיסקוסיע אין דער ייִדישער ליטעראטור", ספעציעל אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס אין מינסק האָט געדארפט פאָרקומען אן אלפארבאנדישע באראטונג פון די ייִדישע פראָלעטארישע שרײַבער.

אין דער רעזאָליוציע איז, צווישן אנדערס, געגאנגען א רייד וועגן „די נאציאָנאלמענשעוויסטישע קאָנצעפציעס פון כ' ליטוואקאָווס בוך „אין אומרו" (ערשטער באנד), וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן איידער כ' ליטוואקאָוו איז ארײַן אין דער קאָמוניסטישער פארטיי, און אויך וועגן די היפשע אָפאָרטוניסטישע, פאָרמאליסטיש־עסטעטישע און נאציאָנאליסטישע פעלערן, וואָס כ' ליטוואקאָוו האָט דערלאָזט אין די שפעטערדיקע זאמלביכער („אין אומרו", באנד 2, „פינף יאָר ייִדישער מעלוכישער קאמער־טעאטער"), וואָס זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן נאָך דעם, ווי כ' ליטוואקאָוו איז ארײַנגעטראָטן אין דער פארטיי..."

ניין, ליטוואקאָוו איז ניט געווען קיין מילד שעפעלע, וואָס האָט האכנאָעדיק זיך געלאָזט גלעטן איבערן קאָפ אָדער געקאָנט פארשווײַגן, ווען עמעצער האָט אָנגעצילט אף אים די פען. נעמען, לעמאָשל, בלויז קעפלעך פון די ארטיקלען, וועלכע זײַנען אײַנגעשלאָסן אין זײַן זאמלונג „אף צוויי פראָנטן" (דערשינען אין 1931): „דער פלאָנטער פלאָנטערט זיך", „ליטקאָמאנדע און ליטערכילעס", „וועגן מײַסע קוויטקאָ און אנדערע מײַסעס", „א פארשפילטער זעקס און זעכציק", „קעגן „לינקן" טראסק און רעכטע מײַסים", „א קלאפ אין טיש און א לעק דעם שטיוול" אאוו. — דאָס איז אן אָפשפיגלונג פון דעם שארפן געראנגל, וואָס איז געגאנגען אין די צוואנציקער — דרײַסיקער יאָרן אין דער ליטעראטור.

אוואדע קאָן מען, לייענענדיק ליטוואקאָווס ארטיקלען מיט הײַנטיקע אויגן, ניט זײַן מאסקים מיט פיל שטעלונגען צו טעאָרעטישע און פראקטישע פראגן, נאָר אין איינס דארף מען ניט צווייפלען: אין זײַן אופריכטיקײַט און אָריגינעלקײַט, שארפזיניקײַט און

